לעאָ פינקלשטיין

# דאָרטן און דא

ווענן דעם דערציילער

און דראַמאַטיקער

פּ. בימקאָ

לעאָ פֿינקלשטיין

# דאָרטן און דאָ

וועגן דעם דערציילער
און דראַמאַטיקער
פ. בימקאָ

לעאָ פינקלשטיין

# דאָרטן און דאָ

וועגן דעם דערציילער און דראַמאַטיקער

פּ. בימקאָ

טבת, תש״י — יאַנואַר, 1950

הונדערט און פיר און ניינציק זייטן

שער־בלאַט געצייכנט פון משה עלבוים

פאַרלאַג:
גרשון פּאַמעראַנץ
עסיי - ביבליאָטעק
טאָראָנטאָ, קאַנאַדע

## א י נ ה אַ ל ט :

**פ. בימקאָ** איז מיינס אַ בן־עיר. איך האָב מיינע יוגנט־יאָרן פאַרבראַכט מיט אים אין נאָענטער פריינטשאַפט און חברישקייט. מיר האָבן ביינאַנד זיך געקאָכט און ביינאַנד גע־חלומט וועגן גרויסע טעג. דער גורל האָט אָבער געוואָלט, אַז מיר זאָלן לאַנג־לאַנגע יאָרן זיין צעשיידט; ער איז געווען אין אַמעריקע און איך — אין אייראָפּע. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה האָב איך אָפּגעריכט גלות העט־העט אין די צפון־טייגעס פון סאָוויעט־רוסלאַנד. דאָרט האָב איך פאַרלוירן יעדע האָפע־נונג ווען עס איז זיך צונויפטרעפן מיט מיין יוגנט־פריינט. איצט, נאָכדעם ווי די יידן פון אונדזער היימשטאָט זענען דורך די דייטשישע רוצחים פאַרלענדט געוואָרן, ווען מיר זענען גע־בליבן אָן קרובים, איז פאַר מיר אַ זכיה אויפסניי זיך צו טרעפן מיט מיין חבר פון די יינגל־יאָרן. שמועסנדיק מיט אים איצט, לעבט אין אונדזער מחשבה אויף דאָס כישוף־בילד פון אונדזער פאַרשניטענער היים.

**עס** איז פאַר מיר אַ פערזענלעכע געניגטואונג און אַ באַזונדערער גענוס חדשים־צייט צו פאַרברענגען מיט פ. בימ־קאָס אויפגעבלעטערטע שריפטן, וואָס אַ גרויסער טייל פון זיי איז אויפגעקומען אין דער אַלטער היים. אַריינטאָענדיק זיך אין זיי, האָב איך געהאַט די ליבע אילוזיע, אַז איך לעב אין דער אַלטער פאַר־חורבנדיקער סביבה, וואָס איז — צו אונדזער גרויס אומגליק — אָפּגעמעקט אויף שטענדיק.

**דער אויטאָר**

האָבן מיר פֿאַר זיך ס'בילד פֿון אַ יינגעטשקן צאַרטן בחור, וואָס האָט מיט איבער פֿערציק יאָר צוריק געלעבט אַ פֿאַרחלומט לעבן אין אַ טיף־פּוילישער פּראָווינץ־שטאָט. איז עס אַ שטאָט, וואָס איז אפֿשר געשטאַנען אין דער זייט פֿון דער וועלט־רוישיקייט, אָבער דערפֿאַר געהאַט אַן אייגענעם איינגעוואָרצלטן יידיש־פּוילישן לעבנסשטייגער. וואוינט דער בחור אין אַ קרומלעך איינגעהויקערט בלאָטיק געסל ביי טאַטע־מאַמע אין שטוב. דער חסידישער טאַטע מיט האָריקע אויערן, צעפּלאָשעטער באָרד, אָנגעטאָן אין אַן אויסגעקראָכענעם שפּענצער, פּירט אַ נעבעכדיק שפּייז־קרעמל, וואָס איז „איינגעמויערט" אין אַן אַלט פֿאַרטער־הייזל באַדעקט מיט אַ דורכגעפּוילטן שינדל־דאַך „פֿאַרבעט" מיט אַ גליטשיקן גרינעם פּליוש. פֿונעם געוועלבל דאַרף מען ציען פּרנסה פֿאַר דער קיין עין הרע רוישיקער משפּחה. אַוודאי דאַרף דער טאַטע זיין אַריינגעטאָן אין מסחר, איז ער אָבער בטבע אַ „געוואַלדיקער" חקרן און האָט ליבער מיטן ליטווישן מלמד „פֿון טיף ראַסיי" צו פֿירן אין געוועלבל לאַנגע שמועסן וועגן חקירה־ספֿרים, איידער צו ענטפֿערן די „צודרינגלעכע" פּויערישע קונים מיט די פּוילישע קאַרטאָפֿל־נעזלעך: „יעסט" אָדער „ניעמאַ". קומט צו הילף די קליינגעוויקסיקע צאַרטע מאַמע, וואָס קאָן נישט פֿאַרטראָגן דעם טאַטנס אָפּגעלאָזנקייט, און הייבט־אָן זאָר־געוודיק באַדינען די גוישע קונים מיט אַ זעקעלע זאַלץ, קוואַרטל נאַפֿט און אַ פֿונט זייף, „אַבי האַנדעל שעדל"... און אין שטוב זאָל, חלילה, נישט אויס־פֿעלן דער טרוקענער ביסן ברויט.

האָט דער פֿאַרחלומטער בחור נישט קיין גרויס חשק אויסצוהערן די באַרעדעוודיקע חקירה־שמועסן, וואָס ווערן געפֿירט לויט אַ צוויפּאַכן דיאַ־לעקט אַדורכגעוואָרפֿן מיטן קורצן „וואָש" און לאַנגן „וואוע". לאָזט ער זיך פּאַוואָליע שפּאַנען זיין „אייגענעם" וועג איבער די קרומלעכע געס־לעך. און ווי ווייט זיינע אויגן פֿאַרנעמען איז די שטאָט אַרומגערינגלט מיט געדיכטע סאָסנע־וועלדער, איבער וועלכע ס'הענגט נידעריק אַ לוי־טערער בלאָ־בלאָער הימל. „עפּעס" טרייבט דעם טונקלהאָריקן בחור מיט בולט־ברוינע אויגן; „עפּעס" ציט אים... ווי נאָר ער שפּרייזט אַריבער די קראָקעווער ראָגאַטקע דערזעט ער די „אַלייע קאַרטשאָווסקיע", וואָס פֿירן צום וואַלד־באַרג און סודותדיקן וואַלד־קלויסטער. איבער אָט־די אַלייען האָט מיט יאָרן צוריק טאָג־איין טאָג־אויס אַליינִיק געשפּאַנט פֿאַרטראַכט

דער צאַרטער פּוילישער שרייבער סטעפאַן זשעראָמסקי. דאָ האָט אָפּט געוואַנדערט עווא, די העלדין פון זשעראָמסקיס פּאָפּולערן ראָמאַן „די געשיכטע פון אַ זינד".

מיט געדרייטע סטעזשקעס קרייציקט דער בחור אַדורך דעם וואַלד און געפינט זיך באַלד אויף דעם מילכווייסן כענטשינער שאָסיי. איבער אָט־דעם וועג זענען פאַרצייטנס פּוילישע מלכים מיט זייערע סוויטעס געפאָרן פון וואַרשע קיין קראָקע.

עס אַנטפּלעקט זיך אַ קלאָרע פרייע וועלט. די הויכע טאָפּאָליעס און די צעקעמטע געבערגלטע פעלדער פאַרכאַפּן זיין שאַרף אויג און שטעקן אים אָן מיט אַ באַרוישנדיקער פאַרבליפטקייט. די פרייע ברייטקייט נעמט אים אַרום מיט אַ דימענסיע, וואָס איז דער היפוך פון שטעטלדיקן געסל. וועקט דאָס אין אים נייע אימפּולסן, נייע שפּאַנונגען און נייע אויסבליקן.

אין דעם טאַטנס שטוב איז ער שטאַרק אומרואיק; די ענגשאַפט און דאָס שיטערע שטוב־ליכט טרייבט אים כסדר פון דער היים. זיין נייע היים ווערט דער קראָקעווער שאָסיי. יעדן טאָג שפּאַנט ער דאָרט אַ אין זיך אַריינגעטאָענער, אַ פאַרכישופטער און נישט איין מאָל כאַפּט ער איבער דער פּלייצע אַ וויטיקלעכע „בייטש" פון אַ דורכפאָרנדיקן צעבייזערטן פויער, הלמאַי דער „צעטראָגענער" זשידעק הערט נישט דעם פויערס רופן: „נאַ באָק!"...

האָט אָט־די באַרוישטקייט געשטופּט דעם בחור אַ פּען אין האַנט און באַפוילן: שרייב! האָט דער אומדערפאַרענער און וועלט־פרעמדער בחור, וואָס האָט קיינמאָל נישט געהערט וועגן ליטעראַטור און אינגאַנצן נישט געוואוסט מיט וואָס מ'עסט עס, גענומען פון „זיך אַליין" אויפצייכענען אַ סקיצע א. ב. „אַ מייל־וועגס". האָט דער טאַטע, אויף טשעקאַוואַשטש, אַמאָל געכאַפּט אַ זייטיקן בליק דערויף און געצוקט מיט די פּלייצעס: „ס'טייטש, וואָס פּלוידערט ער דאָרט, פישל... דאָס איז גוט פאַר לײדיקגייערס... דאָס קאָן דאָך יעדער איינער „באַשראַבן"; ווען כ'וואָלט נאָר געהאַט צייט, וואָלט איך זיך אַליין אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבן הונדערט אַזעלכע מעשיות... ווייס איך וואָס..." האָט דער בחור מיט פאַרשעמטקייט עס געוויזן זיינע נאָענטע חברים. די חברים ווידער האָבן אין דעם פּאָסמאַקעווען, געפילט, אַז פון דער פאַרגעלייענטער סקיצע שלאָגט אַ רייץ, אָבער זיי האָבן נישט געגלייבט, אַז פישלס ווערטער זאָלן ראוי זיין אָפּגעדרוקט צו ווערן.

ואני הקטן האָב דעמאָלט געהאַט די מעגלעכקייט צו לייענען אין אַ לעמ־

בערגער צייטונג פֿישל בימקאָס ערשטע סקיצע „אַ מייל־וועגס”. און געווען איז עס אין די יאָרן, ווען דער אויטאָר פֿון דער סקיצע האָט אפֿשר נאָכנישט געהאַט אפֿילו געלייענט שלום אַשן, און פֿונדעסטוועגן זיך צוזאַמענגעטראָפֿן מיט אים אויף דעם פּונקט פֿון ליבע צום פּוילישן פּייזאַזש. אין דער סקיצע געשעט גאָרנישט, ס׳איז אין איר נישטאָ קיין שום אַקציע. ס׳איז נאָר אַ לאַנגאָטעמדיק באַוואונדערן דעם פּוילישן לאַנדשאַפֿט. אין געלאַסענע מאָלערישע שורות „אונטערגעבעטע” מיט לירישן אויסזאַגנ מאָלט ער אויס פֿאַרכאַפּנדיקע נאַטור־בילדער. פֿון דער סקיצע שלאָגט אַ חנעוודיקע לויטערקייט, צאַרטע פֿאַרבענקטקייט און דערהויפּט איז צו זען, אַז דער יינגער אויטאָר האָט אַ מאָלעריש אויג. די שורות וויגן פּשוט איין דעם לייענער...

יאָ, די אָפּטע שפּאַצירן איבער די „קאַרטשאָווסקע אַלייע” פֿרישן אַוודאי אויף. אָבער דער סודותדיקער קלויסטער אויפֿן שפּיץ־באַרג שטויסט אָפּ מיט אַ טונקעלער פֿרעמדקייט. בראָש הילט ער זיך אין קילע שאָטנס, וואָס זענען בפֿירוש צעקריגט מיט די וואַרעם־שטעטלדיקע געסלעך. דאָס שטענדיקע פֿאַרברענגען אויסער דער שטאָט אין אַ נישט־היימישער סביבה דעקט אים פּלוצים אויף זיין גייסטיקע איינזייטיקייט; ער דערשפּירט אין זיך אַ זעלישן בלויז. ס׳יידישע אין אים רופֿט זיך אָפּ; עס ציט אים צוריק אין געסל אַריין. דער געדראַנג צום היימישן געסל ווערט ביי אים געשטאַרקט דורך די איינפֿלוסן, וואָס ער באַקומט פֿון אַריינלייענען זיך אין י. ל. פּרצן, שלום אַשן און י. מ. ווייסנבערגן. ביסלעכווייז הייבט פֿאַר אים אָן אויפֿגיין אַ „נייע” וועלט. ס׳ווערט פֿאַר אים קלאָר, אַז דאָס לאַנג געזוכטע און באַנגלעך אויסגעטרוימטע איז נישט פֿאַרשטעקט אין אַ וועיט־וועיטן ערגעץ, נאָר שוועבט ממש נאָענט אַרום אים. מ׳דאַרף נאָר האָבן אַן אויג עס צו דערזען... יאָ, די צעקרומטע שטעטלדיקייט פֿאַרמאָגט אַן אינעווייניקסטע האַרמאָניע; ס׳היימיש יידישלעך לעבן האָט אַ פֿאַרהוילענעם חן און די יידישלעכע צעפֿאָרנקייט האָט אַן אייגענעם זעלישן ריטם. מ׳דאַרף נאָר האָבן שרייבערישן כּוח אַרויסצוציבערן די פֿאַרבאָרגענע דיכטערישע גאָלדשטיקער.

ער פֿאַרעפֿנטלעכט שפּעטער אין דער לאָדזשער יידישער פּרעסע אַ רייע נאָוועלן און סקיצן פֿון יידיש־שטייגערישן כאַראַקטער. אַוודאַי זענען זיי נאָך געשריבן אַ ביסל אומבאַהאָלפֿן. אָבער מ׳זעט באַשיימפּערלעך, אַז בימקאָס טאַלאַנט האַלט זיך אין צייטיקן.

ענדלעך האָט פֿ. בימקאָ אין יאָר 1912 אין לאָדזש אַרויסגעגעבן ס׳ערשטע

ביכל — אַ גרעסערע דערציילונג א. נ. „די עבירה". זענען אין אָט־דער דערציילונג צונויפגעפּלאָכטן צוויי עלעמענטן: דער עפּיש־באַשרייבערישער און פּראָבלעמאַטישער. אַקוראַט ווי עס וואָלטן זיך דאָ איבערגערופן די מאַמעס צאַרטקייט מיט דעם טאַטנס חקירהדיקער גריבלערישקייט. מיט היימישן חן און מאָלערישער לופטיקייט שילדערט בימקאָ ס׳איינגעשטעלטע יידיש לעבן אין שטעטל. אַ לעבן, וואָס טיקט זיך אין טאָג־טעגלעכער גרויקייט, וואָכעדיקער דאגות־דערשלאָגנקייט און גייט אויף אין שבתדיקער לויטערקייט און מנוחהדיקער האַרמאָנישקייט, טאַקע על פּי נוסח שלום אַש. אָבער ער גיט עס איבער מיט אייגענע, בימקאָשע מיטלען. באַזונדער פּלאַסטיש איז ביי אים אַרויסגעקומען אַ זומערדיקער פרייטיק־צו־נאַכט, ווען די טאַטעס מיט די זין זענען שוין אַוועק אין שול צו קבלת־שבת, און אויף דער בריק שמועסט זיך די שטאָט־זקנה באַנגלעך אויס מיט די יינגע אויסגעצוואָגענע ערב־שבתדיקע כלה־מיידלעך. ס׳גאַנצע שטעטל וואַרט אויף דעם פייערלעכן קידוש. לויט אונדזער היינטיקן גוסט איז עס אַ ביסל צו זיסלעך־אידיליש, אָבער צו יענער צייט איז עס געווען אַ פּאָעטישע פאַר־הערלעכונג פונעם יידישלעכן שטייגער, פאַר וועלכן מיר, ראַדיקאַלן, האָבן דעמאָלט נישט געהאַט קיין גוט וואָרט...

די אידייאישע זייט ווידער איז אַרויסגעקומען צו נאַיוו. דער יינגער בימקאָ האָט זיך פאַרמאָסטן אויפן שטח פון אַ 32־זייטיקער דערציילונג צו געבן אַ שטעטלדיקן קיניג עדיפוס־פּראָבלעם. נישט מער ביי אים ווערט עס געלענקט אין אַ פאַרקערטער ריכטונג: נישט דער זון באַצווינגט אומבאַ־וואוסט זיין מוטער, נאָר אַ יידישער טאַטע איז על פּי אַ געפערלעכן טעות געוואָרן דער מאַן פון זיין יונגער טאָכטער... וואָקסט די אויסטערלישע גע־שעעניש אַרויס פון אַ ריין־יידישער סביבה, וואו אַלץ בונטעוועט זיך קעגן אַזעלכע אויפרייסנדיקע פאַלן. איז נישט כדאַי זיך לענגער אָפּצושטעלן אויף דער פּראָבלעמאַטישער זייט פון דער דערציילונג, וואָס איז אויסגעפאַלן נאַיוו און אומבאַהאָלפן. עס איז אָבער יאָ כדאַי אָנצואווייזן אין אָט־דער דערציילונג, אויף בימקאָס לעבעדיקע און געשפּאַנטע דיאַלאָגן. אַ פּנים אין דעם איז שוין פאַראַן אַ פּאָטענציעלער דערויף פון בימקאָס שפּעטערדיקן דראַמאַטישן חוש.



עס טרעט אין פוילן איין אַ נייע פּאָליטישע צייט, ס'ביז איצטיק דורות־לאַנגע יידיש־פּויליש צונויפלעבן הייבט זיך אָן רייסן. ס'ווייסל־לאַנד ווערט אומרואיק, דעם יידן אין פוילן הייבט מען פלוצים אָן אָפּזאָגן שכנותדיקע פריינשאַפט. לכתחילה נוצט מען ווירטשאַפטלעכע מיטלען אַרויסצורייסן ביים פוילישן ייד דעם ביסן ברויט פון מויל, שפּעטער דערגייט עס צו פיזישן טעראָר. ס'שאַפט זיך אַ דראַמאַטישע שפּאַנונג צווישן צוויי פעלקער, וואָס באַוואוינען צוזאַמען די פוילישע ערד מקדמת דנא. ס'פאַלט אַראָפּ דער ראָמאַנטישער שלייער, ס'פאַרשווינדט די „אידיליע", ס'טרעטן אַרויס רויע אינסטינקטן, אימפּולסיווע האַנדלונגען. באַזונדער לאָזט זיך דאָס פילן אין דער פּראָווינץ־שטאָט און אין דאָרף, וואו יידן טרעפן זיך אין זייער טאָג־טעגלעך לעבן אָפטער מיט דער פוילישער באַפעלקערונג, איידער אין די גרויסע שטעט, וואו יידן קומען אויס צווישן זיך אין די קאָמפּאַקטע יידן־קוואַרטאַלן. די לופט איז אָנגעלאָדן מיט קאַמף און בעט זיך ממש אויף דער פען, אָבער דאָס מאָל שוין נישט אויף דער פען פון נחת־רוחדיק שילדע־רישן עפּיקער. זי שפּאַרט זיך צו דער „קאָכיקער" פען, וואָס קאָן אויפנעמען ס'ווידעראַנאַנדיקע, אַרויסברעכנגען לעבנס־קאָנפליקטן און געבן זיי ס'צע־נישע האַנדלונג. אין אָט דער אַטמאָספער איז געבוירן געוואָרן בימקאָס דראַמע „אויפן ברעג ווייסל" (אויפגעפירט געוואָרן אין לאָדזש אין יאָר 1914).

אָבער אינצווישן האָט בימקאָ אויפגעשריבן זיין ערשט רייף פּראָזע־ווערק: „רעקרוטן", וואָס האָט אים געמאַכט אַ נאָמען אין דער יידישער לי־טעראַטור. און כאָטש עס איז דערשינען אין וואַרשע ערשט אין יאָר 1916, ד. ה. צוויי יאָר נאָכדעם ווי עס איז אויפגעפירט געוואָרן „אויפן ברעג ווייסל", האָט ער עס אָבער אויפגעשריבן אין די פריערדיקע יאָרן, אין זיין פאַר־דראַמאַטישן פעריאָד. די „רעקרוטן" זענען לויטן געמיט, אויסבליק און אינעווייניקסטן טעמפּ כאַראַקטעריסטיש פאַר דער צייט פון בימקאָס שיל־דערישער פּראָזע. ס'וועט דעריבער זיין בעסער אָפּשיקן די דערמאָנטע דראַמע צום צווייטן קאַפּיטל און דערווייל וועלן מיר זיך פאַרהאַלטן ביי זיינע „רע־קרוטן".

„רעקרוטן" זענען אין אַ געוויסן זינען בימקאָס אַ סינטעטיש ווערק. ס'האָבן זיך דאָ צונויפגעזאַמלט אַלע עלעמענטן פון זיינע ביז־איצט פאַר־עפנטלעכע סקיצן, נאָוועלן און דערציילונגען. ס'פלעכטן זיך דאָ צונויף אימפּרעסיוועד רעאַליזם, אידילישער ראָמאַנטיזם און אויפגעברויזטער דראַ־

מאַטיזם. און דער צד־השווה שבהם איז די פֿאַלקסטימלעך־קינסטלערישע סטיכיע. דער רעאַליזם־געפֿלעכט איז אָבער דאָ נישט קיין גלייכמאָסיקער און אוודאַי נישט קיין האַרמאָנישער. מ׳קאָן זאָגן, אַז ס׳ראַנגלען זיך דאָ דער צאַרט־לירישער באַנעם מיט דעם אומיטלבאַר־רויען נאַטוראַליזם. נישט איין מאָל וועקסלען זיי זיך אַפּ מאָמענטאַל. טעמאַטיש קומט עפּעס אויס ווי דער אויטאָר (אַליין אַ רעקרוט) נידערט אַראָפּ פֿון דעם אַשיש־באַזינגערישן שטאַפּל, מישט זיך צונויף מיט אַלע „ליאַסאָווניקעס" און האַלט זייער צד אַקעגן די אויסגעכאַליעטע באַלעבאַטישע זינדלעך. ס׳שטעלט זיך באַלד איין אַ להכעיסדיקע ווידערשטאַנד־אַטמאָספֿער.

„באַלד נאָך פּסח, מיטן ערשטן לינדן שטראַלעכל פֿון דער זומערדיקער זון, קומט אויף אין אַלע קליינע שטעטלעך אַ שפּאָגל נייע זאָרג, — דאָס נעמונג. חברה וואוילע־יונגען הייבן גלייך אָן צו מעקן און שטרייכן ס׳צעטל פֿון די ליאַסאָווניקעס, וואָס זיי האָבן אויפֿן קאָפּ און וועלן ברויכן זיך דאָס יאָר צושטעלן. פֿון גמרא־מענטשלעך, גלאַט אויסגעווייקטע יינגעלייטלעך און סתם איידעלע בעלי מלאכות, וואָס זענען דאָס בלויז לנוי, ווייל זיי ווילן לעבן מיגעת כּפּם און קוואָקן אויף לייטישע שידוכים, באַים, מ׳וועט נאָר האָבן דאָס נעמונג איבערגעקומען, האָבן פֿון הינטן. און זיי חברה וואוי־לערס, הפֿקר יונגען, וואָס גייען אַרום אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר אויף כּלל־האָבער, — מאַכן באַצייטנס יד אחת מיט די גוים: קיילער־שקצים, גנבים, מעסער־שטעכער, וועלכע מ׳ברויך האָבן פֿאַר אַ שיינדל אין דער משפּחה צו קאָנען אָפּסטראָשן מיט זיי די אַלע איידעלע פֿאַרשווינדלעך. ראשית — זיי זאָלן זיך לאָזן גוט מעלקן און באַזונדער אָפּהיטן ריכטיק די שטאָט, ס׳זאָל איר, חלילה, קיין עוולה נישט געשען פֿון די שקצים, פֿויער־כאַמעס, וועלכע גיבן זיך אַ לאָז יעשען־צייט אין שטאָט אַריין, מעשה לאָבוז — חרוב מאַכן די וועלט. און דאָס אויך, נישט אַזוי ווייט מאהבת מרדכי, מ׳זאָל נישט טשעפּן אַ יידיש קליטל, וועלכע ליגט זיי נישט אין דער לינקער פּאה, ווי משנאת המן — מ׳ברויך גלאַט אָנרייבן די כאַמעס אַ מאָרדע, זיי זאָלן האָבן צו גע־דענקען אויף זייער גאַנץ לעבן אַרויס: מ׳איז אַ מאָל געשטאַנען צו די זעל־נער..."

לאָמיר זיך שוין ביים אָנהייב באַוואָרענען, אַז מיר וועלן זיך איצט און אויך אין ווייטערדיקן גאַנג פֿון אָט־דער אַרבעט נישט פֿאַרנעמען מיט דער אָפּשאַצונג פֿון דעם מאָדנעם סינטאַקס, וואָס בימקאָ געברויכט ביים אויפֿ־שרייבן אַ זאַץ. דער זאַץ־בוי איז ביי אים לכתחילה אַ פֿעלערהאַפֿטיקער,

לאַנג־איבערגעלאַדענער און אויך די אינטערפּונקציע איז נישט קיין רעגו־לירטע. אַוודאַי איז עס אַן עוולה. אָבער דאָס פֿאַרמינערט נישט דעם פֿאַקט, וואָס פֿון די „רעקרוטן" בליקט אַרויס הויכע טאַלאַנטירטקייט און ס'איז קלאָר, אַז ס'בוך דאַרף פֿאַררעכנט ווערן צו די געציילטע קינסטלערישע פּראָזע־ווערק, וואָס די נאָכקלאַסישע יידישע ליטעראַטור פֿאַרמאָגט.

דער גרונט־טאָן איז אַ היימיש־פֿאָלקסטימלעכער, וואָס איז אַדורכגע־פֿלאָכטן מיט לייכטן הומאָר. ער שפּרייט פֿונאַנדער אַ ברייט שטייגער־לייוונט און לייגט דערביי דעם טראָפּן אויף דער פּלאַסטישקייט. ס'איז צו זען באַשיימ־פּערלעך, אַז בימקאָ דערוווייטערט זיך פֿון אַש'ס שטעטל־אידעאַליזאַציע און נעמט דאָ גיכער איבער דעם ווייסנבערג־זשאַנר, הגם ביים שילדערן מאַסן־סצענעס ווייזט בימקאָ אַרויס אַ געמיטלעכן שמייכל.

פֿ. בימקאָ — ווי מיר האָבן געזען — שטאַמט פֿון אַ מיטעלער באַלע־באַטישער שטוב, דערצויגן אין לייטישע טראַדיציעס, וואָס האָבן פֿאַרוועריט זיך צו חברן מיט די רויע „וואוילע יונגעץ". אָבער לויט זיין פּסיכישן באַנעם איז ער אין די „רעקרוטן" אויסגעמישט מיטן פּראָסטן „נאַראָד" און גייט מיט זיי צוזאַמען אינעם אויפֿברויז אַקעגן די שטאָטישע „פֿאַנעבעריעס". ס'איז אים עפּעס וואוילגעפֿעלן מיטצומאַכן ס'געררעכטע שפּיל, ווי איציק מאַנ־גער וואָלט עס היינט באַצייכנט — „להכעיס דעם רבינו תּם"...

ווי זעט עס אויס אין די „הויכבאַלעבאַטישע" הייזער?

„און באַלד נאָך פּסח, ווי דער לאָמער גוי פֿון מאַגיסטראַט צעטראָגט די גוטע קוויטלעך צו יענע אַלע יונגעלייטלעך, וועלכע ברויכן זיך היי־יאָר שטעלן — אַזוי ווערט לעבעדיק אין יענע הייזער פֿון די ווייכע אויסגעמור־טשעטע מענטשלעך. קומט־אָן די זאָרג, באַזעצט זיך ברייט, בעלי הבתיש און מאַכט שווער, ביטער ס'לעבן. ביי די טאַטעס קומען אַרויס פרישע קנייטשעלעך אויף די שטערנס און ווי ביי אַ נסיעה געדענקט מען אינאיינ־וועגס זיך אַריינצוכאַפּן צום רבין. מאַמעס קרעכצן, רעדן אַנגעווייטיקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן אַזוי איינגן ווי ראש חודש אלול, ווען מ'גייט אַקעגן דעם גרויסן יום הדין און וואו צווישן צוויי ווערטער זוכט מען אויס אַ זכות פֿון אונטער דער ערד אַפֿער: זייערע קינדער זאָלן אויסגעלייזט ווערן פֿון גוימס הענט..."

ווי זעט אויס אין אונטערשטן שטאָק? — אונטן גלאָצט מען נישט מיט די אויגן, מען זיפֿצט נישט פֿרום און מ'פֿאָרט נישט צום רבין. פֿאַרקערט מ'איז אויפֿגערוימט, ס'גייען דאָך עפּעס „פֿריילעכע" טעג, ווען די גבירישע

זינדלעך זענען אונטערגעוואָרפֿן דעם זעלביקן „ליאָס", וואָס די „עמך"־פֿאַר־שוינען. און פֿאַר דעם, גוטער ברודער, מוזן די גבירים צאָלן. און אויף דעם חשבון מאַכט מען אַ כּוסה און מ׳לעבט אַ גוטן טאָג:

„און מ׳גייט גלייך אינאיינעם אַוועק מיט די שקצים הולטאַיעז, זיך דער־פֿרייען, אונטערלענען קודם־כּל ס׳האַרץ ביי עפּעס אַ טייער מיידל מיט אַ פֿאַרריסן נעזל און נישט פֿאַרגעסן, חלילה, צו דערמאָנען זיין ליבן נאָמען, וואָס האָט אַריינגעגעבן שכל צו די גרויסע לייט אין די קעפּ זיי זאָלן מאַכן אַלע יאָר אַ נעמונג, וואָס זאָל אָפּפֿרישן ס׳פֿאַרשלאָפֿענע בלוט, דערוויקן די פֿאַרטרוקנטע אָדערן, צעטרייבן די שטעטלדיקע פֿוילקייט, וואָס אין די ביינער, ווערן פריי, הפֿקר, צעלאָזן ווי די ביימער יעשען־צייט אין פֿעלד, ווען די ווינטן מערן זיך און צעוויגן זיי ברייט מיט די צוויגן, זיי זאָלן זיך הויך לאָזן הערן".

מען שאַנטאַזשירט אַ ביסל דעם איבערגעשראָקענעם גבירישן „עולם". נישטאָ איצט וואָס צו שעמען זיך און פֿאַרוואָס מורא צו האָבן. ס׳איז דאָך עפּעס ליאָסעוואַניע־טעג:

„פֿאַרנאַכט מנחה־מעריב־צייט איז בערעלע געקומען אין בית־המדרש אַריין; נישט, חלילה, מתעורר זיין, נעמען אַ יידיש וואָרט אין מויל אַריין, נאָר דאָ איז ס׳מקום, וואו מ׳קען כאַפּן אַ לייכטן גראָשן. זיך זעען מיט די קיילעכדיקע, בייכלדיקע יידן, כאַפּן אַ שמועס מכוח די שלאַמויזן זייערע, וואָס וועלן נישט זיין קיין שום מורה־מורנו און מיט זיי אינאיינעם גלייך מוזן שטיין. און ער האָט זיך צוגעקלעפּט צו לייזער מאַכעלס, אַ ייד אַ גביר, וואָס האָט אַ חוץ אַ טוץ הייזער, מילן, אויך געהאַט, וואָס ס׳איז אַ זעלטנקייט, — אַ גוט האַרץ. און דער עיקר — אַ זונדעלע טאַנצן דאָס יאָר אויף דער חתונה".

ביז אַהער איז אַלץ אַ רייד פֿון אַ אינעווייניק־יידישן רעקרוטישן „קלאַסן־קאַמף". אָבער נישט בלויז יידן ווערן גערופֿן צום מיליטער. פֿון די דערפֿער פֿאָרן זיך אויך צונויף אין שטעטל מחנות פּויערישע רעקרוטן מיט צעפּלאַמטע געבליטן און ווי פֿון זיך אַליין שאַפֿט זיך אַ יידיש־גוישער „ויתרוצצו". בימקאָ באַנעמט מאָלעריש ס׳אַלגעמיינע שטעטל־בילד בעת די אויפֿגעפּיבערטע רעקרוטן־טעג:

„אינדערפֿרי האָט זיך ס׳שטעטל איבערגעוואויגן. איבער אַלע געסלעך, ווי גרוי און אַלט זיי זענען, שטייען געדוכט אָפּגעזעצט די פּויערשע וועגע־לעך. ס׳איז פֿול געפּאַקט מיט זיי דער מאַרק, די איינפֿאָר־הייזער; און די

פֿערד, פֿון אַ גוטער מינוט אויפֿגעשפּאַנטע, טראָגן זעקלעך „אַבראַק" אויף די העלדזער אַ שטייגער ווי קליינע קינדער גאַוווער־שאַרצעלעך, וואָס זענען ביי זיי אָנגעטאָן איבער די אויערן אַריבער. יענע זענען דאָרט שטאַרק פֿאַר־טאָן אינעווייניק מיט די קעפּ, פֿאָרן, עוסקן זיך און אַ געדיכטע פֿאַרע זעצט פֿון זייערע מיילער. די אָרעמע שקאַפּעס טראָגן אויך זעקלעך, אָבער וויזט אויס — ליידיקע. שטייען זיי אַזוי גלאַט מיט דער לונג־און־לעבער אָנגע־האָנגען פֿון פּאָרנט, ביים נאָז, און כאַפּן אַ ציטער מיט די זשעבערעס פֿון דער פֿרימאָרגנדיקער קעלט. און, זיך נישט צו פֿאַרשעמען פֿאַר די לייטישע שכנים, די שקאַפּסקע פֿערד, וואָס שטייען און בריקן זיך, רייסן שטיקער ערד מיט די פּאַדקאָוועס פֿון גרויס אומגעדולד און חוצפּה, רוקט מען אויך אַמאָל אַריין דעם פּיסק אין וואָגן היי און „מ'זלאָבעט" דאָרט מכלומרשט אויף אַ רעכטן אמת, אַז די שכנים זאָלן מיינען „גאָט דער לעבעדיקער ווייסט, וואָס פֿאַר אַ צימעס מ'האָט פֿאַר זייערטוועגן אָנגעגרייט".

בעצם איז דער א. ג. סיווזשעט פֿון „רעקרוטן" נישט געבויט אויף קיין אויסדריקלעכן סיפּור המעשה, נאָר דערהויפּט — אויף סיפּור הסביבה. ער ציט דאָ נישט קיין דינעם פֿאָדים פֿון אינטימע איבערלעבענישן ביי יחידים, נאָר שילדערט מאָלעריש די אַלגעמיינע שטעטל־אַטמאָספֿער אין יעשען־צייט, ווען „מ'שטייט צום ליאָס". ער פֿירט אונדז נישט אַריין אין קיין אויסגעוואָרעמטע צימערן באַהאָנגענע מיט וואַנט־באַצירונגען. און דערציילט אונדז נישט וועגן יחידישע זאָרגן, נאָר פֿירט אונדז אַרויס אין געסל, מאַרק, שענק און צוביסלעך אויך אין בית המדרש. דער־ביי איז ער ווי אַ דערציילער פֿאַרוועבט מיט דעם באַשריבענעם קאָלירנ־רייך פֿיגורן־געזעמל, ווייל בימקאָ איז נישט בלויז באַאָבאַכטער נאָר אויך אָנטיילנעמער אין די מאַרק־ און שענק־ספּעקטאַקלען. אָבער אָפּט האַלט ער פֿונדעסטוועגן איין אַ באַשטימטן שרייבערישן דיסטאַנס.

דאָס גאַנצע בוך איז פּאַבולאַריש איין גרויסער ספּעקטאַקל פֿון גע־זאַמטע סצענעס, וואָס זענען אין תוך קאָמפּאַקט אָבער געזען לייכט און גוט־מוטיק מיט אַן אויג פֿון אַ סענסיטיוון קינסטלער. ער שאָקלט זיך אָפּ פֿון דער ביזאַיצטיקער לאָקריצדיקער צוגעזיסטקייט און פֿירט אַרויס אַ גאַלעריי רויע געשטאַלטן, מגושמדיקע פֿאַרשוינען מיט זייער פּראָסטלעך זאַפֿטיק לשון אין מויל. חברה „פּאַראַדירט" מיט איר גראָבלעכער תאווהדיקייט, וואוילינגערישער גבורה און שקאַציש המצאהדיקייט. ס'קומט עפּעס אויס ווי דער אויטאָר נעמט פֿאַר ליב אַלע קונדסישע שטיק און הנדלט זיך צו־

ביסלעך מיט זייערע רעקרוטישער הפֿקרות. אפֿילו בעת ער שילדערט געגוג פּלאַסטיש די מאַסן־געשלעגן, ווען עס גיסט זיך בלוט, וויל ער עפּעס נישט „אָננעמען" קיין ערנסטע מינע אָדער גלאַט מאַכן אַ „זויער פּנים" צום בייזן שפּיל. ער פֿאַרקניפּט גאָר דערביי אַ פּרימיטיווע גראָטעסק־סצענע, וואָס פֿירט אָפּ די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דעם גרויל־בילד און לענקט זי גאָר אין אַ זייטיק ווינקל. אָט־דער אומשטאַנד אנשטאט צו וועקן צאָרן באַקומט גאָר אַרויס אַ ברייטן שמייכל.

מאַכט זיך אַ מעשה, אַז אַן אַלטער בלינדער ייד גייט צום „פּאָוויאַט" געוואָר ווערן וואָס הערט זיך מיט זיין אייניקל, וואָס שטייט היי־יאָר צום „ליאָס". אַ יונגער שגץ האָט אים אַרויסגעריסן דעם שטעקן פֿון האַנט און מיט אים דערלאַנגט דעם ייד אַ פֿעסטן שמיר איבער די ביינער. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשריי און חברה האָט באַלד גענומען נקמה:

„חברה האָט נישט מער באַדאַרפֿט. ס'געשריי האָט זיי פֿאַרפֿרישעט די אויגן און געקלונגען אין די אויערן ווי די גלאָקן צו אַ שׂרפֿה. זיי האָבן געקענט זיין געגליכן צו אַן אויסגעהונגערטע מחנה וועלף, וואָס לויפֿט אַרום מיט כעס אין די קאַלטע געפֿרוירענע וועלדער און דערזעט מיט אַמאָל, אַרויסקומענדיק אויפֿן פֿעלד, אַ סטאַדע אויסגערוטע אָקסן. זיי זענען געשטאַנען, די יונגען, זיך נישט גערירט, כאָטש מ'האָט שוין יידן צו דער צייט גוט געשלאָגן מכת רצח. געשטאַנען אינאיינעם צוזאַמענגערוקט און ווי פֿאַרנאַרט און נישט געוואוסט אפֿשר צי זיי שטייען, גייען אָדער פֿליען גאָר. דער בייזער ווירבל־ווינט, וואָס אויפֿן עק מאַרק דאָרטן, האָט זיי געהאַט פֿאַרכאַפּט: איין בערעלע, וועלכן די האָר האָבן זיך אויפֿגעשטעלט ווי אויפֿן רוקן פֿון אַ ווילדן הונט, האָט זיך שווייגנדיק אַ וואָרף געטאָן צווישן די שקצים, נישט וויסנדיק אַפֿילו, אויב ער איז איינער אַליין און צי ס'איז נאָך עמיצער מיט אים. אָנגעבויגן דעם קאָפּ און מיט צוזאַמענגעפּרעסטע ליפּן זיך אַריינגעשניטן צווישן אַלע און באַלד דאָרט געלעגן אין דעם גאַנצן קנויל. פֿאַרפֿאַלן געוואָרן ערגיץ ווי אין דער טיפֿעניש פֿון אַ וואַסער, וואו ער האָט אָנגעטאַפּט דעם ריכטיקן שגץ, וואָס האָט מכבד געווען דעם אַלטן ייד, און גלייך קאַפּויער געקומען פֿון אויבן. אים אָנגעמאָסטן מיט דער האַנט איבערן גאַנצן פּנים, אַז דאָס טריפֿענע בלוט האָט זיך גענומען גיסן ווי ביי אַ געקוילעטן חזיר".

נאָך אַ מערדערלעך־בלוטיק געשלעג צווישן יידישע ליאָסאָווניקעס מיטן „גוישן געהינטעכץ", פֿון וועלכן דער יידישער צד איז אַרויס אַ צעבויקער־

טער אָבער דאָך אַ זיגערישער, מיידט דער אויטאָר אויף־צו־פּלייס אויס יעדן ווייטיקלעכן געקרעכץ. ער לאָזט נישט דער צעבלוטיקטער חברה אַריינ־פּאַלן אין אומעט און אנשטאט צו זיפּצן איבער די שווערע קרבנות, וואָס דער יידישער נצחון האָט אָפּגעקאָסט, קערעוועט ער גאָר דער חברהס בליקן אויף אַ זייטיקן גראָטעסק־מאָמענט פֿון „שלאַכט":

„ — די גאַנצע גבורה זייערע ליגט דאָך נאָר אין די שטעקעלעך — וואַקסט אויס דער קליינער ברוכל, וועלכער איז ערגעץ־וואו געלעגן באַ־האַלטן אין אַ לאָך, געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן און ערשט אַרויסגעקראָכן מיט אַזאַ מינע, ווי ער וואָלט באַוויזן סאַראַ גבירות, און פֿון איין קלאַפּ זיינעם האָבן זיך אַוודאַי צען שטיק איבערגעדרייט. — נעמט מען ביי זיי אַוועק די שטעקעלעך, איז אַזוי גוט ווי מ׳וואָלט ביי זיי צוגענומען די הענט..."

אָט־די זייטיקע אָפּוועגד־סצענע ברענגט אַריין אַנטשפּאַנונג אין דער אָנגעצויגענער שטימונג.

די א. ג. מאָלערישע פֿאַקטור פֿון מאַסן־געשלעג צווישן יידישע און גוישע רעקרוטן ברענגט בימקאָ אַרויס מיט פּלאַסטישע מיטלען. אַ פּיין באַאָכבאַכטעריש אויג, וואָס אָפּערירט געלייפּיק מיט ליכט און שאָטן. בעתן געשלעג קומט עפּעס פֿון אָנהייב אויס ווי מ׳וואָלט דאָ געהאַט צו טאָן מיט אַן ענג צונויפֿגעקוועטשן קנויל צעיושעטע פֿאַרשוינען מיט אָפּגעשיילטע פּנימער. בימקאָ באַמיט זיך אָבער באַלד מיט אַ קאָנטראַסטירטן פֿאַרבן־שפּיל אַריינצוברענגען אין קנויל מאָלערישע פּערספּעקטיוו, וואָס באַלייכט דעם אינעווייניקסטן „זינען" פֿון דעם בלוטיקן געשלעג. פֿון איין זייט שטרייכט ער שאָטנהאַפּטיק אונטער די רויע ליידנשאַפֿטן פֿון די דאָרף־שקצים, וואָס שלאָגן זיך לויט אַ בלינדן כוח מיט אומגעלופּערטע זשעסטן. פֿון דער אַנ־דערער זייט אַקצענטירט ער העלער די בראַוואור פֿון די שטאָטישע יידישע וואוילע יונגען, וואָס וואַרפֿן זיך אין געשלעג מיט אַ געוויסער וואוילויונגע־רישער גראַציע, כדי צו פֿירן אַ „גערעכטן" קאַמף קעגן די „כאַמעס", וואָס האָבן זיך דערוועגט צו באַפּאַלן אַלטע אומבאַהאָלפּענע יידן. „וואָס, אַן אַלטן ייד וועסטו שלאָגן?... — געטראָטן מיט די פּיס, געוואָרגן מיט די הענט און געקאָכט, אַז דעם שייגעץ זענען געקראָכן די אויגן פֿון קאָפּ".

צו אַ גאָר דינאַמישן הויכפּונקט דערפֿירט ער די אויסלאָדונג פֿון די אויפֿגעקאָכטע געבליטן ביי די יידישע שלעגער, וואָס אָריענטירן זיך בלי־

ציק אין דער סטראַטעגיע, באַנוצנדיק זיך דערביי מיט שטאָטישע טעכ־נישע מיטלען: שטאָלן און אייזערנע הענטשקעס. די שקצים דאַקעגן פאַר־טיידיקן זיך מיט סענקאַטע שטעקנס.

„...זיך אַ לאָז געטאָן מיט די קיילער־שקצים אינאיינעם און גענומען אַרבעטן מיט די הענט און זיי אַריינהאַקן מיט וואָס מ׳האָט נאָר געקענט. קצבים־יונגען האָבן געצויגן שטאָלן פון די כאָלעוועס און געשניטן ווי אין קרויט. אייזערנע הענטשקעס האָבן געשיילט פנימער, געלעכערט קעפּ. דער גאַנצער מאַרק איז צוזאַמענגעפאַלן אינאיינעם, אויף אַ קופּע. שטעקנס זע־נען געפלויגן, זיך געדרייט אין לופטן ווי די לערע זאַנגען ביים דרעשן און קיינער האָט נאָך אַלץ נאָכנישט נאָכגעלאָזט. מ׳האָט זיך געהאַלטן עקשנות־דיק אַרומגענומען, אויפן קוק — ברודערלעך און זיך גאָר געביסן מיט די ציין, געריסן די קורטקעס אויף שטיקער. אַ רגע נאָך האָט זיך אַ שייגעץ געקאָנט האַלטן בלויז אָפּצואווערן, פאַרשטייט זיך, מ׳זאָל אים נישט שפּאַלטן דעם גוישן קאָפּ און באלד פאַרלוירן געוואָרן אונטער אַ יונג, ביי וועלכן די אויגן זענען געווען אָנגעשוואָלן מיט בלוט, און געריטשעט ווי אַן אָקס: — אַלטע יידן וועט איר שלאָגן?... וואָס איז דאָס פאַר אַ כאָלעריע מיט אייך?...”

מיט נישט קיין קלענערער מאַלערישער פּרעציזקייט צייכנט בימקאָ דעם סוף פון געשלעג, טאַקע ווי די זון וואָלט ביסלעכוויז אונטערגעגאַנגען אויפן „שלאַכט־פעלד”. שטופנוויז לעשן זיך די ליידנשאַפטן און ס׳הייבן אָן אויסגיין די כוחות:

„...און זיך געשטאַרקט איבער זיך; און נאָכאַמאָל זיך פאַרנומען ביז די שקצים זענען טאַקע אָפּגעשטאַנען, געוואָרן מיד און נאָכמער — צעמישט. געפאַלן און לעת עתה נאָך אויפגעשטאַנען, זיך געפּראווט גלייכשטעלן און באַלד צוריק געפאַלן — ווער אויף אַ וואַנט, ווער אויף דער ערד, ווער אין אַ פענצטער און ווער צווישן די אייגענע פערד־און־וועגן. זיך אַוועקגעשטעלט פאַר אַ ווילע ווי נישט אויף זייערע פיס און עפּעס געשאָקלט מיטן קאָפּ ווי אַ הונט, וואָס טרייסלט מיט די לאָדן פון די אויערן, נאָכדעם ווי ער טאָרעט זיך אויס אין זאַמד: „ס׳איז נישט פאַר אים”. און שוין געקוקט צו אַנט־לויפן...”

אויבנאויפיק קען זיך אפשר אויסדוכטן, אַז „רעקרוטן” זענען אַ טע־מאַטישע פאַראַפראַזע פון ווייסנבערגס און אַש׳ס „שטעטל”. אָבער אָט־דער איינדרוק איז טאַקע נישט מער ווי אַן אויבנאויפיקער. מ׳זעט באָוון באַשיימ־פערלעך, אַז בימקאָ טרעפט זיך צונויף מיט זיינע „העלדן” פנים אל פנים.

שעפּט אַלץ פֿון אייגענער אָבסערוואַציע, בויט אַלץ לויט אייגענע זעאונגען, קריסטאַליזירט אויס סיטואַציעס מיט אייגענע בילדערישע מעטאַפֿאָרן און דערציילט אַלץ מיט אַן אייגענער זאַפֿטיקער שוואַרצערדיקער פּויליש־אידיאָ־מאַטישער שפּראַך. בימקאָס שפּראַך איז אַ געזונטע, קערנדיקע, זי קוואַלט אַרויס פֿון דער פֿאָלקסטיפֿעניש, זי האָט אָבער אַ חסרון פֿון סטיליסטישער אומבאַהערשטקייט. געוויינלעך ווערט קיין שום שפּיז אַזוי הייס נישט געגעסן ווי הייס זי ווערט געקאָכט. ביי בימקאָ איז עס אַ ביסל אַנדערש; ער איז אַזוי פֿאַרכליניעט מיט דער „רעקרוטן”־טעמע, אַז ער קאָכט הייס און עסט הייס, ער שרייבט לויטן לעבעדיקן רעדנסאַרט, דיאַלעקט־מעסיק, ממילא איז ער שפּראַכלעך נישט איבערקלייבעריש, ער איז נישט אָפּגעהיט מיט קיין וואָרט.

בימקאָס היתוך־הכתב איז פֿון אַ גאָר באַזונדערן מין. ער שרייבט אימפּולסיוו און מ'שפּירט באַלד אַרויס, אַז די באַשריבענע סצענעס זענען ביי איב נישט קיין „אויסגעקוועטשטע”; זיי זענען גיכער אַ שטראָם, וואָס איז פּלוצים לויזגעריסן געוואָרן פֿון קוואַל. די דראַמאַטישע שפּאַנונג פֿון די געשעענישן איז ביי אים גלייכפּאַליסיק מיטן דינאַמישן „געלייף” פֿון דעם שפּראַך־ריטם, הגם די שפּראַך קומט — צוליב איר אוממיטלבאַרקייט — דאָ און דאָרט אַרויס אַ ביסל פֿאַרזאַמדיקט, נישט גענוג געלייטערט.

טעמאַטיש זענען „רעקרוטן” אַ קינסטלערישער פֿאַרמעסט אַרויסצו־ברענגען אויף דער אויבערפֿלאַך דאָס וואָס די געזעלשאַפֿט האָט במשך פֿון דורות „אָוועקגעוואָרפֿן” אָדער „אַראָפּגעזונקען”. אַ רייע באַדייטנדיקע ידישע שרייבער האָבן אידעאַליזירט די „שיינע” יידן, צוגעגעבן גלאַנץ זייערע שטריימלעך און אַרויסגעהויבן זייער „שבתדיקייט”. בימקאָ געהערט צו דער שול אין דער ליטעראַטור, וואָס באַשטרעבט אַרויסצוהייבן דעם אונ־טערשטן שיכט. גראָד די פֿאַרשוינענע פֿון די הינטערגעסלעך, שלעגערס־ריי־זיקאַנטן, ביי וועלכע דער הויפּט־אַרגומענט איז די פּויסט און פֿאַרמאָגן דאָך אַן איינגעבוירן געפֿיל פֿאַר ווערדע און גערעכטיקייט. און טוען טוט ער דאָס נישט אויס שרייבערישן צופֿאַל אָדער מחמת קינסטלערישן קאַפּריז. גיכער קומט אין „רעקרוטן” צום אויסדרוק דער סאָציאַלער פּראָטעסט, וואָס האָט זיך במשך פֿון דורות אָנגעזאַמלט אינעם „איינגעווייד” פֿון המון־עם. ער פֿאַרמאָגט אָבער דערביי גענוג קינסטלערישן גלייכגעוויכט ווידער נישט

אַריינצופֿאַלן אין אַ צווייטן עקסטרעם — אידעאַליזירן די „דערנידעריקטע און באַליידיקטע". ווען ער פֿירט אַרויס זיינע רויע געשטאַלטן, מגושמדיקע יונגען, טוט ער זיי נישט אָן קיין הייבעלעך אויף די קעפּ, פֿריזירט זיי נישט, באַצירט זיי נישט, סובלימירט נישט זייערעליידנשאַפֿטן און גע־דראַנגען. אדרבא, ער פֿירט זיי דווקא אַרויס אין זייער נאַקעטער וואָרהאַפֿ־טיקייט, אַזוי ווי די מאַמע האָט זיי געהאַט.

אין זיינע אויגן זענען די „שיינע" יידן, די באַשטריימלטע מחותנים, אויסגענאָגטע מערידן־יידן, וואָס זענען אויסגעטון פֿון דעם פּולבלוטיקן לעבן. זיי לעבן אין אַ ספֿרים־באַשטויבטער בלוטאָרעמער וועלט. אָט־די „שבתדיקע" יידן האָבן ס׳קאָכיקע „לעבעדיקע" לעבן פֿאַרמשכּנט ביי די דריבנע אותיותלעך. זייער לעבנס־ריטם איז דעריבער אָן אַנעמישער, איינגעדאַרטער און איינגעקוועטשטער. גראָד פֿון דעם וואויל־יונגערישן עלעמענט, וואָס גייט מעגלעך נישט מיטן „רעכטפֿאַרטיקן" וועג, דאַרף פֿאַרן יידישן לעבנס־שטייגער קומען אַ פֿרישער צופֿלוס פֿון געזונט פֿאַלקסבלוט. דער רויטפּנימדיקער בערעלע שייגעץ מיט זיין באַגער זיך אויסצושוימען איז דער, וואָס איז אין דער צוקונפֿט באַרופֿן געזעלשאַפֿטלעך צו פֿאַרבייטן די אויסגעווייקטע באַלעבאַטישע זינדלעך, פֿאַר וועלכע די פּראָסטע יונגען דאַרפֿן איצט זיין די כּפּרה־הינדלעך ביים „פּריזיוו". אָבער בימקאָ ברענגט אַרויס אָט־דעם פּראָטעסט אָן ציינקריצעניש, געמיטלעך מיט מילדן הומאָר.

ביים שילדערן די הפֿקרדיקייט פֿון די וואוילע יונגען קומט פֿונדעסט־וועגן אַרויס דאָס פֿאַרבאָרגענע שיינע, וואָס איז אין זיי פֿאַראַן. גראָד אין סאַמע גרויען און רויען פּינקלט עפּעס. דאָס געשעט אפֿשר קעגן אויטאָרס ווילן, נאָר פּשוט די עכטקייט פֿונעם באַשריבענעם הייבט אַרויס ס׳טיף־מענטשלעכע, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די, וואָס שטייען אויף דער פּעריפֿעריע פֿון יידישן ציבור. אַמאָל האָבן די „וואויל־דערצויגענע" דייטשן געהאַט תּרעומות צום גרויסן קינסטלער־מאָלער מאַקס ליבערמאַנען, הלמאַי ער שענקט זיין געבענטשן פּענזעל די „נידעריקע" שיכטן, די פֿינצטערע קעלערס, דעם „פּעבל". און ציט גראָד פֿון אונטערגרונט אַרויס פּערל. ס׳איז אַפֿילו דערגאַנגען דערצו, אַז דער בייערישער לאַנדטאַג האָט מיט פֿאַר־דרוס עפֿנטלעך ליבערמאַנען באַצייכנט ווי דעם... „בלאָטע־מאָלער". מיר

וועלן, פֿאַרשטייט זיך צו בימקאַ נישט האָבן קיין טענות, הלמאַי ער פֿישט אַרויס פֿון „המון" פּערל. דער קינסטלערישער אינסטינקט פֿירט אים מסתּמא אויפֿן ריכטיקן וועג.

זאָל נאָר לסוף דערמאָנט ווערן, אַז „רעקרוטן" זענען געשריבן געוואָרן אַן ערך מיט פֿינף־און־דרייסיק יאָר צוריק, ווען בימקאַ איז נאָך געווען זייער יונג. און ווען מ׳נעמט אין אַכט דעם גרויסן חורבן, וואָס האָט אינגאַנצן אָפּ־געמעקט ס׳יידיש שטעטל אין פּוילן, מוז אומבאַדינגט וואַקסן ס׳חשיבות פֿון „רעקרוטן". היינט־צו־טאָג זענען זיי אַ פֿיינער דענקמאָל דער אַמאָליקער רוישיקער יידיש פּוילישער וועלט, וואָס איז אומדערבאַרעמדיק פֿאַרשניטן געוואָרן. דער קינפֿטיקער ייִדישער היסטאָריאָגראַף וועט אָט־דעם דענקמאָל באַין־אופֿן נישט קאָנען אויסמיידן.



ווען די פּוילישע ערד
הייבט זיך אָן וואַקלען
אונטער די פיס

די ערשטע דראַמע איז ביי בימקאָ אַרויסגעוואַקסן פֿון רעאַלע צייט־אומשטענדן, פֿון דעם פּאָליטישן איבערברוך, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין אַלגעמיינעם לעבן אין פּוילן און ממילא אויך אין יידישן לעבן. פּוילן האָט דעמאָלט געהערט צום צאַרישן רוסלאַנד; אין אַ דעצידירנדיקן פּאָליטישן מאָמענט האָבן יידן באַשלאָסן האַנדלען זעלבסטשטענדיק, לויטן אייגענעם איינזען, און געשטימט פֿאַר אַ פּוילישן סאָציאַליסטישן קאַנדידאַט אין אַלרוסלענדישן פּאַרלאַמענט. דאָס האָט שטאַרק אויפֿגעבראַכט די פּוילישע שררות, וועלכע זענען ביז דעמאָלט געווען איינגעוואוינט, אַז יידן זאָלן האַנדלען קריכעריש, נאָכגיביק דעם פּריצישן ווילן. זיי האָבן תמיד געהאַט פֿאַר די אויגן אַ הכנעהדיקן פּאַכטשאַזש אָדער אַן איינגעבויגענעם אַרענדאַר, וואָס האָבן געזונגען „מה־יפית״ און זיך געלאָזט שמייסן. און דאָ זענען די יידן פּלוצים אויסגעוואַקסן אין אַ געזעלשאַפֿטלעכן כּוח און באַאיינפֿלוסן גאָר די פּאָליטישע לאַגע אין לאַנד. דאָס האָט גורם געווען, אַז די פּוילישע געזעלשאַפֿטלעכע שיכטן, וואָס זענען געשטאַנען אונטער דעם איינפֿלוס פֿון דער רעאַקציאָנערער פּאָליטישער פּאַרטיי „נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטיע״, זאָלן לגבי יידן דערקלערן אַווירטשאַפֿטלעכן באָיקאָט. מ׳האָט „פֿאַרגעסן״, אַז יידן באַוואוינען שוין די פּוילישע ערד טויזנט יאָר, אַז פּוילן איז ווירטשאַפֿטלעך און קולטורעל געבויט געוואָרן אַ דאַנק דער יידישער לאַנגדורותדיקער מיטהילף. מ׳האָט באַשלאָסן יידן „אָנלערנען״, אַדורכפֿירן דעם באָיקאָט בכל חומר הדין באַגלייט מיט די ווילדעסטע אכזריותן. ס׳איז צו פֿאַרשטיין, אַז די ברייטערע פּוילישע פֿאָלקס־שיכטן זענען אפֿשר נישט געווען פֿאַראינטערעסירט אינעם באָיקאָט, אָבער זיי זענען דערצו געטריבן געוואָרן דורך די רעאַקציאָנערע טיילן פֿון דער פּוילישער געזעלשאַפֿט.

די געשעפֿענע לאַגע אין פּוילן קאָן אַוודאי זיין אַ טעמע, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט טראַגישער דראַמאַטישקייט און איז עלול צו רייצן די פֿאַנטאַזיע פֿון אַ יונגן שרייבער, וואָס איז אויפֿגעהאָדעוועט געוואָרן אין פּוילן. פּ. בימקאָ האָט אָט־דעם נסיון נישט געקאָנט ביישטיין און איז אַזויאַרום געוואָרן אויטאָר פֿון זיין ערשטער דראַמע א. נ. „אויפֿן ברעג ווייסל״. ער אַליין באַצייכנט זי ווי אַ „צייט־דראַמע״. די דראַמע איז געבויט אַלטמאָדיש מיט אַ

פראָלאָג און אַן עפּילאָג און איז אין דער פאַקטור אַביסל איבערגעלאָדן. ס'איז פונדעסטוועגן צו שטוינען ווי דער יינגער בימקאָ וויזט ערטערווייז אַרויס אַ געניטן רייפן חוש פאַר דראַמאַטישער אַקציע און דראַמאַטישער שפּאַנונג.

דער טעמאַטישער סקעלעט פון דער דראַמע איז אין ערך אַזעלכער:

שוין דורות־לאַנג לעבט אַ ייִדישע משפחה אין אַ פּויליש דאָרף, אויף אַן אייגענעם הויף. דער בלינדער גוטבאַזיצער ר׳ גבריאל איז שוין אַלט הונדערט יאָר. דעם זקנס זיידע האָט נאָך געבאַלעבאַטעוועט אויפן זעלביקן הויף. איצט פירן ס'באַלעבאַטישקייט זיינע זין און אייניקלעך. ר׳ גבריאל איז אַ גרויסער פּוילישער פּאַטריאָט, פירט אָפּטע שמועסן מיטן גלח. ער געדענקט נאָך די „פּאָווסטאַניע״, אין וועלכער ר׳האָט אַליין גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל. ער קומט יעדן טאָג צו די קברים פון די צעשאָסענע פּאָווסטאַנצעס און שיט אויף זייערע קברים אַרבעס פאַר די טויבן, וואָס פליען דאָ אַרום. אין זיין שטוב הענגען בילדער פון רבנים און פּוילישע גענעראַלן. ס'איז אַ צעצווייגטע, רוישיקע משפחה פון זין, אייניקלעך און אוראייניקלעך. אַלע זענען צוגעבונדן צום לאַנד און אַלע באַזונגען די שיינקייט פון פּוילישן לאַנדשאַפט און די פעטקייט פון דער פּוילישער ערד. און פּלוצים קומט אַ געוואַלדיקער ריס. מ'פאַרטרייבט ייִדן פון די דערפער. די פּויערן ראַבעווען ייִדיש האָב און גוטס. די פּויערן טוען דאָס אפשר נישט פון אייגענעם ווילן, זיי זענען אָנגעררייצט דורך די פּריצים אַקעגן די „זשידעס״, וואָס זענען דאָ „פרעמדע״. דער אַלטער דערשנאַפּט עפּעס מיט דער נאָז, אַז ס'רייסט זיך דער ביזאיצטיקער שטייגער. „און איך האָב מיר איינגערעדט — ס'אַלטע פּוילן לעבט״. די פּויערן לאָזן טרינקען אַ פּיצל ייִדיש קינד און ראַטעווען עס נישט אַרויס פון טייך. ביינאַכט מוז מען פאַרמאַכן די טירן מיט אייזערנע פּרענטן. אמת, אַ רבי האָט ר׳ גבריאלן געגעבן אַ ברכה פון אריכת־ימים, אָבער דער אַלטער וויל שוין מער נישט לעבן אין אַזאַ וועלט. „נישט מיין וועלט מער; דאָ בין איך איבעריק, און דאָרט וויל מען מיך האָבן... ס'איז זיי פשיקרע אַן מיר״ — — — „געווען כאָטש ווי ס'איז געווען, נאָך געקאָנט אָננעמען אַ חשק צו וועלן דאָ זיין. אַזוי איז די ברכה פון רבין געוואָרן אַ קללה... אַ קללה...״

דער פאַכטשאַזש מיטן ווייב קאָנען שוין מער נישט אויס־האַלטן די נגישות, וואָס די שקצים טוען זיי אָן, טרייבן זיי כסדר „דאָ פּאַ־לעסטיני״. זיי האָבן דעריבער באַשלאָסן פאָרן צו די קינדער קיין אַמע־

ריקע. אמת דער פּאַכטשאַזש ווערט זיך לכתחילה קעגן דעם, ווייל דאָ פֿאַר־בלייבן, ער וועט נישט קענען לעבן אָן די בהמות, צו וועלכע ער האָט זיך שטאַרק צוגעוואוינט, אָבער ס׳איז שוין ווייטער נישט אויסצוהאַלטן.

„אַלץ געקלערט: כ׳וועל אָפּשלעפּן נאָך אַ פּאָר טעג... אַ פּאָר וואָכן... און סטאַך וועט אויפֿהערן קריצן מיט די ציין...אַנטעק מיר נישט אַריינשרייען יעדן אינדערפֿרי: „דאָ פּאַלעסטיני!..." און אַז זי וועט זיך איינשפּאַרן, זי וויל דורכאויס צו די קינדער, איר זאָגן: „פֿאַר דיר געזונטערהייט!" און אַליין זיך אַוועקזעצן אויף אַ זעקל קאַרטאָפֿל, אַ בינטל שטרוי און בלייבן קיטשן... אַ הייפּטל קרויט צוקאָפּנס".

פֿאַרוואָס וויל ער נישט פֿאַרלאָזן פּוילן? — ער איז צוגעבונדן צו זיין ביזאיצטיקן לעבנסשטייגער, ער קאָן זיך נישט שיידן מיט דער סביבה און מיט... די בהמות.

„גאַרנישט געקאָנט אַרויסגיין פֿון שטאַל; ביים מעלקן די רויטע בהמה — אויף מיר געקוקט מיט אַזוינע אויגן ווי די בורע קו אויפֿן שוחט, ווען מ׳האָט זי געבונדן און איבער איר אויפֿגעהויבן דעם חלף. אַפֿילו אַ בהמה און אויכעט איר שכל... נעבעך געוויסט, כ׳וועל זיי שוין מער נישט מעלקן... און ווען כ׳בין אַרויס פֿון שטאַל, זיך צוגעזעגנט: „זייט געזונט, מיינע טייערע בהמות!..." אַזוי געמרוקעט, ווי מ׳וואָלט צו וועלכער גלייך געברויכט האָבן די היזון".

בימקאָ פֿירט אַרויס דעם פּאַכטשאַזש כּדי בולטער צו אַקצענטירן דעם יידנס צוגעבונדנקייט צו דער פּוילישער ערד. אָבער גאָר מעלאָדראַמאַטיש קומען אַרויס די מאָנאָלאָגן פֿון אַלטן ר׳ גבריאל, וועלכער גלייבט נישט, אַז דאָס רשעות זאָל זיין אַ נאַטירלעכע אייגנשאַפֿט פֿון פּוילישן פּויער: ער איז איבערגעזונט, אַז דערין שטעקט אַ פֿרעמדע העצערישע האַנט: „אָן אַנ־דערע כּעס ברענט דאָ... אָן אַנדערער... אַ פֿרעמדער... נישט קיין פּוילישער... איך קען פּוילן". ר׳ גבריאל פּרואווט אויפֿלעבן אין זיכרון די „פֿאַרביקע" נאָענטע פֿאַרגאַנגענהייט, ווען יידן האָבן צוזאַמען מיט די פּאָליאַקן געקעמפֿט קעגן דער רוסישער פֿאַרשקלאַפֿונג:

„ווי לאַנג, אַז... ס׳לעצטע הייפֿל זיך דאָ אויפֿגעקליבן, און פֿון די מאָס־קאַלעס געוואָרן געהיטן?... און אַז זיי האָבן זיך נישט געקאָנט לענגער דערהיטן, געמוזט צעלויפֿן וואו די וועלט האָט אָן עק... איז געקומען, גע־דענק איך, אַ פּריצל צו לויפֿן... די הענט מיט די פֿיס פֿאַרבלוטיקט... און געפֿאַלן איבער דער שוועל: „כ׳זאָל אים באַהאַלטן!..." מ׳האָט דערנאָך די

שטאַלן צעלייגט... דעם קעלער פֿאַרגאַסן... די טויערן אַראָפּגענומען... געוואָרפֿן איבער מיר מיט רציחה: „אַז מ׳האָט זיך נאָכן געיאָגט, געיאָגט, און דאָ געזען אַריינפֿאַלן... וואו כ׳האָב אים אָהינגעטאָן?..." אין אויוון געהאַט באַהאַלטן און געטענהט: „אין לי — נישט געהערט און נישט געזען קיין פּריץ..." אים אָפּגעהיטן מיט עסן... די ראַנעס איבערגעבונדן... ביז זיי האָבן אָפּגעטרעטן... און ערשט דערנאָך פֿון דאָרט אַרויסגענומען... געלאָזט אַנזאָטלען אַ פֿערד... איבערגעטון פֿאַר אַ ייד און העט־העט איבער דער גרענעץ אַרויסגעפֿירט".

די אידיליע שטייגט וואָס אַמאָל העכער און העכער אין די ראַזאָוועוואַלקנס, ביז ס׳מישט זיך אַריין די „קאָנטראַסטירטע"ווירקלעכקייט. דורכן אָפֿענעם פֿענצטער קומט פּלוצים אַ שאָס פֿון אַ קוליגאַנישן פֿויער; דער שאָס טרעפֿט גלייך אין האַרצן פֿונעם דערציילנדיקן ר׳ גבריאל. דער זון ר׳ הענעך, אַנשטאָט אויף אַ מענטשלעכן און אויך אַנגענומענעם יידישלעכן שטייגער צו באַקלאָגן דעם אויסטערלישן טויט פֿון אייגענעם טאַטן, געפֿינט ער נישט דערצו קיין פּראָסטע האַרציקע רייד, נאָר האָט גאָר גרייט אויף די ליפּן אַ ראָמאַנטישע אַקאָרד־פֿראַזע: „דעם לעצטן בוים ביי אונדז אַרויסגעריסן, און דעם עלטסטן, דעם שטאַרקסטן..."

ס׳עקט זיך — הייסט עס — ס׳קאַפּיטל פֿון דער פּאַטריאַרכאַלישער פּוילישער יידישקייט; נישט נאָר פֿיזיש נאָר אַפֿילו גייסטיק איז אין פּוילן שוין מער נישטאָ קיין אָרט פֿאַר די יורשים פֿון אַדאָם מיצקעוויטשעס יאַנקיעל צימבאַליסט און אויך נישט פֿאַר די אַמאָל גוטגעזעענע פּאַכטשאַזשעס און קרעטשמערס, וועלכע זענען אַזוי וואַרעם געשילדערט ביי פּרוס, אָזשעשקאָ און וויספּיאַנסקי. די אַטמאָספֿערע ווערט וואָס אַמאָל געדיכטער, די הענע שטאַרקער און ס׳דערגייט דערצו, אַז ר׳ הענעך מוז פֿאַרקויפֿן ס׳גוט און זיך נעמען צום וואַנדערשטעקן. די לאַנגאייגגעזעסענע יידישע משפּחה פֿאַרלאָזט ס׳דאָרף געטריבן פֿון פּוילישער שנאה און בלוטדורשטיקייט.

דער גרונט־טאָן פֿון דער צייט־דראַמע איז אַ רעאַליסטישער, הגם זי איז אויסגעפּוצט אין אַ יומטובדיקער שפּראַך און באָדט זיך אין רעטאָרישקייט. און דערביי איז אַ חידוש הלמאַי בימקאָ האָט די באַיקאָט־אַקציע אייבערגעטראָגן אין דאָרף. ס׳איז דאָך באַוואוסט, אַז אין דעראמתן האָט דער הויפּט־„שלאַכט" זיך אָפּגעשפּילט אין די געדיכט־באַפֿעלקערטע יידישע שטעטלעך, וואו מ׳האָט פּיקעטירט יידישע קראָמען און אַרויסגערופֿן גאַסן־

געשלעגן. אויב ס׳האַנדלט זיך וועגן אַ צייט־דראַמע, געגומען אוממיטלבאַר פֿון דער קאַכיקער ווירקלעכקייט, איז אויך נישט צו פֿאַרשטיין פֿאַרוואָס בימקאָ גיט נאָר דעם שפּיגל־פֿלאַך פֿון דער באַיקאַט־באַוועגונג און מיידט אינגאַנצן אויס די ווירטשאַפֿטלעכע באַציאונגען און סאָציאַלע פֿאַרהעלטע־נישן, וואָס האָבן געטריבן צום באַיקאַט. אין דער דראַמע זעט מען נישט קיין פּוילישע און קיין יידישע מאַסן (אויסער אַן עפּיזאָדישער סצענקע מיט עטלעכע פּויערן); מ׳זעט בכלל נישט קיין שום געשעענישן און קיין שום האַנדלונגען. מ׳לעבט נאָר מיט דעם אָפּהילך פֿון דער לאַגע, מ׳הערט נאָר רייד וועגן איר.

אָבער ס׳איבערטראָגן די גאַנצע אַקציע אין דאָרף איז משמעות נישט קיין צופֿאַל; אַ גוט־ווירטשאַפֿט געפֿירט מכּמה דורות דורך אַ יידיש־פֿריי־צישער משפּחה אין אַ ריינער פּויליש־פּויערישער סביבה, איז אין אַ שעת־חירום אַ פּרוכפּערדיקער באָדן פֿאַר ראָמאַנטישער אויסלאָדונג. דאָ לעבט מען נישט מיט קיין האַסטיקן ריטם, מ׳איז ווייט פֿון שטאָטישן האַנדל־וואַנדל, מ׳לעבט דאָ רואיק אויפֿן שויס פֿון דער נאַטור.

און אַוודאַי אומגעריכט ענדיקט זיך די רעאַליסטיש פֿאַרטראַכטע צייט־דראַמע מיט אַ סימבאָלישן עפּילאָג. דער טויט פֿון הונדערטיעריקן זקן ר׳ גבריאל און דער גירוש פֿון ר׳ העניעכס משפּחה בלייבן נישט קיין פֿאַר־איינצלנע געשעענישן נאָר פֿלעכטן זיך ערגעץ־וואו מיט די גרונט־געזעצן פֿון אונדזער אומאויפֿגעקלערטן געשיכטלעכן גאַנג איבער דער וועלט. און ר׳ העניעכס זון, ברוך, רעדט אָפּן, אַז ס׳זענען אין פּוילן איבערגעבליבן נאָך אונדז בלויז בית־עלמנס „אַזוי ווי ס׳איז געבליבן אין דייטשלאַנד, אין שפּאַניע״ און ווען שרהלע קלאָגט, אַז די ביינער וועלן דאָרט קיין רו נישט האָבן, טרייסט זי ברוך: „בלויז, ביז משיח וועט קומען און צו תּחית־המתים קוילערן אונטער דרערד, קיין ארץ־ישראל״.

און דאָ רירט בימקאָ פּלוצים אָן אַ גאָר צאַרטע נאָטקע וועגן אונדזער יידיש זעלבסטאַנטפּלעקונג און טריישטאַמיקייט אין פּוילן. ס׳שרעקט די פּערספּעקטיוו פֿון עלנטקייט און שפּורלאָזער אָפּגעווישטקייט. די אלמנה שרהלע פֿרעגט ביי איר קוזין יאַנוש:

„און אַז כ׳וועל מיך דאָרט אַוועקזעצן אויף דער שוועל און אַ פֿרעמ־דער, פֿאַרבייגייענדיק מיר אַריינלאַכן אין פּנים: „דיין מאַמע איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן צווישן די וועגן״.׳. וואָס וועל איך וויסן אים צו זאָגן?״ יאַנוש ענט־

פֿערט: „אַז זי איז די שענסטע אויף שטעט געווען... אַ הויכע... אַ גלייכע פוילישע בת־מלכּה... פוילן פֿאַר איר געפֿאַלן אויף די קני...” און אויב מ׳וועט זי ווייטער פֿרעגן „מיידל, וואו האָסטו דיין טאַטן באַשטאַטן?” וואָס וועל איך וויסן צו זאָגן?” און אויך דאָ באַקומט זי פֿון יאַנושן אַן ענטפֿער: „אַז ער איז אין פוילן אַ גרויסער פּריץ געווען... אַ דזשעדזשיץ... אַ סך וועלדער געהאַט... סטאַוועס פֿיש... שפּייכלערס תּבֿואה...”

ווייטער וואַקסט אויס אַ סימבאַליש־מעלאָדראַמאַטישע סצענע. ווען ר׳ הענעך הייבט אָן טרויעריק זאָגן תּהילים און קומט צו די ווערטער „יענך ה׳ ביום צרה” באַווייזט זיך דער גייסט פֿון דערשאָסענעם זקן ר׳ גבֿריאל און דערטרונקען אייניקל אַלעק און ס׳אַנטוויקלט זיך אַ שמועס צווישן די גייסטער:

— זיידעלע, ס׳איז נאָך ווייט?

זייער ווייט, נאָך אַ סך מדבריות איבערצוקומען...

דעמאָלט מישט זיך אַריין די שטים פֿון לעבעדיקן ר׳ הענעך, וועל־כער פֿרעגט דעם אַלטן, צי מ׳וועט נאָך לאַנג זיין נע־ונד, אַז ס׳איז שוין נישטאָ קיין כּוח אויסצוהאַלטן, ס׳עסן גייט אויס און קיין מן פֿון הימל פֿאַלט נישט... די שטים פֿון גייסט ענטפֿערט:

— „פֿון ביימער, וואָס האָבן צוויי טויזנט יאָר געטרוקנט, — די שענסטע פּירות אַראָפּקלויבן; פֿון גליענדיקע זאַמדן — ליכטיקע זאַנגען אויפֿגיין, פֿון שטיין וואַסער טרינקען”.

— און ווי לאַנג נאָך, טאַטע, נאָך אַזוי ברויכן גיין?

— ס׳אָרט איז נאָך ווייט, ווייט, ווייט, און אויב איר, חלילה, נישט זוכה זיין דערצו, — אייערע קינדער עס דערלעבן צו זען”.

ווי אַ געשלאָסן ווערק איז די דראַמע נישט איינהייטלעך, נישט מעור אחד; עפּעס האָט מען דעם איינדרוק, אַז ס׳ראַנגלען זיך דאָ צוויי סטילן: דער מאַלעריש־שילדערישער דראַמאַטיש־האַנדלונגדיקער. די „פּערזאָנען” רעדן ווייניק מיט זייער אייגענער כאַראַקטער־שפּראַך; דער אויטאָר לייגט זיי אין מויל אַריין אַן אַלגעמיין פֿאַרליטעראַרישט לשון. אַ זון פֿון אַ ייִדישן גוטבאַזיצער, אַ ייִנגל, וואָס איז אויסגעהאָדעוועט אין דאָרף, רעדט אין אַ טאָג טעגלעכן שמועס וועגן גאַנץ רעאַלע ענינים בזה הלשון: „מ׳זעט נאָך די שטיקער טאָג אויפֿן הימל אַרומשווימען”. — „דו ביסט ווי איבערגע־וועלטיקט. זאַפּסט איין אין זיך אַלע קולות, קלאַנגען און ווערסט ווי פֿאַר־פֿאַלן אין דער טיפֿעניש פֿון אַלע אָפּגרונטן. נעמסט דיך אָן מיט דעם אַראָ־

מאַט פֿון די בלומען, קרייטיכצער און וועַרסט אַליין ווי אַ בלימעלע, וואָס ברויך האָבן דעם טוי, זיך וואַשן מיט אים און באָדן". אָדער: „אַמאָל ווערס־טו אויך ווילד און ס'ווילט זיך פֿון דיר אַרויסצוּוואַרפֿן, אויסמישן מיט אַלעם און צעגיין. זיך לאָזן לויפֿן ווי אַ סאַרנע איבער די פֿעלדער, ווי אַ באַטשאַן אַדורכשניידן די לופֿט, אַ וועווערקע היפּן איבער דיביימער און ווי אַ פֿיש זיך וואַרפֿן, צאַפּלען, שפּרינגען אינעם וואַסער".

אַזעלכע מליצהדיקע רייד זענען גיכער באַגלייביק צו הערן פֿון אַן אויסגעמאַטערטן שטאָט־אינטעליגענט, ווען ס'איז דערעסן דאָס געשטיקטע לעבן צווישן די הויכע מויערן און ר'איז אויסגעבענקט נאָך אַ „געזונט" „פּולבלוטיק" לעבן „אויף דער שויס פֿון דער נאַטור"...

מיט אַט־דעם ליטעראַריש לשון רעדט דער מחבר און נישט זיינע העלדן; ס'„רעדט" די ליטעראַרישע קאָנצעפּציע פֿון אויטאָר, וועלכער וויל מיט ראָמאַנטישע מיטלען און סענטימענטאַלע פֿערזן ווייזן דעם ווילדן ריס, וואָס איז פּלוצים איינגעטרעטן אין אַלט־אַלטן צוזאַמענלעבן פֿון צוויי פֿעלקער אין איין לאַנד. דערצו איז די דראַמע, אין גרעסטן טייל, געשריבן אין „וואָכעדיקער" פּראָזע און ערטערווייז נאָר אַדורכגעפֿלאָכטן מיט אַ געבונדענעם פֿערז. אבער די „וואָכעדיקע" פּראָזע טינקט ממש אין פֿאַרקיי־לעכדיקטע פּראָזענאַרטיקע צומאָל פּאַפּירענע מאָנאָלאָגן, וואָס שטעלן איין אַ הויל־דעקלאַמאַטאָרישן טאָן.

ווען מ'נעמט אָבער די זאַך רעטראָספּעקטיוו — מיט פֿולע זעקס און דרייסיק יאָר צוריק און מ'גיט זיך דערביי אָפּ רעכנשאַפֿט סיי פֿון מחברס אָנפּאַנגעריסקייט און סיי פֿון דעם פּלוצימדיקן איבערברוך אין די דע־מאָלטדיקע שטימונגען אין פּוילן, דאַרפֿן אַ סך אַקטועלע זאַכן קלאָר ווערן. אין פּוילן איז געוואָרן שלעכט, דער פּאָליטישער קלימאַט האָט געזומען שטיקן. כּדי אָבער אונטערצושטרייכן די אומבאַרעכטיקטע ענדערונגען, האָט מען געזומען אידעאַליזירן די פֿאַרגאַנגענהייט. אַי, ס'איז אַמאָל אויך נישט געווען פֿויגלדיק, אַי, מ'האָט „פֿאַרצייטנס" זיי אויך געביסן און נאָכמער געשמיסן. ס'איז אָבער ניחאדיקער וועגן דעם איצט צו פֿאַרגעסן און אַרויס־הייבן אויף אַ ראָזאַוון שטייגער אַלץ, וואָס שמעקט מיט „פֿאַרצייטנס", ווען אונדזערע זיידעס האָבן צוזאַמען מיט די פּאָליאַקן זיך געגעסן פֿון די פּיס־קעלעך.

אין פֿאַרגלייך מיטן לעצטן יידישן חורבן אין פּוילן, איז דער דעמאָלט־דיקער אַנטי־יידישער באָיקאָט מיט זיינע גוואַלטאַט־פֿאָלגן אַן עפּיזאָדיש

שפּילכל, פֿון וועלכן דער נאָך־טרעבלינקע־דור איז נישט מסוגל אויפֿגעצי־טערט צו ווערן. אָבער בימקאָס היסטאָריאָזאָפֿישער — הגם אין עצם זייער נאַיווער — אויסבליק איז אָנגעלאָדן מיט אַקטועלקייט און ווייזט אַן אויף אַ באַשטענדיקן עלעמענט אין אונדזער געשיכטע, וואָס האָט דווקא אין פּוילן באַקומען אַ פֿולן אויסדרוק. ממילא איז אין דער דראַמע פֿאַראַן שטע־לעס, וואָס רירן אונדז ביז גאָר.

אויף דער זעלביקער טעמע פֿון יענער צייט איז געשריבן אַ טייל פֿון זיינע נאָוועלן, פֿאַרעפֿנטלעכט שפּעטער אין די בענד 9 און 10 „געקליבענע שריפֿטן". דערהויפּט איז דאָס שייך זיין אימפּרעסיע א. נ. „די אַלטע קרעטש־מע". איז עס אַ בילדערישער קווערשניט איבער די פֿאַרשידענע גורולות פֿון יידישן לעבן אין פּוילן. מיט טיף דורכגעפֿילטע שורות געשריבן אין אַ פּויליש אידיאָמאַטישן יידיש צייכנט בימקאָ די דורותדיקע שליאַכן איבער וועלכע פּוילישע יידן האָבן געשפּאַנט, געהאַנדלט, געוואַנדלט, געפֿירט תּבו־אות און געהילץ, געפֿאָרן צו חסידישע רביים, זיך אָפּגעשטעלט אין קרעטש־מעס און געפֿראַוועט דאָרט שמחות.

„סוחרים מאַכן קניות, מסחרן. יענער האָט ליגן אויפֿן וואָגן מעל, דער אַנדערער — לעדער, אַזוי מאַכט מען אַ חילוף. מ'באַרעכנט זיך, מ'צאָלט זיך אַרויס און מ'לאָדנט גלייך איבער פֿון איין וואָגן אויפֿן אַנדערן. בינו־לבינו שמועסט מען זיך אַדורך. איין ייד האָט אין דער היים אַ בחור — אַן עילוי, דער אַנדערער ייד — אַ בתולה, אַ יפֿת־תּואר און מ'איז זיך משדך. מ'שטעלט אַ פֿלעשל ווייַן און מען מאַכט אַ וואָרט. אויף דער אַנדערער וואָך קומען זיך צונויף מחותּנים, מחותּנתטעס — אַ גאַנצע בריקע און די קרעטשמע ווערט מיט זיי פֿול. אַלע לאָמפּן זענען אָנגעצונדן, די טישן געדעקט מיט כּל־טוב און צוויי דריי יידן, כּלי־זמרים, וואָס מ'האָט מיטגעבראַכט, פֿאַרציען גלייך מיט אַ סמיק און אַ טרומפּייט. אַן אַלטער ייד גייט אַוועק אַ קאָזאַקל אויפֿן טיש".

נישט געקוקט אויף דעם אימפּרעסיאָניסטיש־רעאַליסטישן אַרט שיל־דערן, געשריבן אַביסל געזאַנגיק, פּרעסט בימקאָ אין ס'גאַנצע קרעטשמע־לעבן אין אַ סימבאָלישער ראָם. דער אַלטער קרעטשמער הייסט ישראל און צומאָל גיט אים דער אויטאָר צו — „ישראל־סבא". די קרעטשמע האָט שוין אַדורכגעמאַכט פֿאַרשידענע גילגולים; זי איז איצט צעבראָכן, דורכגעלע־כערט, איינגעהויקערט מיט אויסגעשלאָגענע פֿענצטער, אַרום פֿייפֿט אַן אומ־היימלעכער ווינט. אָבער זי האָט אַלץ איבערגעהאַלטן און שטייט ווייטער

אויפֿן אָרט. די גרויסע משפּחה צעוואַקסט זיך מיט קינדער, אייניקלעך און אוראייניקלעך, צעפֿאָרן זיך אַלע אין דער וועלט. דער אַלטער ישראל בלייבט אַליין און וויל די קרעטשמע נישט פֿאַרלאָזן. פֿון יעדן געוויטער און שטורם גייט ער אַרויס אַ געלייטערטער מיט אומגעבראָכענעם גלויבן. זיין דעוויז איז: „הנה אל ישועתי, אבטח ולא אפחד" — גאָט איז זיין הילף, ער האָט ביטחון און שרעקט זיך פֿאַר גאָרנישט. בימקאָ וויל דערמיט אונטערשטרייכן דעם אָרגאַנישן צונויפֿוואוקס פֿון פּוילישן ייד מיט דער פּוילישער ערד און פּוילישן לאַנדשאַפֿט. קיין שום צרה קאָן אים פֿון דאָרט נישט אַרויס־טרייבן, ווייל ער איז פֿול מיט אינעווייניקסטן גלויבן. הייגט, אין דער נאָך־מאַידאַנעק־צייט, קלינגט דאָס אַוודאַי ווי אַ ווידערקול פֿון אַן אָפּגעהילכ־טער צייט, וואָס וועט זיך שוין קיינמאָל נישט איבערחזרן.

מיטן אויסברוך פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ס'יידישע לעבן אין פּוילן אויפֿסניי געוואָרן אויסגעשטעלט אויף כּלערליי סכּנות. דער טויט האָט געלויערט אויף טריט און שריט.

ס'רוב מאַטעריאַל פֿון די צוויי דערמאָנטע בענד איז נוגע דעם יידישן לעבן אין דער טיף־פּוילישער שטאָט קיעלץ בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. אָט־די שטאָט האָט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה זיך „אויסגע־צייכנט" מיט אַן אַנטי־יידישן פּאָגראָם און אויך איצטער נאָך דער צווייטער מלחמה, איז די וועלט אויפֿגעשוידערט געוואָרן פֿון דער ידיעה וועגן מורא־דיקן פּאָגראָם, וואָס ס'פּאָליטיש באַפֿרייטע און מאָראַליש געזונקענע פּוילן האָט געמאַכט אויף די סאַמע מאָגערע יידישע רעשטלעך, וואָס האָבן זיך על־פּי־נס אָפּגעראַטעוועט פֿון די דייטשישע לאַגערן. לייענען מיר אין ביינטן באַנד אַ ווידמונג: „לזכר עולם מיין גאַנצער משפּחה ווי אויך דער קהילה קדושה פֿון מיין היים־שטאָט, וואָס האָבן מיט זייער בלוט געהייליקט זיין נאָמען בעתן דריטן חורבן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה".

מיר זענען איצטער אַזוי באַטויבט פֿון דעם וויסטן אומגליק, וואָס די רוצחישע דייטשן האָבן אויף אונדז געבראַכט, אַז מיר ווייסן גאָרנישט ווי־פֿיל רדיפֿות, צרות, נגישות און יסורים יידן זענען אויסגעשטאַנען בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה און מיט וויפֿיל מסירת־נפֿש יידן האָבן דענצמאָל מקדש השם געווען. אָבער ס'אויסטערלישע פֿון דער דעמאָלטיקער לאַגע איז דאָס, וואָס די יידישע צרות האָבן דעמאָלט נישט געשטאַמט פֿון די דייטשן, נאָר גראָד פֿון אונדזערע „אייגענע", פֿון די רוסן. דער אויטאָר זאָגט אין זיין אַריינפֿיר:

„אום צו זיין ערלעך צו יענער צייט זענען די דייטשן דענצמאָל געווען די מלאכים און געמאָרדעוועט יידן, זיי געשאָסן, געהאַנגען — האָבן די רוסן. און ס׳איז ביי מיר קיין שום ספק נישט, אַז ווען נישט יענע דייטשישע גוטסקייט, וואָלטן אַן אַ שיעור יידן געבליבן לעבן. ווען די יידן וואָלטן נישט געדענקט די דייטשן פֿון דענצמאָל, וואָלטן גאַנצע שטעט, אין די הונדערטער טויזנטער, געווען פֿאַר זיי אַנטלאָפֿן".

מער ווי אַ העלפֿט פֿון ניינטן באַנד באַשטייט פֿון אַ סעריע לאהובי־ידידי־בריוולעך, געהאַלטן אין טראַדיציאָנעל־יידישן נוסח, אַדורכגעפֿלאָכטן מיט הומאָר. די בריוו זענען אַן אוצר פֿון שטייגער־מאַטעריאַל פֿאַרן היסטאָריקער.

אין אַ גרעסער צאָל נאָוועלן ווידער דערציילט ער מיט וויטיק וועגן חורבן, וואָס עס האָט אָנגעמאַכט די מלחמה. עפּעס אַ וואָלקנבראָך האָט זיך אויף אונדז אַראָפּגעלאָזט און מיר מוזן צאָלן קדושים־צינז. איז עס מרמז וועגן קדושים, וואָס זענען געפֿירט געוואָרן צו דער תּליה צוליב אַ צופֿאַל אָדער צומערסט צוליב אַ מסירה פֿון אַ פּוילישן שכן. דער ייד איז געוואָרן אַ שפּילכל אין די הענט פֿון די צעווילדעוועטע קאָזאַקן, וועלכע האָבן פֿון די ברייטע סטעפּעס מיטגעבראַכט אַ בלוטדורשט און דערהויפּט אַ וואַנזיניקן לוסט זיך אויסצושפּילן אויף דעם הילפֿלאָזן פּוילישן ייד. די אַטמאָספֿער פֿון שרעק און געדריקטקייט גיט איבער די נאָוועלע „עשרה הרוגי מלכות". יום־כּיפּור אין שטעטל:

„שטיל איז אין שטעטעלע. די הייזלעך טוליען זיך ווי צעשראָקענע שעפּסן; פֿאַרמאַכט זענען אַלע טירן פֿון די קראָמען, עס טראָגט זיך איבער די געסלעך דאָס קרעכצן פֿון די בתּי־מדרשים, וואו יידן זיצן אַרום די טישן איבער די אָפֿענע מחזורים מיט די טלתים איבער די קעפּ. דער שטערן איז פֿייכט און די אויגן קוקן מיד... ס׳האַרץ ציט, פֿאַרחלשט... און די פֿלעמלעך פֿון נשמה־ליכט ציטערן קוים אין די קעסטלעך זאַמד.

די ווייבער טוליען צעשראָקן זייערע עופֿהלעך, מורמלען עפּעס שטיל, שלינגען די תּחינות מיט די אויגן און קוקן אויף דורך די פֿאַרהענגלעך צום פֿעלד, וואָס שפּרייט זיך אַרום די הייזלעך, צום בלאָען וואַלד: — צי מ׳זעט נישט, חלילה, וועמען — אַ רייטער אויף אַ פֿערד, אָדער סתּם אַ זעלנער מיט אַ ביקס און אַ שווערד".

אין אַט־דער נאָוועלע לאָזט זיך דער אויטאָר מיטרייסן מיט דער פּחד־אַטמאָספֿער און הערט אויף איבער זיך „ליטעראַריש" צו הערשן. ממילא

קומט דער קלימאַקס פֿון דער נאָוועלע אַרויס מעלאָדראַמאַטיש. דער אין תּפֿילה־אויסגייענדיקער דאָרפֿישער מנין שלאָגט אַביסל מיט טעאַטראַלישקייט. דעם אויטאָר איז טייער יעדער ייִדיש נפֿש און ביים אומקום פֿון איטלעכן ייִד באַזונדער שיקט אים בימקאָ מיט אויף דער תּליה שטיקער אייגן האַרץ. איז עס אַן אויסגעאיידלטע אהבת־ישראל, אויף וועלכע ס'איז מסוגל נאָר אַ פֿאָלקסשטאַמיקער שרייבער.

ווייטער גייט אַ שפּאָרע צאָל נאָוועלן, וואָס זענען געשריבן געוואָרן אונטער די אוממיטלבאַרע איינדרוקן פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אָט־די נאָוועלן זענען פֿון צווייערלייאיקן כאַראַקטער. פּסיכאָלאָגישע — געבויט אויף אַ טיפֿערן אַריינבליק אין מענטשנס גייסטיקן „אינגעווייד", געשריבן מיט אַ האַלב־לירישער פּראָזע; דער סיוזשעט איז נישט איבערגעלאָדן, ס'ווערט אויף אַלעם אָנגעוואונקן מיט אַ האַלב־טאָן. און דאַן רעפּאָרטאַזש־אַרטיקע — געשריבן אַביסל שיטערלעך מיט דעם הויפּט־טראָפּ אויף די פֿאַקטישע געשעענישן לויט אַ כראָנאָלאָגישן סדר. אין דעם ערשטן שטייגער־נאָוועלעס גיט בימקאָ דאָס עסענציאָנעלע, אינעם צווייטן — דאָס פֿון אויבן־אויף אַראָפּגעשוימטע.

איינע פֿון דעם ערשטן טיפּ איז די נאָוועלע „דער מאַן און דאָס ווייב". אַ פּאָר־פֿאָלק אַנטלויפֿט פֿון אַ דאָרף, וואָס ליגט האַרט לעבן פֿראָנט, וואו מ'הערט כּסדר „בורטשען" די האַרמאַטן. לויפֿט מען פֿון פֿייער צוזאַמען מיט דעם גאַנצן עולם צעשראָקענע פּליטים. אָבער אויפֿן וועג טיילט זיך ס'פּאָר־פֿאָלק אָפּ פֿון דער מחנה לויפֿער און אויפן פּאַן פֿון דער פֿייער־בהלה שפּינען זיך אויס דינע אָבער באַדייטונגספֿולע מאַן־ און ווייב־קאָנפֿליקטן. דער אויטאָר כאַפּט אויף די דינע ווידעראַנאַנדן צווישן דעם נישט גלייכן פּאָרל. זי איז „ווילד" קעציש־שפּרינגיק, ריזיקאַנטיש, ער — איבערגעשראָקן און אָפּגעהיט אויף יעדן שריט. ס'ווייבל פֿאָלט אַריין אין אַ צושטאַנד פֿון מעלאַנכאָליע און זיין לעבן ווערט צוליב דעם אינגאַנצן אויסגעליידיקט פֿון אינהאַלט און אינטערעס. איז אָט־די נאָוועלע אויפֿגעשריבן עכט, איבערצייגעוודיק און דיסקרעט. כּמעט אין בערגלסאָנישן נוסח. צו דעם אַרט נאָוועלן געהערן אויך „אַ שווערע נאַכט", „פֿון שרעק" און „זיין חטא".

בימקאָ האָט דערביי אויך אַן אויג פֿאַר די שאָטן־זייטן פֿון ייִדישן לעבן, פֿאַר דער דעמאָלטדיקער אויסטערלישער ווירטשאַפֿט און משוגענעם קאַראַהאָד, וואָס די שטעטלדיקע ייִדן האָבן אַרום דעם געטאַנצט. אַרום און אַרום גייט די וועלט אָפּ מיט בלוט און ייִדישע סוחרימלעך זענען גאָר מיט אַלע

פּיבערן אַריינגעטאָן אין די אויפֿגעשרויפֿטע מסחרים. מ׳האַנדלט אויף אַ משונהדיקן אופֿן מיט מאַכאָרקע, שניט און טאַבאַק, מ׳רייסט זיך די סחורה פּשוט פֿון די הענט און מ׳האַלט אין איין שרויפֿן די פּרייזן. אָט־די מסחר־נאָוועלן זענען אין אַלגעמיין געשריבן מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל פֿון אַן אייגענעם, וואָס זעט אונדזערע חסרונות. אָבער נישט געקוקט דערויף, וואָס די שפּרונג־סיטואַציעס ווערן דאָ געצייכנט גראָטעסקאַרטיק, פֿאַלט דער אויטאָר נישט איינמאָל אַריין אין צאָרן און לאָזט פֿאַלן ביטערע רייד.

„...אַנדערע יידן ווידער האָבן דערשמעקט נבלה; זיי זענען אַרויס פֿון די לעכער און קלעטערן איבער דעכער, שאַרן זיך אַרום הינטער די ווענט ווי נקבות פֿון דער מלחמה און גיפֿטיקע שמייכלען צעגיסן זיך אַרום די ווינקלען פֿון זייערע מיילער פֿון זיסן תּענוג — יאָ, ס׳וועט דאָ זיין ביי וואָס אָפּצולעקן אַ ביין״.

און צומאָל רעדט ער מיט גאַל וועגן די ספּעקולאַנטלעך: „עס האָט זיך, אַזוי ווי דער פֿראָנט איז געוואָרן לעבעדיק, גענומען רודערן, אויפֿגעוועקט אין זיי דאָס טריפֿהנע בלוט און זיי פֿילן נישט גאָר די פֿייערדיקע רוט, וואָס מאַכט פֿרענגעס אויפֿן לייב. דאָס טריפֿהנע בלוט שרייט העכער פֿון די האַר־מאַטן...״ דאָס שרייט אַן אייגענער, וואָס קאָן נישט פֿאַרטראָגן אונדזער מאַנגל פֿון טאַקט און דוחק פֿון פֿעאיקייט מיטצולעבן מיט דעם נישט־יידישן אַרום.

לויט זיין שעפֿערישן עצם איז בימקאָ דער נאַטירלעכסטער עפּיקער־דערציילער; ער רעדט זעלטן וועגן זיך, פֿאַר די אויגן פֿונעם לייענער שפּילט ער זיך זעלטן מיט אייגענע צערטערלערייען. ליריקער־עגאָצענטרי־קער האַלטן ס׳רוב אין איין שפּיגלען זיך אין אייגענעם „איך״. בימקאָ — דער עפּיקער — שפּיגלט זיך אין אַרום. ער זעט זיך אין דער דרויסנ־דיקער וועלט און איז קיינמאָל נישט מטריח דעם לייענער זיך אַריינצוטאָן אין דעם אויטאָרס לירישע „מיחושן״. זיין פּערזענלעכן ליריזם פֿאַרוועבט ער אָרגאַניש אין דעם באַשריבענעם שטאָף, דורך דעם אַרום טאַפּט ער אַן דעם וועג צו זיך. נישט אַלעמאָל אָבער איז זיין פּראָזע געדיכט־מאָלעריש; ער האָט אויך נאָוועלן לייכטע דורכגעפֿלאָכטן מיט שטיפֿערישן פֿלאָטער.

פֿון דעם שוין־געזאָגטן איז צו זען, אַז די הויפּט־מאָטיוון פֿון בימקאָס מלחמה־נאָוועלן זענען די אויסטערלישע גרויליקייטן, שריפֿות, פּאָגראָמען, תּליות און גירושים. ער שילדערט דאָס אַלץ מיט טיפֿן ערנצט און דערביי צומאָל מיט מעלאָדראַמאַטישער דעקאָראַטיוויקייט. אַ ביסלדיקע אַנטשפּאַ־נונג טרעט איין ערשט דעמאָלט, ווען ער נעמט באַשרייבן דעם אויסטערלישן

יידישן מסחר אין יענע משוגענע טעג. פֿון איין זייט ווייזט ער אַרויס אַ בייסיקן ווידערווילן צו די ספּעקולאַנטישע סוחרימלעך, וועלכע נעמען זיך קנאַפּ־וואָס איבער מיט דער גרויסער וועלט־שׂריפֿה און זענען אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין דעם גייציק נאָך לייכטע רוחים. פֿון דער אַנדערער זייט באַנעמט ער מיט אַ סך געמיט די אויסטערלישע מלחמה־לאַגע. מיט גע־זונטן פֿאָלקס־הומאָר, דערפֿירט אָפּטמאָל צו גראָטעסק, ברענגט ער אַרויס דאָס וואַנזיניקע יאָגן זיך פֿון אַ גאַנץ שטעטל נאָך דער אילוזיע פֿון אַ נישט געשטויגן און נישט געפֿלויגענעם „אוצר" — צען זעק פּעפּער. ס'איז באמת אַ נייער גילגול פֿון אַ קאָלעקטיוון מנחם־מענדל. אַ גאַנץ יידיש שטעטל, וואָס איז עקאָנאָמיש אויסגעוואָרצלט, האָט זיך פּלוצים אָנגע־כאַפּט אין עמיצינס אַ צופֿעליקן פֿוילן וויץ און אָנגעהויבן פֿיבערן מיט אַ חלום וועגן מיליאָנען, וואָס ליגן כּמעט פֿאַר דער נאָז. מ'דאַרף נאָר וויסן דעם אייגנטלעכן סוד און מ'וועט ס'גליק באַלד האָבן אין דער קעשענע...

אין דער מלחמה־צייט, ווען ס'זענען פֿון מאַרק פֿאַרשווינדן די סאַמע נייטיקסטע שפּייז־פּראָדוקטן, ווי צוקער, קאַווע, טיי, פּעפּער, קאַרטאָפֿל, מייערן, קאַשע, רייז, הייוון א. ד. גל. האָבן יידן גענומען „האַנדלען" מיט שאָלעכץ פֿון אייער און ריבלעך פֿון קאַרטאָפֿל. עמיצער פֿון די פּרנסה־זוכנדיקע יידן האָט מיר נישט דיר נישט אַ פֿרעג געטאָן דעם פֿאַרבייגייענ־דיקן אהרן שלמהן (אַליין אַ ייד אַן אָרימאַן) צי ער האָט וואָס צו פֿאַרקויפֿן. אהרן שלמה האָט געלאָסן ווי אַ תּם און דערביי מעשה יוסטער באַלעבאָס עפּעס אַרויסגעשטאַמלט: פּעפּער. דער פֿרעגער איז געוואָרן אויפֿגעטרייסלט.

— פּעפּער האָסטו געזאָגט, — פּעפּער?

— אַוודאַי פּעפּער און נישט קיין אַרבעס.

— וויפֿיל אַ שטייגער, האָסטו? אַ פֿונט? אַ האַלב פֿונט? צי אַפֿילו אַ פֿאַר לויט?

— ער וועט זיך גיין נאַריש מאַכן מיט אַ פֿונט, אַ פֿאַר לויט, צי אַפֿילו מיט אַ זעקל.

„דאָ איז שוין ס'פּנים ביי יענעם ייד געווען האַלב־בלאָ ווי ביי איינעם וועלכן ס'כאַפּט אָן אַ נישטגוטקייט צו חלשן. און קוים געקענט איינהאַלטן דעם אָטעם, וואָס איז געלאָפֿן פֿון אים — ער זאָל נישט מיט אַלעם אויס־לויפֿן. און ער האָט אים געזאָגט, אַז גאַנץ באַגריע זאָל וויסן, ווען אַפֿילו זי זאָל ברויכן פּלאַצן — גאַנצע צען זעקלעך!"

דאָס איז גיך געוואָרן פֿאַרן שטעטל אַ וועלטאיבערקערערישע נייעס.

אַ קליניקייט, אין שטעטל האָבן זיך ביי אַ ייד פֿאַרוואַלגערט צען זעקלעך פּעפּער. ס'טייטש מ'קאָן דאָך שמייען אַ וועלט און דערפֿון אָנשיטן פּעסער געלד. און ס'האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אַ קויף־פֿאַרקויף־קאַרוזעל.

„יידן האָבן גענומען לויפֿן, פֿאַרקאַטשן די אַרבל, פֿאַרשאַרצן די פּאָלעס — כמעט פֿליען. אַלע מיט אָפֿענע הערצער, צעפּלאַדערטע, ווי אויסגעפּליג־דערטע, פֿאַרוואונדעטע ווי זיי וואָלטן נישט מער גאָר געזען, נישט מער גאָר געהערט, ווי צען זעקלעך פּעפּער! אַלע מילן געמאָלן: פּעפּער! — — — — — עס זענען געלאָפֿן צען, הונדערט; די אַהין, יענע אַהער איבער די קעפּ און זיך געשטויסן. האָרמעס גאַנצע, האָרמעס יידן, קופּעס יידן:

— וואו איז דער ייד, אהרן שלמה?

מ'קען אַ שמעק טאָן צום פּעפּער?

אָבער אהרן שלמה — אַ קאָלטע לונג־לעבער — וויל פֿאַר יעדן זעקל פּעפּער נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַ הויז, און נישט סתם אַ הויז נאָר אַ קאַמעניצע. מ'האָט אונטערגעשיקט גנבים, אַז זיי זאָלן מיט זייער גנבישער קינציקייט אויסגעפֿינען ס'באַהעלטעניש פֿון פּעפּער. מ'האָט אויפֿ־געריסן טירן פֿון א סוכּה, שטאַל, קעלער, קאַמער, אָבער אַלץ אומזיסט. ס'איז געוואָרן אַ מהומה, ס'שטעטל האָט זיך געוויגט. ווען די גנבים האָבן געזוכט פּעפּער האָבן זיי שוין פֿאַראייניגוועגס באַגנבעט „רייכע" דירות און נישט איין אלמנה געשטעלט בדיל־הדל.

יעדער שעה האָט אַן אַנדער יידענע געשריגן, אַז „מ'האָט איר שוין גוט צום קאָפּ געזען". איין יידענע האָט מען „חתונה"־געמאַכט מיט אַ שובע, אַן אַנדערע מיט אַ ראָטאָנדע. די גנבים האָבן געסטראַשעט אהרן שלמהס ווייב:

„אויב איר ווילט זיך נאָך אַמאָל זען מיט אייער מאַן, זאָלט איר גלייך אָוועקגעבן מיט גוטן דעם פּעפּער — — — און אויב נישט קיין פּעפּער — איז נישט קיין מאַן".

אַז די מהומה איז געוואָרן גאָר גרויס איז דער „באַלעבאַטישער" סוחר, אהרן שלמה, נעלם געוואָרן פֿון שטעטל.

איז עס אַוודאי אַ „משוגענער" בליץ פֿון הצלחה, וואָס האָט אַ גאַנץ שטעטל אַריינגעוואָרפֿן אין קדחת פֿון גאָלדזוכעריי. האָט זיך דער דלות פֿון אייגענעם „שוואוילטיק" פֿילוטעריש אַ שפּיל געטאָן מיט זיך אַליין. וואָס טיפֿער עס זינקט דער באָדן אונטער די פֿיס אַלץ העכער שטייגן די חלומות און אַ ליאַדע פֿאַרבייפֿליענדיקער פֿונק קאָן צעצינדן די פֿאַנטאַזיע. בימקאָ

דערציילט דערוועגן באַהערשט מיט לייכטן הומאָר און צומאָל זאָרגלאָזן טאָן, אונטער וועלכן ס׳שטעקט פֿונדעסטוועגן אַ פֿאַרבאָרגענער צער, ס׳באַ־וואוסטזיין פֿון טראַגישער יידישער באַדנלאָזיקייט. אַלץ איז געצייכנט אויפֿן פֿאָן פֿון געדיכט־שטעטלדיקן שטייגער, אין אַ זאַפֿטיק־אידיאָמאַטישער שפּראַך, מיט אַלע קנייטשן פֿון פֿאָלקס־לשון. פֿון אָנהייב ביזן סוף איז אַלץ געשריבן מיט אויסגעבונדענער לעבנס־טרייקייט.

גאָר גראָטעסק־טראַגיש פֿאַרענדיקט זיך די נאָוועלע מיט די ווערטער פֿון אהרן שלמהס ווייב ווען די גנבים דראָען איר „אָפּצורוימען״ אויב זי וועט נישט אויסגעבן „ס׳באַהעלטעניש״ וואו ס׳געפֿינען זיך די צען זעק־לעך פּעפּער:

„און איר גלייבט, אַז ער האָט צען זעקלעך פּעפּער? און איין זעקל יאָ? צי אַפֿילו אַ פֿונט? אַ פּאָר לויט? ווי האָט ביי אַ גאַנצער שטאָט געקענט אָוועקגענומען ווערן דער שכל, זי זאָל נישט פֿאַרשטיין, אַז ער פֿירט זי אין באָד אַריין. אַז ס׳איז אים אַריין אַ משוגעת אין קאָפּ, און איר ווילט, אַז כ׳זאָל דעריבער ווערן אַן אלמנה? די קינדער זיינע — יתומים? בלייבן אָן אַ טאַטן? גיטס זיי אָפּ דעם טאַטן זייערן, גיטס זיי אָפּ — — — — — — — ״

אַזוי אַרום איז דער גרויסער „אוצר״ אויסגעטוישט געוואָרן אויף קליינגעלט, אויף קופּערנע גראָשנס, וואָס האָבן זיך אויך ערגעץ־וואו פֿאַר־קייקלט, אַז מ׳זעט זיי נישט מער פֿאַר די אויגן.

פֿון אַ גאָר שטיפֿערישן און דערביי אויטאָביאגראַפֿישן כאַראַקטער איז די נאָוועלע־הומאָרעסקע (גענומען פֿון די מלחמה־איבערלעבענישן) — אַ „מעשה פֿון אַ קאָזאַק און אַ זאַק האָבער״, וואָס שפּיגלט אָפּ אויף אַ טראַגי־פֿאַרסישן שטייגער די מלחמה־הפקרות, אויף וועלכער ס׳איז געווען אויס־געשטעלט דאָס שוצלאָזע יידיש לעבן אין די פּוילישע שטעטלעך. די נאָ־וועלע איז געשריבן פֿליסיק, סביבהדיק מיט אַ סך כאַראַקטערן־קענטעניש. דערצו איז זי געבויט ספּיראַל מיט קרייזלדיקע אויפֿשטייגן און אַראָפּפֿאַלן און צום סוף מיט אַ גאָר אומדערוואַרטעטער אויפֿבינדונג.

טאַטע־מאַמע צוזאַמען מיט דער רוישיקער משפּחה זענען זיך מפֿרנס פֿון אַ שפּייז־געוועלבל מיט אויסגעליידיקטע פּאָליצעס; נישטאָ וואָס צו קויפֿן און וואָס צו פֿאַרקויפֿן. די נויט דריקט ממש צו דער וואַנט, אָבער מ׳קאָן זיך גאָרנישט העלפֿן. אמת, ס׳זענען פֿאַראַן זייטיקע מלחמה־געשעפֿטלעך פֿון וועלכע מ׳קאָן אָפּלעקן אַ ביינדל. אָבער דער טאַטע איז אַ צו גרויסער עקשן און נאָך אַ גרעסערער פּחדן, אַז ער זאָל זיך לאָזן אויף גליטשיקע וועגן,

פֿאַר װעלכע מ׳קאָן — חס־ושלום — פֿאַרשיקן קיין סיביר, אָדער גאָר הענ־גען. די האַרציק־באַזאָרגטע מאַמע װישט די אויגן, אָבער זי האָט נישט קיין עצה...

מאַכט זיך אַ מעשה, אַז פֿאַרטאָגס, װען מ׳האָט נאָר װאָס געעפֿנט ס׳געװעלבל, באַװייזט זיך אַ קאָזאַק מיט אַ זאַק האָבער אויפֿן אַקסל. ער װיל פֿאַרקויפֿן. דער טאַטע, אַן אָפּגעשראָקענער פֿון די מלחמה־איבערלע־בענישן, שרייט צו דער מאַמע, אַז זי זאָל זיך נישט דערװעגן קויפֿן, װייל מי־יודע װאָסער שטראָף עס קומט דערפֿאַר. די מאַמע װידער, װאָס טראָגט דעם שװערן עול פּרנסה, װיל יאָ קויפֿן. הייבט זיך אָן אַן אַמפּערניש צװישן טאַטע־מאַמע ביז עס מישט זיך אַריין דער קאָזאַק.

„כאַפּט זיך דער קאָזאַק, אַז דער טאַטע שטייט אים דאָ װי אַ ביין אין האַלדז און גיט זיך מלא רציחה אַ דריי אויס און פֿאַרפֿאַרט אים — אָן שום טענה־ומענה — אַ זעץ אונטערן האַרץ. און אויב דאָס איז װייניק, קריכט ער נאָך צו דעם־צו — אַריין מיט אַלע פינף פֿינגער אין דער באָרד זיינער: ס׳װעט דאָ זיין דיין טויט אויפֿן אָרט, אַז דו װעסט איר נישט לאָזן קויפֿן דעם האָבער״. דער קאָזאַק מורמלט: „געזען עפּעס? אַ ייד, אַ צלמניק? אַ נקי־קפּימניק? (נישט אינגאַנצן פֿאַר מיר פֿאַרשטענדלעך אַזעלכע עפּיטעטן אין אַ קאָזאַקס מויל... — ל. פּ.) „ער װיל גאָרנישט דעם האָבער! פֿאַר װעמען האָט ער אים געגנבעט, אויב נישט פֿאַר זיינעטװעגן?״ לית ברירה האָט זיך דער טאַטע באַהאַלטן ערגעץ אין אַ קעמערל און דורכן װענטל זיך צו־געהערט צום טריפֿהנעם משא־ומתן מיטן קאָזאַק.

הכלל, די מאַמע האָט געקויפֿט דעם האָבער אינגאַנצן פֿאַר אַ דרייערל. דערװייל קומט אַריין אַ רייטער און פֿאַרלאַנגט האָבער. אין געגנװאַרט פֿון קאָזאַק קװעלט זיך די מאַמע צו פֿאַרקויפֿן דעם האָבער אויף אַ העכערן פּרייז. דער קאָזאַק הייבט דעריבער אַליין אָן צו פֿארקויפֿן פֿאַר אַ רובל אַ טאָפּ האָבער. באַלד שיטן זיך אַריין אַנדערע מיליטער־לייט קויפֿער און דער קאָזאַק שיט יעדן אָפּ אַ טאָפּ האָבער פֿאַר אַ רובל. יעדעס מאָל לייגט ער אַװעק ס׳געלט אויפֿן טיש ביז עס קלייבט זיך אָן אַ באַרג מיט געלט. די קונים קריצן מיט די ציין, װאָס זיי מוזן צאָלן טייער פֿאַר האָבער. מיט דער יידענע װאָלטן זיי זיך שוין איינס־צװיי אָן עצה געגעבן, אָבער פֿאַרן קאָזאַק האָבן זיי מורא. װען דער גאַנצער זאַק האָבער איז שוין אויספֿאַרקויפֿט, פֿאַר־לאַנגט דער קאָזאַק הכנעהדיק עפּעס פֿאַר זיין טירחא. די מאַמע ענטפֿערט — „נעם דיר װיפֿיל דיין האַרץ גלוסט. װאָס האָסטו ביי מיר צו פֿרעגן? ס׳געלט

ליגט אויפֿן טיש און ס׳איז אַזוי גוט דיינס ווי מיינס״. ער האָט שעמעוודיק אַראָפּגענומען צוויי איינציקע רובלס און איז אַוועק מיט אַ דאַנק. ווען דער קאָזאַק איז אַוועק איז דער טאַטע אַרויסגעקראָכן פֿונעם באַהעלטעניש און מיט שטוינונג געקוקט ווי די מאַמע ציילט ס׳געלט. די מאַמע זאָגט צו אים:

„נו, יצחק, וואָס ווערסטו אצינדערט זאָגן? ס׳איז גוט פֿאַר דיר וואָס דו האָסט אַריינגעכאַפּט, זייער גוט. האָסט דיר דאָס ערלעך פֿאַרדינט. דאָס האָט מען דיר געוויזן פֿון אויבן זאָלסט נישט זיין קיין היצעל... ביזט נישט מחויב נאָכצולויפֿן נאָכדעם... אָבער, אַז ס׳קומט דערמיט צו דיר אין שטוב אַריין? וואָרן, איך קויף, חלילה, פֿאַר נחת? וואָס, איך וויל רייך ווערן ביי דער שריפֿה? און נישט — ווייל די מלחמה האָט אַזוי ענג פֿאַרצויגן דעם שטריק אַרום האַלדז?״

קומט דער לעצטער אַקאָרד אַרויס זייער רירנד; עס שלאָגט מיט וואָרהאַפּטיקער מאַמעשער האַרציקייט. די נאָוועלע איז געשריבן אימפּול־סיוו, לעבעדיק, פּשוט, אומגעקינצלט מיט פֿאָלקסטימלעכן חן און יידיש־שטוביקער וואַרעמקייט.

בעת מ׳לייענט היינט בימקאָס נאָוועלן, אין וועלכע ער שילדערט מיט זיבן חנען ס׳שטעטלדיקע לעבן, קלעמט ממש ביים האַרצן. דאָס איז דאָך אַ פֿאַרשווינדענע וועלט, אַ וועלט, וואָס איז פֿון אונדז אַוועק אויף אייביק; איצט לעבט זי נאָר אין דער לעגענדע.

ביידע בענד ניין און צען זענען נישט פֿון איינהייטלעכער פֿאָרם און קאָנ־סטרוקציע און אויך נישט פֿון איינהייטלעך־טעמאַטישן שטאָף. כּמעט צוויי דריטל פֿון ניינטן באַנד זענען אויסגעפֿילט מיט לאהובי ידידי־בריוו געהאַלטן אין טראַדיציאָנעל־יידישלעכן נוסח. טיטולירט: „לאהובי ידידי שאר בשרו עם זגתו תּחי׳ מיט אַלע דיינע קינדערלעך לאריכת ימים ושנים״. געחתמעט: „ממני דיין גליד־געשוועסטער־קינד — קלמן יאַנקל״. ווייטער קומט די פּוילישע אימפּרעסיע „די אַלטע קרעטשמע״, נאָכדעם גייען זעקס נאָוועלן פֿון אלגעמיינעם מלחמה־לעבן; זיי זענען נישט דירעקט פֿאַרבונדן מיטן יידישן שטייגער. אין צענטן באַנד — אַ רייע נאָוועלן, וואָס גיבן דעם קרומען שפּיגל פֿון דעם יידישן מלחמה־מסחר, באַלד נאָכדעם — די סעריע קדושים־נאָוועלן, און צום סוף דער ציקל א. נ. „אין איינעם אַריין״ פֿון פֿאַרשידנאַר־טיקן פֿאַרנעם.

די בריוו זענען געשריבן אין אַ גערעדטער שפּראַך, אידיאָמאַטיש און דערביי כּמעט דיאַלעקט. ס׳שפּירט זיך אין איר די ברייטע אויסשפּראַך, צע־

צויגענע זונגיקייט און פוילישער מעטאַפֿאָרישקייט, וואָס איז כאַראַקטע־ריסטיש פֿאַרן יידיש, וואָס מ׳רעדט אין דער קיעלצער פּראָווינץ, אָדער ווי ס׳פֿאַלק רופֿט עס „אין מלך אביונס גיטער”... ביי דער גאַנצער נאַטירלעכ־קייט פון דער שפּראַך און וואָרהאַפֿטיקייט פֿון אינהאַלט, וואָס דערציילט פֿון די שווערע מלחמה־איבערלעבענישן, איז אין די בריוו קאָנטיק אַ געוויסע סטיליזאַציע פֿון טראַדיציאָנעלן נוסח און אַ בכּיוונדיקע גרופּירונג פֿון גע־שעענישן. די בריוונשטעלערישער סטיליזאַציע פֿון די מלחמה־צרות איז אַרויסגעקומען אַ ביסל שאַרזשירט. דערצו ליידט דער חיתוך־הכּתב פֿון די בריוו פֿון איבערפֿליסיקייט. בימקאָ איז נישט שפּאָרעוודיק, באַרעדעוודיק. אָנשטאָט עפּעס נישט צו דערזאָגן, זאָגט ער גאָר איבער.

דער פֿאַרשווענדערישער אויטאָר איז צו פֿיל פֿאַרליבט אין אויפֿגעשריי־בענעם און קאָן זיך נישט פֿאַרגינען אַרומשניידן די „שלעפּעס”.

געוויס זענען בימקאָס מלחמה־נאָוועלן ס׳רוב געבויט אויף אויטענ־טישקייט, אויף פֿאַקטישע געשעענישן פֿון יענער צייט. אָבער נישט אין דעם ליגט זייער וויכטיקייט. ס׳שאַפֿן פֿון אַ קינסטלער באַגרעניצט זיך נישט בלויז מיט איבערגעבן פֿאַקטן, ווייל דאָס וואָלט גיכער געווען מעמואַריסטיק. קינס־טלעריש שאַפֿן הייבט זיך אָן ערשט דעמאָלט, ווען דער פּשוטער קאָפּי־רונגס־אַקט פון אַ באַשטימטן לעבנס־פֿראַגמענט ווערט איבערגעוועלטיקט. ערשט דער פּראָצעס פֿון דער א. ג. אינטואיטיווער וויזיע, קינסטלערישן קיצור פֿון אַ פֿאַראַנענער גאַנצקייט זאָגט עדות וועגן די שעפֿערישע מעגלעכ־קייטן. אין יעדער אַפֿילו אויף אַ געשיקטן שטייגער געמאָלענער קאָפּיע איז נאָכנישטאָ דער עלעמענט פֿון טאַלאַנט. ערשט, ווען דער אויטאָר שפּרייזט אַריבער די שוועל פֿון דערינערונגען און הייבט אָן די געשעענישן צו זען דורך דער פּריזמע פֿון אייגענער סענסיטיווקייט און אייגענעם באַנעם, הייבט זיך אָן אַרויסשפּירן זיין טאַלאַנט.

בנוגע דעם דאָ שוין באַהאַנדלטן מאַטעריאַל איז דאָס שייך קודם־כּל די „רעקרוטן” און אויך די זעקס נאָוועלן אין ניינטן באַנד.

אין ,זיין חטא” לדוגמא פֿירט בימקאָ אַרויס אַ תּם משה לופּע, וואָס פֿלעגט אָפּוואַרטן די חדר־יינגלעך, אויסנאַרן ביי זיי שטיקלעך ברויט און דערפֿאַר זיי וויזן פֿאַרשידענע קונצן, ווי זיך שטעלן אויפֿן קאָפּ, גיין אויף די הענט א. ד. גל. חוץ דעם פֿלעגט ער נאָכלויפֿן די בעלי עגלות אין די גאָרקיכן. עפּעס האַלב־מענטש, האַלב־בהמה, וואָס האָט געהאַט צוויי תּאוות: עסן און אָנטרייבן פֿערד. אַלע האָבן אים „באַוואונדערט” און געחוזקט. מלח־

מה־צייט האָט מען אים אָנגענומען פֿאַר אַ שפּיאָן; די צאַרישע מיליטער־מאַכט האָט אים פֿאַראורטיילט. דערציילט בימקאָ מיט פּסיכאָלאָגישער אַריינגעטועניקייט וועגן די רויע שפּירונגען און שטומע אַנונגען פֿון אַ תּם, וואָס האָט אין אַנבליק פֿון טויט עפּעס פּלוצים אַנגעהויבן מערקן, אָבער באין־אופֿן נישט געקאָנט זיך אויפֿקלערן, וואָס עס קומט פֿאַר אַרום אים. איז דאָ מעגלעך פֿאַראַן מלחמה־אויטענטישקייט, אָבער ס'איז שוין בפּירוש צו זען ס'איבערווינדן די הוילע פֿאַקטן און געבן זיי אינעווייניקסטע געשטאַלטונג.

צום זעלביקן זשאַנר געהערט אויך די נאָוועלע „דער רייטער". בעת דער מלחמה איז אין אַ פּוסט פּויליש דאָרף פֿאַרוואָגלט געוואָרן אַ רוסישער רייטער. ס'דאָרף איז אויסגעליידיקט געוואָרן פֿון מענטשן. אין איין הייזל איז אָבער געבליבן אַ קראַנקער פּויער מיט זיין טאָכטער, דער געזונטער תּאוו‏הדיקער מויד — יולקע. דער רייטער האָט זיך ביסלעכווייז צונויפֿגעלעבט מיט יולקע. דער אויטאָר פֿלעכט דאָ אויס אַ בילד פֿון געגנזייטיקע באַציאונגען צווישן פֿרעמדן פֿאָרל — תּאווה, הונגער, רחמנות, צאַרטקייט, איבערגעבנקייט, היימבענקשאַפֿט, מוטער־באַציאונג צום פֿרעמדן עלנטן רוס א. ד. גל. און ענדיקט זיך מיט אַ גרויסן בלוט־אָפּפֿלוס ביים פֿאַרוואונדעטן רוס.

„ — יולקע, דערוואַרעם מיך".

„יולקע וואַרעמט אים, אָטעמט אין אים אַריין איר אָטעם ער זאָל צוריק אָנהייבן לעבן מיט איר, נאָר ער פֿאַלט אַרויס פֿון איר בוזים ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים. און זי צעבעקעט זיך ווי אַ קו בייב אָפּקעלבן זיך: נישט געקענט דיך מער דערוואַרעמען דאָס מאָל, איוואַן, נישט געקענט".

הגם דער אויטאָר נוצט דאָ שטאַרקע ווערטער און די „העלדן" זענען פּרימיטיווע נאַטורן, איז די אַלגעמיינע ליניע פֿונדעסטוועגן געצייכנט געצוג דיק. בעצם ברענגט ער דאָ צום אויסדרוק די גרונט־עלעמענטן פֿון מענטשנס צונויפֿלעבן. ס'ווערט אויסגעמיטן די סאָציאַלע זייט און דערפֿאַר אַרויסגערוקט מער אין פֿאָדערגרונט — דער ביאָלאָגיש־פּסיכאָלאָגישער עלעמענט.

בלי־ספֿק איז בימקאָס שטאַמיקע און זאַפֿטיקע שפּראַך איינער פֿון זיינע הויפּט־אינסטרומענטן מיט וועלכן ער קאָנסטרווירט נאָוועלן און גרעסערע דערציילונגען. זי צייכנט זיך נישט אויס בלויז מיט שפֿע, נאָר איז דער־עיקרש פֿולזייטיק און פֿולפֿאַרביק. זי שפּאַרט ביי אים אַרויס פֿון אַלע ווינ־

קעלעך אין יידישן מאַסן־לעבן. פֿאַר יעדער געשעעניש, סיטואַציע, איבער־ברוך א. א. וו. האָט ער באַלד געגויע שפּראַך־„דעקונג" און ס׳איז באַ־שיימפּערלעך צו זען, אַז די שפּראַך וואַקסט ביי אים צוזאַמען מיט די גע־שעעניש. ווען ער מאָלט אַ „העלד" אָדער אַ סביבה מאַכט זיין שפּראַך אַדורך די זעלביקע גילגולים וואָס דער סיוזשעט. זי איז ביי אים נישט קיין צושפּיל צום סיפּור המעשה, נאָר איז אָרגאַניש פֿאַרפּלאָכטן מיט דעם, וואָס עס קומט פֿאָר. אין דער שוין דערמאָנטער נאָוועלע „זיין חטא" שטעלט ער פֿאָר זיין „העלד":

„דאָס איז געווען אַ יינג אַ פּרא־אדם — אַ שטיק חוש. אויסגעוואַקסן אַ שטיק גלאָמב; אַ ברייטע צעליאָבערטע בריאה, פּלאָט־פּיס און מיט אַ גרויסן קאָפּ — אָרעם אין שכל. אויגן־פּיצלעך אונטער גרויסע ברעמען, וואָס האָבן געמרוזשעט ווי ביי אַ פֿאַרשלאָפֿענער קאַץ".

אין אָט־די געציילטע פֿיר שורות איז דאָ — שטייגער, פֿאָלקסטימ־לעכע מעטאַפֿאָרישקייט און טיף־פּוילישער נוסח. ממש יעדעס וואָרט איז איינגעוואָרצלט אין יידיש־פּוילישן שטייגער. ס׳קומט עפּעס אויס, אַז זיין שפּראַך־פּולזייטיקייט און אומעטומקייט, איר באַזונדערע שטייגער־קאַרבן און שטייגער־קנייטשן, איר סביבה־אייגנטימלעכקייטן און סביבה־קאָלאָריט שטעלן פּשוט צונויף אַ שפּראַך־פּייזאַזש. און אַזוי נאַטירלעך און פֿאַרכאַפּנ־דיק ווי ס׳איז אַ לאַנדשאַפֿט אַזוי אוממיטלבאַר און לעבנסטריי איז בימקאָס ברייטער שפּראַך־לייוונט.

דערפֿאַר אָבער איז דער סינטאַקס פֿון זיין זאַץ אַ הינקענדיקער; אָפֿט איבערגעלאָדן, באַהאָנגען מיט בייזאַצן און צווישן־זאַצן. נישט איינמאָל פֿאַלט מען אַריין אין אַ ווערטער־דזשאָנגל, אַז ס׳פֿאַרפֿעלט אַזש אָטעם. עס ראַ־טעווע אים אָבער דאָס געזונטע אַרויסשפּירן אין דער שפּראַך דעם נאַ־טירלעכן פֿאָלקס־ריטם. ס׳איז אויך צו זען פֿון דעם, וואָס קוים פּרואוווט בימקאָ שרייבן אויף די טעמעס, וואָס וואַקסן אַריבער דעם פֿאָלקס־ניוואָ און שטייגט ממילא אַריבער די מדרגה פֿון דער פֿאָלקס־שפּראַך, קומט עס ביי אים נישט אַרויס איבעריק מזלדיק, ווי עס איז צו זען פון זיין מיס־טעריע „פּראָך". און אויב ער קאָן אַמאָל נישט באַהערשן דעם יצר הרע און פּרואווט שפּאַנען איבער זייטיקע נישט־רעאַליסטישע שטעגן, איז עס פּשוט אַליין־נאַרעריי, וואָס שלאָגט זיך שפּעטער אָפּ אויף זיינע רעאַליסטישע נאָוועלן און דראַמעס, וואָס זענען זיין אייגנטלעכע קינסטלערישע סטיכיע.

ס׳קען דעריבער ביי בימקאָ נישט זיין קיין רייד וועגן מוקדם פֿון מענטש און מאוחר פֿון וואָרט אָדער פֿאַרקערט. גיכער איז ביי אים צו זען אַ פּאַראַלעליזם צווישן וואָרט־געשטאַלטונג און מענטש־געשטאַלטונג. ס׳איז אַ גלייכגעוויכטיקער הא בהא תליא.



אינגאַנצן אין אַ זייט פֿון זיין ביזאַיצטיקן רעאַליסטישן טראַקט איז פּ. בימקאָ אַוועק מיט זיין מיסטעריע „פּראַך״. ביז אַהער האָבן מיר אים געזען אויפֿכאַפּן טאָג־טעגלעכע דערשיינונגען, איבערקאָכן איינדרוקן, אימפּולסיוו דערציילן וועגן רעאַלע פֿאַרקומענישן און פּלאַסטיש שילדערן וואָכעדיקע איבערלעבענישן. איצטער האָט ער זיך גאָר פֿאַרנומען פֿאַר־וואַנדלען דעם פֿאַקט אין זיין שאָטן, אַוועקנעמען ביי די געשעענישן זייער רעאַל־סאָציאַלן יסוד, אַרויסציען פֿון טאַטזאַכן זייער אַבסטראַקטן הויך און אַלץ אַ קער טאָן אין אַ געווירבל פֿון נעפּלהאַפּטיקע וויזיעס. איז דאָס טאַקע עפּעס, שמעו שמים, וואָס קאָן זיך אַלץ „טועז פֿאַרלויפֿן״... זיין רבי, י. מ. ווייסנבערג, דער דורכאויסקער רעאַליסט, האָט ערשט ביים פֿאַרנייג פֿון זיינע יאָרן זיך פֿאַרמאָסטן אויסצובויען אַ מעטאַפֿיזישע מיסטעריע א. ב. „אין דער טיפֿער אייביקייט״, אין וועלכער ער האָט ווי אַ שווערלייביקער פּלאַסטיקער גענומען „שוועבן״ צווישן וואָלקנס. דאָס האָט געזאָלט זיין אַ ליטעראַריש־פֿילאָזאָפֿישער לעבנס־סך־הכּל און ס'איז אַ ספֿק צי ער איז דערפֿון אַרויס מיט טריאומף. זיין תּלמיד, פּ. בימקאָ, אָבער האָט ס'זעלביקע געפּרואווט טאָן אין זיינע סאַמע בחורישע פֿונאַנדערבלי־יאָרן, אין טראַנס פֿון שאַפֿן זיינע פֿיינע רעאַליסטישע זאַכן. ער האָט דעמאָלט ערשט קוים אָנגעהויבן קייטלען ציפֿערן און אַפֿילו נאָכנישט דערוועגט זיך חלומען וועגן וועלכע ס'איז סך־הכּלען.

ער איז דערצו געשטויסן געוואָרן פֿון אַ דרויסנדיקן גורם — פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה מיט אירע פֿאַרניכטנדיקע רעזולטאַטן. פּ. בימקאָ האָט דעמאָלט געוואוינט אין אַ טיף־פּוילישער פּראָווינץ־שטאָט. איבער וועלכער ס'האָבן אַדורכגעמאַרשירט די געגנערישע אַרמייען און נאָך זיך געלאָזט חורבן און פֿאַרוויסטונג. אין אַלגעמיינעם און בפֿרט אין יידישן לעבן איז דערגאַנגען צו אַן איבערקערעניש, פֿאַרפֿאָלגונגען, גירושים און פֿאַרשיקונגען. הונגער, שמוץ, און מגפֿה. האָט דאָס אים באַוואויגן צו פֿאַר־טראַכטן זיך איבערן מהות פֿון קריג. ער האָט זיך נישט פֿונאַנדערגעקליבן אין דעם סאָציאַל־היסטאָרישן פּלאָנטער פֿון פּאָליטיש־עקאָנאָמישע קאָנ־פֿליקטן, נאָר געזוכט צו באַנעמען דעם אַלגעמיינעם פֿאַרניכטונגס־כּוח, וואָס שטעקט אין דער מלחמה, אין דעם פֿאַקט, וואָס פֿעלקער האַלטן זיך אין

געמיינזאַמען אויסמאָרדן. זיין אַלגעמיינער צוגאַנג האָט אים געמוזט פירן צום מיסטעריעזן באַנעמען די נאָכאַנאַנדיקע יידישע וועלט־דראַמע. יעדע מלחמה איז נאָר אירס אַ באַזונדערער אַקט, וואָס דרינגט אוממיטלבאַר אַרויס פון די פאַקטישע אומשטענדן. אָט־די אַקטן, וואָס ווערן פעריאָדיש אָפּגעוועקסלט, זענען אָבער געטריבן דורך אַן אומגעזעענע נעגאַטיווע קראַפט. ביים סימבאָליזירן די דאָזיקע נעגאַטיווע, צעשטערערישע, קראַפט באַנוצט זיך בימקאָ מיטן יידישן — שטן. דער שטן איז דאָך די פאַרקערפערונג פון שלעכטס, פינצטערניש, שנאה צום מענטשלעכן מין, פאַרלייקענער פון געט־לעכן כוח, וועקער פון די פאַרבאָרגנסטע תאוות, אָנרעדער צו אַלדאָס בייז און דעריקרשט — דער פאַרשפרייטער פון טויט. איז דאָך באַקאַנט ריש לקישס געפליגלטע באַצייכענונג פון שטנס פערסאָניפיקאַציעס — „הוא שטן, הוא מלאך המות, הוא יצר הרע". דער שטן באַווייזט זיך תמיד צום מענטשן אַ פאַרשטעלטער, מ׳זאָל, חלילה, נישט דערזען זיין מיאוסן פרצוף און זיך נישט כאַפּן אין זיינע טייוולאָניש־אונטערשטעלישע גענג. ער פאַר־שטעלט זיך אין זיין קעגנזאַץ — אין אַ רייצנדיקער יונגע פרוי, אַ יפת־תואר, אָדער אין אַ געאיידלטן צדיק גמור. די מיסטעריע עפנט זיך מיט די ווערטער פון שטן, וואָס „קומט־אָן פון ערגעץ־נישט, גייט מיט זיינע גענדזע־נע פיס אויף דער ערד, און ס׳פּנים קוקט ערגעץ אַרויס פון צווישן די וואָלקן". ער זאָגט:

אַ געלעכטער בלויז
פון אַ שוואַכער בריאה, אַ מויז,
האָט אויפגערודערט דעם זומפּ,
וואו ס׳האָבן שטומפּ,
ווי אָקסן זיך געשפּאַרט
די האָרדע.
אויסגעצויגן שטייף די מאָרדעס.
עקשנותדיק האַרט,
געשמיסן פון רעגן
פייער און ווינט,
אויסגעבליבן אויף די וועגן —
וואו זיי האָבן געצאַפּלט בלינד
מיט דער מיתה
און געשטאָרבן אָן גסיסה.

דער שטן דערשיינט בעת אַ רעגן פֿון בליי און שוועבל, ווען מענטשן און ישובים ווערן אויסגעריסן מיט די וואָרצלען. ווי אַ קעגנגעוויכט צום שטן ווערט אַרויסגעפֿירט אַ גלייביקער רבֿ, וועלכער לאָזט זיך נישט פֿאַרפֿירן פֿון בייז. הייבט זיך אָן דער אַלטער געראַנגל צווישן איוב און שטן. איז עס אַ וועלט־געראַנגל מיט אויסבליק אויף גאולה. די מיסטעריע באַשטייט פֿון פֿינף טיילן געשריבן אין לייכטן פֿערז, געשריבן נאָך מיט צוויי און דריי־סיק יאָר צוריק. אַזוי, אַז אין דער יידישער ליטעראַטור איז דאָס כּמעט פֿון די ערשטע דערלייזונגס־דראַמעס. אין יאָר 1918 האָט זי אין כּתב־יד געלייענט דער שריפֿטשטעלער ש. י. סטופּניצקי און דעמאָלט געשריבן דער־וועגן: „עס איז פֿאַר מיר געווען אַן אנגענעמע איבעררעַשונג, ווען איך בין געקומען אין אַ פּוילישער פּראָווינץ־שטאָט און האָב דערזען אַ כּתב־יד, וואָס אַ יינגער קינסטלער האָט מיר פֿאָרגעלייענט אונטערן נאָמען „די געשיכטע פֿון אַ קריג" (דאָס איז דער ערשטער נאָמען פֿון דער מיסטעריע — ל. פּ.) אַ פּאָעמע אין פֿינף טיילן, געשריבן אין ווייסן פֿערז, אין וועלכער עס ווערט געגעבן אַ ברייט בילד פֿון דעם, וואָס דער קינסטלער האָט געזען און איבער־געלעבט".

נאָכדעם ווי ש. י. סטופּניצקי גיט אָן אינהאַלטלעכן איבערזיכט פֿון ווערק, פֿאַרענדיקט ער: „דאָס ווערק איז ברייט און טיף געפּאַסט. נישט אומעטום האָט דער מחבר געהאַט די נייטיקע מיטלען אום זיין שטאָף צו באַהערשן. יעדנפֿאַלס האָט דער מחבר פּ. בימקאָ פֿון קיעלץ באַוויזן גוטן ווילן און קינסטלערישע שאַפֿונגס־פֿרייד. דאָס ווערק וועט זיין אַ געשעעניש אין אונדזער ליטעראַטור" („לובלינער טאָגבלאַט" 225 — 1918 — אונטער־געשריבן לויט אַ פּסיידאָנים — ק. פּיורקאָ).



אַרום און אַרום זייעט די מלחמה צעשטערונג און פֿאַרוויסטונג; ישובים גייען אַוועק מיטן רויך און יידישע קהלות ווערן אָפּגעשווענקט פֿון אויבער־פֿלאַך. יידן לויפֿן פֿאַרצווייפֿלט און צעטומלט פֿון איין שטעטל אין אַנדערן און האָבן דערביי אויסצושטיין צרות־צרורות פֿון די גוישע שכנים. טייל יידן ווערן פֿאַרביטערט און קלאָגן זיך אויפֿן יידישן גורל, ווייל יידן זענען אין דער מלחמה ס'כּפּרה־הינדל פֿאַר פֿרעמדע זינד. איינער קלאָגט:

כ'בין פֿון שיסן טויב
בנאמנות, אויב
ס'האַלט נאָך אָן אַ טאָג אַזוי,

גייט ס׳ביסל יידעלעך אַוועק
וויַ סנאָפּעס שטרוי
אויפֿן פֿייער,
פֿון הוילע שרעק.
**אַ בלינדער ייד ביטערט:**
ווי לאַנג איז דער שיעור צו וואָגלען?
די כוחות גייען אויס,
און די אויגן ווערן גרויס
אויסקוקנדיק די פֿרעמד;
שוין אָפּגעשיילט ס׳העמד,
און ס׳לייב איז גאָל,
גראָב געשווילעכטס, אַוודאַי דרייצאָל.

**די מלאכי חבלה פֿליען, מ׳ווייסט נישט ווי אַזוי זיי אויסצומיידן. צי זאָל מען לויפֿן אויף מזרח צי גאָר אויף מערב, אַז אומעטום האָגלען זיי מיט פֿייער. די צעמישטע לויפֿער פֿרעגן:**

ס׳ווייסט כאָטש עמעץ
וואו דער וועג ציט,
ס׳זאָל מער זיכער זיין
מיט לעבן אַ ייד.
**אַן אַנדערער ענטפֿערט:**
מ׳זאָל אַזוי וויסן
פֿון שלעכטס,
אויב לינקס, צי רעכטס,
אויב גאָר אין דער מיט.

**צווישן די צעשראָקענע און צעפּלאָשעטע יידן קריכט אַרום דער שטן. ער דערשיינט פֿאַר זיי יעדעסמאָל אין אַן אַנדער געשטאַלט: דאָ ווי אַ פּשוט־ טער ייד, נאָכדעם ווי אַ כּעל־עגלה, ווידער ווי אַ צעפּאַטלטער ייד א. א. וו.**

**וואָס מער מ׳לייענט זיך אַריין אין דער מיסטעריע מיט איר קורצן פֿערז, אַלץ מער איז קאָנטיק דער איינפֿלוס פֿון י. ל. פּרצעס מיסטעריע „ביינאַכט אויפֿן אַלטן מאַרק״, באַזונדער אָבער דערמאָנען אונדז דעוועגן די פֿיגור פֿון יונה נאַר, „עמיץ״ און דער משוגענער לץ, וואָס איז אין תּוך אַ כּופֿר. דער שטן ווידער גיט זיך אַליין אויס פֿאַרן שורש פֿון מלחמה. ער פֿאַרנעמט**

זיך אויסצורוימען ביי דער צעטומלטער עדה יעדן קערן פֿון אמונה און יעדן שיין פֿון קדושה. זאָל די מלחמה־צעשטערישקייט זיין פֿאַר אַלע אַ באַשיימ־פערלעכער באַוויז, אַז גאָט נעמט נישט אונטער זיין שוץ ס׳פֿאָלק ישראל. ער וויל דעריבער אויספּרואוון זיין שדישע שליטה. אָבער דער רבי, דער צדיק, שטויסט אָפּ דעם שטן פֿון אַלע זיינע טמאדיקע פֿאַרמעסטן. דער שטן זעט אינעם רבין זיין גרעסטן שונא.

כ׳זע די שכינה שיינט
אויף זיין קאָפּ,
און ס׳פֿלאַטערט
די אימה אַראָפּ
ביי אים —
ווי דער ווינט
אַרום
אַ פֿאַרלאָזטער הרוג.
ס׳קוקן טריב די אויגן, פֿאַרמאַטערט,
מיט אַ חושכדיקן בליק,
ווי שוואַרצהאַריק
ס׳פֿעלד איז.
אַ גיבור אין קייטן, אַ ריז,
קומט זיך פֿאַרמעסטן
מיט מיר, דעם גרעסטן
פֿון די מלאכי חבלים,
וואָס האָט ביז אַהער
געהאַט שליטה בלויז אין חלום.

און דאָ האָבן מיר אין „פּראָך“ ווידער אַ נייעם גילגול פֿון אייביקן ויכּוח צווישן פֿאָלק ישראל מיטן בורא־עולם וועגן תּכלית און זינען פֿון דער יידישער מאַרטירערשאַפֿט, פֿון דעם נאָכאַנאַנדיקן יידישן בלוט־אָפּפֿלוס. די גע־שיכטע פֿון דער יידישער אומה איז אַ געשיכטע פֿון שחיטות מיט קורצע אָטעם־פּויזעס. ווֹעמען איז נייטיק אונדזער פּערמאַנענטע עקדה? ווער דאַרף כּסדר אונדזערע קרבנות?

גלייביקע יידן זענען ביי זיך פֿעסט, אַז יעדער יידישער חורבן, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט גרויסע חבלי־מיתה טראָגט אין זיך באַגלייך די זוימען פֿון חבלי־לידה, פֿון גאולה, דער ענדגילטיקער משיחישער דערלייזונג אונדזערער.

שחיטה פירט צו ווידערגעבורט. אויך די איצטיקע בלוטיקע מלחמה, וואָס איז אין איר ערשטער פּאַזע דערעיקרשט אַ יידישער חורבן, מוז לויטן גלייביקן פירן צו עליה און גאולה. דער שטן פרעגט אָבער בייסיק ביי די שטאַרק־גלייביקע:

לוינט פאַר איר אַפילו
דעם האַלדז צו שטרעקן,
כדי אויפצואוועקן
דעם באַוואוסטזיין פון קנעכט:
„נאָט אייך, שעכט!“
און לאָזט אַראָפּטריפן
ס׳בלוט אין דעם הייליקן בעקן
פונעם גאָלדענעם מזבח,
און מיט דעם טיפן
געשמאַקן ריח
אויפוועקן
צווישן מיליאָנען עבדים
דעם אייגענעם בן־אדם
אין אים?
איז דאָס נישט קרום,
פרעג איך אייך, קעלבער, שטומע?

זענען דאָס רייד געזעצטע, בלוטיק־אמתע און היינט־צו־טאָג שטאַרק אַקטועלע. נישט מער זיי שטאַמען פון אַ טמאדיקן קוואַל, פונעם שטן, וואָס מיינט נישט דעם אמת און צדק פאַר זיך גענומען. ער נוצט אים נאָר ווי אַ ווירקזאַם מיטל אָפּצואווענדן דעם גלייביקן פון רעכטפאַרטיקן וועג און אים שוין שפּעטער דערפירן צו עבודה־זרה און לסוף אין שאול תחתיה אַריין... ענטפערט אים דער רבי:

אונדזער אומה
האָט אירע וואָרצלען שטעקן
טיף אין דרערד.
און די שווערד
רייבט נאָר אויס איר שאַרף ביי זיי.
ביי יעדן אבר, ס׳ווערט אָפּגעשניטן,
גייט אין מיטן

פֿון דער וועלט אַדורך אַ ווײַ
געשריי,
און אַ בײזער גרויל
צערײַסט די ווינקלען פֿון מויל.

דער שטן לאָזט נישט ווײַטער „פּלאַפּלען" וועגן משיחן. מיט וויפֿיל בלוט דאַרף דאָס יעדער ייִדישער דור באַצאָלן, אַז משיח זאָל ענדלעך קומען? איז נישט די איצטיקע מלחמה די סאַמע בלוטיקסטע צײַט פֿאַר ייִדן, אַז משיח זאָל זיך שוין ענדלעך פֿאַר זײַ אַנטפּלעקן? ווי לאַנג וועט מען זיך אַזוי לאָזן נאַרן און מיטמאַכן דאָס אומזיניקע פֿייער־שפּיל? דער שטן פֿרעגט:

ווען זאָל נאָך משיח געבוירן ווערן,
אויב נישט איצט,
ווען אויף אייער שטערן
איז העל אויסגעקריצט
דער טויט.
ס'ווערן בלוטיק רויט
פֿאַרברענט אייערע שטעט,
און מ'צעטרעט
ישובים פֿון דורות.

אויף אָט די לאָגישע טענות פֿון שטן האָט דער רבי גאָרנישט וואָס צו דערווידערן. ער פֿטרט זיי אָפּ מיט „שטאַרקע" ווערטער וועגן אמונה לשם אמונה. אמת, די ייִדישע ישובים ווערן אָפּגעמעקט פֿון דער וועלט, אָבער דער דעטערמינירטער גאַנג פֿון ייִדן איבער דער וועלט בלײַבט ווײַטער אומאויפֿגעקלערט. קיין שום ילוד אשה איז נישט מסוגל צו באַנעמען דעם סוד פֿון ייִדישן שיקזאַל און קיינער איז נישט ביכולת צו קאָרעגירן זײַנע וועגן. די מאמינים בני מאמינים ווילן זיך אפֿילו נישט אַרײַנטראַכטן אין דעם, וואָרן מיט גרויס בטחון גיבן זיי זיך איבער די הימלישע באַשערטקייטן. דער רבי זאָגט:

טאַקע די ישובים פֿאַרלוירן
אין דער מהומה,
אָבער נישט אונטערגײן
וועט דורכדעם די ייִדישע אומה.
שטאַרקן די אמונה,
דעם גלויבן,

אַז מיט אונדזער בלוט
ווערט אָפּגעשוועכט
פֿון דער ערד די טומאה.
און אַז יעדער הרוג גיט
צו אויבן
כּבוד,
וואָס ווערט אַזוי הייס אויסגעבענקט
ביי אים —
אלהים.
מיר יידן מוזן טראָגן
דעם גרויסן עול,
און אַזוי לאַנג קריגן געשלאָגן,
ביז גאָטס קול
וועט זיך לאָזן הערן
אויף ליכטיקע מויערן,
און זונען נעמען שטראַלן
אויף פֿינצטערע טויערן.
קלאָרע טרערן
רינען
פֿון זיין אייביקן ברונען.
מן ווי שניי אויספֿאַלן.
אויף די שוואַרצע גרונטן
וואַרעמע ווינטן
בלאָזן.
און פֿון הינטן
וועלן נישט מער שרעקן
די גראָע פֿלעקן
פֿון זעלנערישע בגדים.

**זענען דאָס אַלטע רייד, וואָס עס האָבן געקייעט צענדליקער דורות און האָבן עד־היום נישט אַריינגעבראַכט קיין פּיצל ליכט אין די טונקלקייט פֿון אונדזער דרייטויזנטיעריקער וועלט־דראַמע. מיר האָבן פֿון גאָט אַ שליחות פֿאַר די פֿעלקער, און ביז גאָטס־ליכט וועט אויפֿגיין פֿאַר די פֿעלקער, וועט מען אונדז „דערווייל״ האַלטן אין איין קוילענען. דער שטן צעבייזערט זיך:**

און ווידער מלחמה,
עת צרה,
ווען איר האָט מער פאַר אַלע
געליטן,
געוועזן יעדן איינעמס כפּרה,
און דעם טויט
סוף־כּל־סוף נישט אויסגעמיטן.
אויך געזוכט די זעלביקע נחמה
און געמיינט, אַז די שוואַרצע כוואַליע
ברענגט אויך משיחן !
יידן שוטים ! ס׳זענען דורות פריער
אויכעט ווי איר,
אים אומגעהאָלפן זוכן
אויף דער שאַרף פון דער שווערד,
און ס׳האָט זיי פאַרשלונגען די קאַלטע ערד.

**היינט, נאָך דעם גרויסן פאָלקס־בראָך, ווייזן זיך אונדז אָט־די רייד אויס צו זיין נישט דעם שטנס; גיכער קאָן מען מיינען, אַז זיי שטאַמען פון אונדזער גרעסטן מליץ יושר, וואָס האָט דערזען דעם אומזין פון אונדזער משיח־טראַגיק. וואָס קאָן אים דערויף ענטפערן דער רבי, אויב נישט ווידער מיט בלינדן גלויבן און היסטאַרישער עקשנות.**

מיר וועלן אים אַקעגן
גיין, אויף אַלע ענדן.
ס׳וועלן זיך די וואָלקן לייגן
ווי די שעפּסן און בוקן
צו די פיס.
און וואו דער שונא וועט זיך ווענדן
צו אונדז אַזוי שלעכט,
וועלן מיר זאָגן: „שעכט !
שיס
אין אונדז אַריין ! ״
און נישט אויפהערן גיין.

**אויף וויפל מיר ווערן פון שאָטנס רייד אויפגעטרייסלט מיט פלאַמיקן צאָרן קעגן די קאַלטע הימלען, וואָס קוקן זיך צו אכזריותדיק־גלייכגילטיק**

צו אונדזער בראָך, און שענקען אונדז אַפּילו נישט קיין איינציקן מיטגעפֿיל־שמייכל, אויף אַזוי פֿיל ווערן מיר אינגאַנצן אַנטוואָפֿנט פֿון דעם רבּיס גע־לייטערט טראַגיש־תּמימותדיקן ענטפֿער. דער רבי, וואָס סימבאָליזירט דאָס שווער געפּראווט פֿאָלק ישׂראל, זעט און פֿילט די אַלע גרויליקע צרות, אָבער זיי זענען באַין אופֿן נישט בכּוח איינצוברעכן זיין טיפֿע אמונה. ער וועט ווייטער גיין אין די זעלביקע וועגן אַפּילו פֿאַרן פּרייז פֿון די בלוטיקסטע קרבנות. ער קאָן נאָר לעבן אַ יידיש לעבן, אַ לעבן, וואָס איז דורכגעגייס־טיקט מיט גרויס נביאיש ליכט. קיין אַנדער לעבן איז פֿאַר אונדז נישט ווערט געלעבט צו ווערן. דאָס איז אונדזער שיקזאַל־באַרוף, פֿון וועלכן מיר קענען זיך נישט און ווילן זיך אויך נישט באַפֿרייען...

ווי געזאָגט איז דאָס אַ נייער וואַריאַנט פֿון אַן אַלטן ויכּוח, וואָס מיר פֿירן מיט די פֿעלקער, וועלט און באַשעפֿער. דעם כּופֿרס רייד זענען גענוג שאַרף און זייער לאָגיש און מאָמענטנווייז אַפּילו איבערצייגעוודיק. אָבער דער אויטאָר האָט אין דעם רבּיס דערווידערונגס־רייד אַריינגעלייגט אַזוי פֿיל באַהאַרצטע וואַרעמקייט, אַז מיר ווערן פֿון זיי פּשוט מיטגעריסן. בימקאָ שטעלט דרייסט אַוועק די פֿראַגע פֿון אויסזיכטלאָזיקייט פֿון אונדזער בלאָנד־זשענדיקן משיחיזם, און מאָמענטנווייז קאָן זיך אפֿשר אויסדוכטן, אַז ער אי־דענטיפֿיצירט זיך מיט דעם שטנס רייד. אָבער ווייל ר׳איז אַ שרייבער, וואָס האָט צוזאַמען מיט דער מאַמעס מילך אין זיך איינגעזאַפּט אַלע נאַיווע דורות לאַנגע פֿאָלקס גלייבונגען, קאָן ער זיך פּשוט נישט באַפֿרייען פֿון פֿאָלקס־מיטאָס. אַוועקגיין פֿון די טראַדיציאָנעלע משיח־טרוימען, פֿונעם פֿאָלקס־גלויבן אין ענדגילטיקער וועלט־אויפֿריכטונג, אין וועלכער יידן וועלן זיין ס׳אייבערשטע פֿון שטייסל, הייסט פֿאַר בימקאָן — אַוועקגיין פֿון זיך גופֿא, פֿעלשן דעם אייגענעם „איך". דערפֿאַר קומט אויס, אַז דעם רבּיס בלינדע עקשנותדיקע רייד וועגן אייביקן חלום אַקעגנצוגיין משיחן, זענען באַגלייך די רייד פֿון אויטאָר, דעם גרויסן פֿאָלקס־קינד.

די לאַנג־צו־לאַנגע „מיסטעריע" פֿאַרמאָגט צוויי לייטנדיקע געדאַנ־קען: 1) דער צעשטערערישער אומזין פֿון די בלוטיקע מלחמות, וואָס ווערן בעצם אָנגעטריבן פֿון פֿאַרהוילענע בייזע כּוחות און 2) — די היסטאָרישע נאַציאָנאַל־רעליגיעזע ווידערשטאַנד־פֿעאיקייט פֿון שווערגעפּרואווטן פֿאָלק ישׂראל. ס׳איבעריקע זענען זייטיקע פּירושים. אָבער כּדי דאָס צו באַווייזן איז נישט נייטיק געווען אָנצושרייבן אַ בוך אַזש פֿון 524 זייטן. די קאָנסטרוק־ציע איז אַן אויסטערלישע, אַן אומבאַהאָלפֿענע. מיר בראָדזשען אין אַ דזשאָנגל

פֿון פֿריערדיקע און שפּעטערדיקע צעשווימענע סצענעס. דער פֿערז איז מאָמענטנווייז פֿײַן, באַחנט, פֿאַלקסטימלעך, אָבער צומערסט — צו־לײַכט אַרײַנפּלעכטעריש מיט אַ קנאַפּער בילדערישקייט. ועל כּולם ווערט מען דאָ ממש פֿאַרפּלייצט פֿון אַ מבול מיט רייד, וואָס קלערן נישט אויף די גרונט־טענדענצן פֿון דער מיסטעריע, פֿאַרקערט זיי פּלאָנטערן נאָכאַנאַנד. לויט בימקאָס דעמאָלטדיקע ייִנגע יאָרן איז דאָס אַוודאַי אַ דערוועגטע פּראָבלעם אַוועקשטעלונג, אָבער ס׳איז באַשיימפּערלעך צו זען, אַז די ריזיקע וועלט־טעמע האָט ממש איבערגעשטיגן בימקאָס דעמאָלטיקע שרײַבערישע מעג־לעכקייטן. אָבער אויך לויט זײַן ווייטערדיקן ד. ה. ביזאיצטיקן שרײַבערישן אַנטוויקלונגס־גאַנג איז קלאָר, אַז אַבסטראַקטע טעמאַטיק איז נישט אייגנ־טימלעך פֿאַר בימקאָס רעאַליסטישער „מוזע״. דאָס גרויסע וועלט־פּראָבלעם אַנטוויקלט אין „פּראָך״, נעמט בימקאָ אויף מיט ייִנגע יאָרן און אַ כּלומרשט „אַלט״ געמיט, אָבער נישט מיט רײַפֿן אינטעלעקט. ביים שאַפֿערישן אַרויס־ברענגען אין וואָרט אוניווערסאַלע פּראָבלעמען, מוז מען זיי אומבאַ־דינגט איבערגעבן אַ שׂכלדיקער פֿילטראַציע.

מאָדנע, פּ. בימקאָ, דער רעאַליסט, אויטאָר פֿון די קרעפֿטיקע „רע־קרוטן״־פֿיגורן, וואָס זענען פֿול מיט לעבנסלוסט, קומט אין „פּראָך״ צו דורכ־אויס פּעסימיסטישע אויספֿירונגען. נאָכן פֿירן אונדז איבער אומצייליקע קאָשמאַרפֿולע סצענעס, אָנגעפֿילט מיט עולם־התּוהודיקע געשטאַלטן און שאָטנס פֿון געשטאַלטן, קומט ער לסוף צו שוואַרצזעערישע טראַכטענישן. אַליין שוין דער נאָמען „פּראָך״ ווײַזט, אַז דער מענטש איז גאָרנישט, בלויז שטויב און געביין, עפֿר־ואפֿר. דערבײַ גלייבט ער, אַז דאָס „שטויב״־לעבן קאָן זיך קיינמאָל נישט אויסלעכטן פֿון בייז. אומעטום ווערט עס באַגלייט פֿון שׂטן. דער שׂטן רימט זיך:

כ׳גיי אייך נאָך אומעטום
אַלע וועגן פֿירן אַרום
דער וועלט,
אַלע טײַכן אין ים.
דער ים איז מײַן געצעלט,
און מײַן אָטעם, דער העלער פֿלאָם
פֿון אייביקן גיהנום.
פֿאַרנאַכט ביים טײַך,

און בייטאָג ביים שאָטן
פֿון בוים, וועל איך אַלץ זיין מיט אייך,
ווי פֿון אייביק, דער שטן.

גייט טאַקע אָן אַן אומאויפֿהערלעכער געראַנגל צווישן מלכות־שדי מיטן מלכות־הרשעה, אָבער דאָס לעצטע איז „דערווייל״ נאָך אַלץ נישט באַזיגט... אין דער אמתן צו־וואָס איז דער שטן, וואָס קומט צו אונדז אין געשטאַלט פֿון יצר־הרע, בכלל באַשאַפֿן געוואָרן? ער פֿירט דאָך שטענדיק צום שלעכטן. דער ענטפֿער איז, אַז אָן דעם יצר הרע וואָלט די וועלט נישט געהאַט קיין קיום. ער איז די שטויס־קראַפֿט צום לעבן און גיט אויך דעם מענטשן גייס־טיקע זעלבסטשטענדיקייט. דער מדרש זאָגט דערוועגן, אַז דער יצר הרע לאָזט נישט דעם מענטש בלינד צובינדן זיך צו אַלע געבאָטן, נאָר גיט אים אַ ברירה, פֿרייען אויסוואַל. וואָלט דער יצר הרע נישט גערייצט און נישט געוועקט אין אונדז די תאווה צום לעבן, וואָלטן מענטשן נישט געבויט קיין הייזער, נישט חתונה געהאַט און נישט געבוירן קיין קינדער.



דראַמאַטיזם איז געוויינלעך פֿאָרם־אויסדרוק פֿון שאַפֿערישער רייפֿקייט. די געשיכטע פֿון דער וועלט־ליטעראַטור דערציילט, אַז יעדע קינסטלערישע ליטעראַטור ביי אַ פֿאָלק קומט רגילותדיק לכתחילה אויף אין עפּאָס, דער צווייטער גילגול — אין ליריק, דער לעצטער — אין דראַמע. אויב דאָס איז חל אויף פֿעלקער, דאַרף עס מכּל שכּן זיין חל אויף שרייבער־יחידים, וואָס שאַפֿן אין אַלע דריי זשאַנרן. פֿאַרשטייט זיך, אַז עס איז נישט אַזוי פּשוט ווי עס רעדט אָדער שרייבט זיך. ס׳זענען פֿאַראַן קינסטלער, וואָס שאַפֿן אויסשליסלעך אין דער דראַמאַטישער פֿאָרם, און אַנדערע ווידער, וואָס שאַפֿן איינצייטיק אין אַלע דריי פֿאָרמען. פֿונדעסטוועגן איז אָנצונעמען, אַז אַ דראַמע פֿאָדערט הויכע שרייבערישע רייפֿקייט. דער דראַמאַטיקער קאָן זיך באָוון נישט אַרויסהעלפֿן מיט קיין שום באַשרייבערישע „אינטערמעצאָס״, וואָס זאָלן אַרויסברענגען דעם קאָלאָריט פֿון דער סביבה און דערמיט פּסיכאָלאָגיש מער באַגרינדן די האַנדלונג פֿון די „העלדן״. יעדע איינע אין דער דראַמע אַרויסגעפֿירטע פֿיגור איז איבערגעענטפֿערט איר אייגענעם גורל; זי מוז זיין אַ חי נושא את עצמו. בפֿרט, אַז אין דער דראַמע קאָן מען קיינעם נישט אָפּשיקן אין דער פֿאַרגאַנגענקייט און ס׳איז נישט שייך מיט וועלכע ס׳איז ביי־שילדערונגען אָדער נאָכשילדערונגען אויפֿצוהייבן דעם צוריקבליק צום „אַמאָל״. דראַמע איז דאָך קעגנוואַרט, דראַמע איז איצט; אַלץ געשעט ממש פֿאַר אונדזערע אויגן, ממילא מוז דער פּערסאָנאַזש האָבן לעבנס־אָטעם; ער מוז זיין פֿון בלוט און פֿלייש. יעדער איינער מיט זיינע נאַטירלעכע עמאָציעס, אייגענע שטייגער־העוויות, פּסיכאָלאָגישע גרימאַסן, פּאָסטעמקעס, אייגענע רייד און האַנדלונגען. דער לעבנס־סטיל פֿון יעדן איינעם איז אימאַנענט פֿאַרוועבט אין זיינע האַנדלונגען, וועלכע ווערן גלייכצייטיק לעבהאַפֿטיק קאָנטראַלירט דורך אַ פֿילבאַרן קאָלעקטיוו, וואָס טיילט זיך באַלד מיט די באַקומענע איינדרוקן. פּראָזע דאַקעגן קאָנסומירט מען ס׳רוב ביחידות. די אַלגעמיינע דראַמאַטישע געשטאַלטונג מוז דעריבער האָבן אַ לעבנסטרייען יסוד, וואָרים דראַמע, וואָס לאָזט אין גאַנג לעבנס־סתירות, פֿאַרטראָגט נישט די קלענסטע אָפּווייכונג פון לעבן, די מינדסטע פֿעלשונג.

שוין אין פֿ. בימקאָס פּראָזע רוקט זיך בולט אַרויס דער דראַמאַטישער עלעמענט. דאָס איז קודם־כּל צו מערקן אין זיין דיאַלאָג, וואָס צייכנט זיך

אויס נישט בלויז מיט פֿאָלקס־אידיאָמאַטישקייט, נאָר אויך מיט האַנדלונג. אָבער אַפּנים זיין דראַמאַטישער חוש האָט זיך צעבונטעוועט און נישט גע־וואָלט ווייטער גיין אין שפּאַן צוזאַמען מיט דער לאַנגאַטעמדיקער דערציי־לערישער א. ג. אונטערדראַמאַטישער פּראָזע. ער איז איבערגעוואַקסן די גרעניצן פֿון דער דערציילונג, נאָוועלע און סקיצע און פֿאַרלאַנגט פֿאַר זיך אַ באַזונדערן שפּיל־רוים. צעשפּילטע ליידנשאַפֿטן, שאַרפֿע קאָנפֿליקטן, האַר־טע לעבנס־סיכסוכים און סאָציאַלע ווידעראַנאַנדן פֿאַרליידן נישט קיין „פּענ־טעס" פֿון דער מנוחהדיק־עפּישער אַטמאָספֿער. זיי רייסן זיך אַריין אין לעבן גופֿא. כּדי עס נישט בלויז אָפּצושפּיגלען נאָר אויך פֿון זיך צוריקשפּיגלען; נישט בלויז איבערצודערציילן, נאָר אויך עס צו באַווירקן. בימקאָ איז דערריי־בער אויף אַ נאַטירלעכן שטייגער נאָכגעקומען זיין אייגענעם ווילן אַרויסצו־ברענגען „אומאָפּהענגיקן" קאָנצענטריטן דראַמאַטיזם. ער האָט אויף אַ גע־וויסע צייט פֿאַרוואָרפֿן די באַרעדעוודיקע פּראָזע און אין אַן אָנזעעוודיקער צאָל דראַמעס אַרויסגעפֿירט דעם דינאַמישן דיאַלאָג, וואָס רעאַגירט אומ־מיטלבאַר אויף געשעענישן.

אַוודאַי איז צו זען דעם ווייטן קינסטלערישן מהלך, וואָס איז פֿאַראַן צווישן בימקאָס יינגעטשקער דעקלאַמאַטאָרישער דראַמע „אויפֿן ברעג ווייסל" און דער איצטיקער פּולבלוטיקער דראַמע — „גנבים". דאָרט „רעציטירט" איינציק דער אויטאָר אַליין, דאָ רעדן לעבעדיקע מענטשן, געשפּאַרט דורך אייגענע איבערלעבענישן, אָבער אַפֿילו אין דער צייט, ווען די „ווילנער" האָבן אויפֿגעפֿירט די „גנבים" אין פּוילן און דאָס „יידישע קונסט טעאַטער" האָט זיי אויפֿגעפֿירט אין אַמעריקע, איז בימקאָ נאָך געווען זייער יינג, נאָך אַלץ אין די צוואַנציקער יאָרן. מיט דעם דערקלערט זיך אפֿשר דער פֿאַקט, וואָס אין זיין ערשטער אימפּולסיוו־אויסגעבויטער דראַמע מיידט ער אויס געוויינלעכע טאָג־טעגלעכע קאָנפֿליקטן, נאָר שרויפֿט באַלד אויף די שפּאַ־נונג דורך פֿאַרמעסטן זיך אויף אַן —אַזוי צו זאָגן — וועלט־מאָטיוו. אויפֿן ערשטן בליק קומט דער גרונט־מאָטיוו פֿון „גנבים" אויס צו ביסלעך באַ־קאַנט פֿון דער וועלט־ליטעראַטור, דערהויפּט פֿון אויגוסט סטרינדבערגס „דער פֿאָטער". אויך אין „גנבים" האַנדלט זיך וועגן נישט קענען „אידענ־טיפֿיצירן" די פֿאָטערשאַפֿט. אָבער ערשטנס איז אַ ספֿק צי בימקאָ האָט געקאָנט זיין באַאיינפלוסט פֿון סטרינדבערגן, און צווייטנס בויט בימקאָ אויס זיין „טעמע" אין אַ גאָר אייגנאַרטיקער סביבה, אין אַ גאַנץ באַזונדערן

לעבנסשטייגער און דערהויפּט דערלאַנגט ער אַלץ מיט אייגענע קינסטלע־רישע מיטלען.

באַלד אין ערשטן אַקט געפינען מיר זיך אין אַ מלונה פון פּראָפעסיאָ־נעלע גנבים. די באַזונדערע „צווייגן“ פון גנבישן פאַך לייגן אויף די פּאַר־שוינען אַ באַשטימטן חותם. לויט דער ספּעציאַליטעט פון איטלעכן גנב איז קאָנטיק זיין געשטעל, טעמפּעראַמענט, זשעסטן און גרימאַסן. דאָס גנבים־געזינדל איז צווישן זיך ווייט נישט דעמאָקראַטיש. ס׳איז פאַראַן אַ שטרענג דיפערענצירטע פּראָפעסיאָנעלע היעראַרכיע פון העכערע און נידערע קוואַ־ליפיצירטע פאַכלייט. איינער איז אַ „שליאַמגייער“ (גייט ס׳רוב גנבענען ביינאַכט), אַ צווייטער — אַ „שאָפּענפּעלער“ (גייט גנבנען בייטאָג), אַ דריטער — אַ „כוחגייער“ (גנבעט ביינאַכט און בשעת הדחק שטעכט ער מיט אַ קינזשאַל), אַ פערטער — אַ „טאַלטלגייער“ (זוכט אונטערצוהאַקן אַ וואַלי־זע אויף דער באַן). עס איז אויך פאַראַן אַ „אָנגעבער“ (ד. ה. אַזעלכער, וואָס ווייסט, וואו די בעלי־בתים זענען אַוועקגעפאָרן און מ׳קאָן מאַכן אין זייער וואוינונג אַ „קראַץ“). און לויט דעם געשטעל קלעבט מען יעדן צו אַ צו־נאָמען, וואָס ווערט מיט דער צייט אַ לעגאַליזירטער נאָמען, ווי „שבר“ „מזיק“ „לעפּאַק“ „סצערב“ „כשר“ און דגל. ס׳איז קלאָר, אַז לויט דער אויסגערעכנטער חברה האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט דער פּעריפעריע, מיט דער „לינקער“ (נישט פּאָליטישער נאָר עטישער) זייט פון דער געזעלשאַפט. דער ערשטער אַקט עפנט זיך מיט מירקעס, דעם שטיפערישן שוואַרצחנעוו־דיקן ווייבלס, אַ צוזאַנג פון אַ באַקאַנט לידל:

דער טאַטע איז אַ סמאַראָווזשניק,
די מאַמע גנבט פיש אין מאַרק;
דער ברודער איז אַ קאַטאָרזשניק, —
די שוועסטער לעבט מיט אַ קאָ־זאַ־ק.

דאָס אויפגעזינגענע לידל דאַרף דאָ, חלילה, ניט פאַרשטאַנען ווערן עפּעס ווי אַ מליצה, נאָר טאַקע ווי אַן אמתדיקע פּרעלודיע, וואָס פירט אונדז ברייט אַריין אין דעם אָפּשוים פון דער געזעלשאַפט...

געוויס זענען אין דער יידישער ליטעראַטור אויך פריער געווען דראַ־מעס און ראָמאַנען געבויט אויף אונטערוועלט־מאָטיוון. זענען זיי דערהויפּט געשריבן דורך אויטאָרן, וואָס האָבן צופעליק געכאַפּט אַ „זייטיקן“ קוק אין דעם פאַרבאָטענעם ווינקל און זענען באַלד פאַרשווינדן. זייער צוגאַנג איז על פּי רוב אַ פילאָזאָפישער אָדער ראָמאַנטישער, אָבער באין אופן נישט

קיין רעאַליסטישער. דער פילאָזאָפישער צוגאַנג וויל זיך „דערגרונטעווען״ צו די „אייגנאַרטיקע״ לעבנסבליקן פון אַרויסגעשטויסענע מענטשן און נאָכ־דעם גרויסמוטיק איבערגעבן דעם פאַרצערטלטן שטאָט־אינטעליגענט — „אינטערעסאַנטע״ טראַכטונגען פון די, וואָס בילדן דעם אונטערשלאַק פון דער וואויל־דערצויגענער געזעלשאַפט. דער ראָמאַנטישער צוגאַנג ווידער קוואַפּעט זיך אויף אַ נאַיוון שטייגער אַרויסצופישן „פערל״ פון „אָפּגרונט״. פאַר דעם ראָמאַנטיקער איז באַוון קלאָר, אַז דאָרט האָבן פאַרבלאָנדזשעטע מענטשן מיט „ספּעציעלע״ לעבנס־טראַגעדיעס. זיי זענען אַהין צופעליק אַריינגעפאַלן. זענען דאָס מענטשן שיינע, פאַרטרוימטע; דאָס האַרטע און „גרויע״ לעבן האָט אָבער נישט באַנומען די שיינקייט פון זייערע חלומות און זיי געטריבן אַריבערצושפּרייזן די „פאַרבאָטענע״ גרעניצן אין דער „פּעריפעריע״. איז דאָס געוויס פּיקאַנטער שטאָף פאַר איבערזעטיקטע און פאַרגעניצטע מענטשן, וואָס האָבן ליב זיך קיצלען לאָזן מיט הויכראָמאַנטישע אויסטערלישקייטן. פאַרשטייט זיך, אַז ביידע צוגאַנגען זענען פאַלשע און אַזעלכע ווערק מוזן אַרויסקומען פאַרליגנערישט. דער אייביקער געזונטער צוגאַנג אין דעם פאַל איז דער רעאַליסטישער. דער רעאַליסט וויזט אונדז די אונטערוועלט ווי זי איז אין איר ממשותדיקער געשטאַלטונג, אָן באַזונדערע באַפּוצעכצן, ד. ה. אָן פילאָזאָפישע פאַראורטיילן און אָן ראָמאַנטישע בלענ־דענישן. כּדי דאָס צו באַוויזן טאָר דער אויטאָר דאָרט נישט זיין קיין גאַסט אויף אַ ווייל, וואָס קוקט אַריין דורכן לאָך פון אַ שליסל. ער מוז דאָרט ווערן אַן אינעווייניקסטער מענטש; ער מוז זיך אַפילו גייסטיק איינהיימישן, מיט־לעבן מיט דער סביבה און אַזויאַרום אַרויסיאָגן פון זיך די כּלערליי פאַר־אורטיילן און פאַרבלענדעניש. ערשט דעמאָלט ווערט ער מסוגל אַרויסצו־פירן לעבעדיקע מענטשן מיט לעבעדיקע באַגערן.

פ. בימקאָס „גנבים״ איז אַ רעאַליסטישע דראַמע: דער אויטאָר האָט ס׳גנבים־לעבן געזען און געלערנט פון אינעווייניק. ער האָט זיך איינגעהיי־מישט אין זייער וועלט און זי אונדז באַוויזן אין דער ריינער וואָר מיט איר אונטער־ אָדער אויבער־מאָראַל. מיר זעען די „פּאַדשעווקע״ פון דער געזעלשאַפט, אַ סביבה, וואָס געפינט זיך אויף „יענער זייט״ פון גוטס און שלעכטס און לאַכט זיך אויס פון דער „אָנגענומענער״ מאָראַל. אַן איי־גענער לעבנס־באַנעם, וואָס קוואַליפיצירט אַנדערש אָדער גאָר קענגזעצלעך פאַרמעסטונגען, געשעענישן און אַנטוישונגען. ס׳געהער אַוודאי נישט צו די שווערע זאַכן געשטרויכלט צו ווערן ביים פּרוּוו דראַמאַטיש צונויפצו־

קאָמפּאָנירן אַלע קרומע ליניעס אין אַן איינהייטלעכע טרייע לעבנס־גאַנצקייט. מ׳דאַרף פֿאַרמאָגן אַ סך אינטואיטיווע אַריינטואונג כּדי קאָנסעקווענט טריט נאָך טריט קינסטלעריש נאָכגיין דעם „נאַטירלעכן״ גאַנג פֿון אַ לעבנס־נוסח, וואָס געפֿינט זיך מחוץ למחנה און, חלילה, מיט קיין איין פּיפּס אַפֿילו נישט צו פֿאַראַטן די אינעווייניקסטע מחוץ למחנהדיק־אָפּגעשלאָסענע מאָראַל, געשמאַק און אַמביציעס. צו די הויפּט־טוגענטן פֿון דער מעלינע־מאָראַל געהערט דאָס פֿלינקע אָפּערירן מיט פֿיזישן כּוח, מוסקול־קראַפֿט. פֿון זיי עמאַנירן שוין ווייטער אַרויס גייסטיקע מעלות — המצאהדיקייט, דרייסט־קייט און מוט. דערפֿאַר געהערן דאָ צום אומפֿאַרציילעכן בייז — פּחדנות און פֿאַראַט.

אָט־די „נעטע״ געזעלשאַפֿט לעבט דעריבער אויף איר שטייגער „גע־מיטלעך״ מיט „ממזרישן״ הומאָר. צווישן זיך שאַנעווען מען יעדן איינעם לויט זיין פֿיזישן כּוח, געשיקטקייט און בריהשקייט, לויט דעם ווי ווער עס קען פֿלינקער דערלאַנגען קלעפּ. פֿון איין זייט איז מען פֿרייגיביק און פֿאַר־שווענדעריש, ווייל מ׳קאָן דאָך האָבן אַלץ בשפֿע פֿאַר איינאיינציקע „פֿינף מינוט שרעק״... פֿון דער אַנדערער זייט איז מען געטריבן פֿון גראָבער אַריינכאַפּערישקייט, ווייל איטלעכן גייט פֿונדעסטוועגן נאָך דער שאָטן פֿון דער תּפֿיסה. די היימלאָזיקייט ווערט זייער היים; און אין זעלטענע מינוטן קריגן די גנבים אויף זיך אַליין רחמנות, אויף זייער הפֿקרות פֿאַר זיך און פֿאַר יענעם. „אַ גנב מיט אַ היים! וואו האָט אַ גנב אַ היים? פֿונוואַנעט איז ער נישט פּליטה? וואו קאָן א גנב אַריינשלאָגן אַ פֿלאָקן אין דרעד און זאָגן: „כ׳וועל דאָ בלייבן וואוינען?״ דו זיצסט אָפּ אַ יאָר אויף אַן אָרט, אַמאָל — צוויי יאָר, ווערסט אויסגעשחורט — וואַרפֿט עס דיך אַרויס אין אַן אַנדערע שטאָט״. לעפּאַק צעפֿלעכט זיך וואָס אַמאָל מער איבער זיין עלנטער גנבי־שער דאָליע: „דו לייגסט זיך שלאָפֿן און ס׳איז געגוג אַ שאָרך, אַ קלאַפּ — און שפּרינגסט אַרויס פֿון בעט, אַנטלויפֿסט איבער דעכער, ווייל דער קאָפּ ווערט דיר שוין צעשפּאָלטן — צי מ׳קומט דיך נישט בינדן. און פֿאַרוואָס מ׳וועט דיך משפּטן? אויף דיינע עטלעכע דרייסיק יאָר האָסטו דאָך נישט אַזויפֿיל האָר אויפֿן קאָפּ, אין וויפֿיל משא־מתּנס דו ביסט פֿאַרמישט״.

דער צענטראַל־מאָטיוו פֿון דער האַנדלונג זענען די שאַרפֿע סיכסוכים צווישן גנבישן פּאָר־פֿאָלק שבר און מירקע. זי איז אַ שיין און לעבנסלוסטיק ווייבל, וואָס בענקט נאָך ליבע און מוטערשאַפֿט. ווי יעדן איינעם פֿון איר סביבה אימפּאָנירט אויך איר כּוח, מוט און תּאווה. איר מאַן, שלמהלע שבר,

אַ שליאַמגייער, איז אָבער אַ בעל־מום און קאָן נישט זעטיקן איר ליידנשאַפֿט. די חברה לאַכט אויס זיין אומבאַהאָלפֿנקייט; ער איז אָבער „אויף ס'טויט" איינגעליבט אין זיין חנעוודיקן פֿלאַם־פֿייערדיקן ווייבל. זי וואַרפֿט קאָקע־טישע „אייגלעך" אויף חברה יאַטן און איז באַזונדער קוצעניו־מוצעניו מיטן שאַפּנפּעלער הירשל מזיק, וואָס איז אַ יאַט, אַ ברען. עס פֿאַרקניפּט זיך צווישן זיי אַ ליבע. שבר שנאַפּט עפּעס מיט דער נאָז, עס זענען אים חשוד מירקעס אָפּטע שטעכווערטער וועגן זיין שלאַבעריקייט. „מירקע, כ'וועל דיר ווייזן, כ'וועל די אַלע ריזן לייגן ווי די קעלבער; און נישט זיין קיין פֿאַני־בריות ביי מיר". אָבער ס'ווייבל לאַכט זיך בייסיק אויס פֿון זיינע פּוסטע באַ־רימערייען. וואָס ערגער עס איז שברס מערכה ביי מירקען, אַלץ העכער דונערט ער מיט רויע און „קרעפּטיקע" קללות, עפּעס ווי ער וואָלט אין זיי געזוכט זיינע פֿאַרלוירענע כוחות. „געדענק, כ'וועל דיר אַרויסלאָזן די געדערים". „ס'וועט אַ פּייער אין דיינע אויגן". „מירקע, דיר וועל איך אָפּ־האַקן די לעבער". „דערהרגענען..." „די בעביכעס... די געדערים אַרויסלאָזן". „דעם שאַרבן פֿון קאָפּ צעפּלעטן" א. אַ. וו. ער לעבט זיך אויס אין דריי־גאַרנדיקע „אַנאַטאָמישע" קללות. אַן אָפּגעגנאַרטער פֿון גאָט און פֿון מענטשן דרייט ער זיך אַרום צווישן חברה גנבים און שילט אַלע מיט פּייער.

ערגער ווערט, ווען מירקע איז שוין אַ מוטער; שבר איז נישט זיכער צי ער איז דער פֿאָטער פֿון איר קינד. ער גייט כּסדר אַראָפּ פֿון דער מראה, רייסט אָפּט איבער די נאַכט־אַרבעט און קערט זיך אַ פֿאַרכמורעטער אום אַ היים. ער עסט זיך לעבעדיקערהייט, דער טויט ליגט אים שיעור נישט אויפֿן פּנים. שעהנוויז שטייט ער ביים וויגל און קוקט זיך מיט ציטער אין אין קינד. די חברה אַרום פֿאַרשטייט נישט זיין נעבעכדיקע ציטערדיקייט און זעט בכלל נישט אין דעם קיין שום אומגליק. לעפּאַק, דער כוח־גייער קלערט אים אויף, אַז ס'פּאַסט נישט פֿאַר אַ נאַש בראַט, אַ גנב זיך שפּילן אין טריי־שאַפֿט: „אונדזערס אַ מענטש טאָר זיך נישט נעמען אין זין אַריין ס'ווייב זאָל אייביק געהערן בלויז צו אים, פֿאַרשטייסט?" אויף שברס פֿראַגע — „ווער האָט דאָס געזאָגט?" ענטפֿערט לעפּאַק — „דער רבי ר' צאָץ! (ענדערט) ווילסט אַ ווייב אויף סטאַלע, מוזטו באַסטירן".

שבר וויל נישט „באַסטירן" פֿון זיין גנבהשער מלאכה און וויל אויך נישט „באַסטירן" פֿון זיין ליבע צו מירקע. אָבער דער שטאַרקער חשד, אַז ער איז נישט דער פֿאָטער, פֿון קינד, מאַכט אים ווילד ווי אַן אָקס. מינוטנ־ווייז איז ער שוין איבערצייגט, אַז דאָס איז נישט זיין קינד, אָבער ער

נאַרט זיך כּסדר און ענדלעך ווייל ער דאָס מיט די אייגענע אויערן הערן פֿון מירקעס מויל. ער שטייט־צו צו מירקע מיט נאָכאַנאַנדיקע פֿראַגעס און טויט־קללות־באַשווערונגען:

— שבר: מירקע, פֿאַרוואָר זאָלן מיר די אויגן פֿון קאָפּ אַרויס, אַ ראָד אַריבער איבערן לייב, אַ פֿערד צעטרעטן מיט די פֿיס ווי דו מוזט מיר זאָגן — ס׳קינד איז פֿון אים?

מירקע: (שווייגט).

שבר: מירקע, פֿאַרוואָר זאָל מיר אַ בליץ אָנצינדן די אויגן, אַ דונער צעשפּאַלטן דעם קאָפּ ווי דו מוזט מיר זאָגן: ס׳קינד איז פֿון אים?

ער נאַרט זיך אַליין. מעגלעך, אַז דאָס איז נאָר אַ געוויטער, וואָס בייזע צינגען האָבן פֿאַנאַנדערגעבלאָזן; אירס אַ וואָרט קאָן דאָך פֿונאַנדערטרייבן די וואָלקנס און די זון קאָן באַלד ווידער אויפֿשיינען העל. ווען ער הערט אָבער מירקעס אַנטשלאָסענע רייד: „יאָ, ס׳איז פֿון אים, ז׳וואָס ווילסטו?״ ברעכט זיך שבר איין און פֿאַלט צוזאַמען. דער סוף איז שוין ווינציקער דראַמאַטיש און מער טעאַטראַליש — ער ווערט באַהערשט פֿון אַ שגעון, וואָס קומט פֿון אייפֿערזיכט, דערנידערונג, דורכפֿאַל און אומגעזעטיקטן האָס צו מזיקן, ער וויל פֿאַרברענען ס׳קינד. און די לעצטע רעמאַרק: „שבר ברענגט צו טראָגן אַ פּעקל אַרעסטאַנסקע קליידער, נעמט זיך פֿאַרען ביים אויוון, מאַכט צורעכט אַ פּייער און נעמט זיי פֿאַרברענען. דער פֿלאַם ווערט העלער, ליכטיקער, שלאָגט אָפּ מיט אַ מאָדנעם אָפּשיין, וואָס ווערט מיט יעדער רגע ווילדער״ — איז מער שפּיל ווי דראַמע. אין תּוך איז דער קאָנפֿליקט נישט געלעזן; ער שטייגערט ביז אַ געוויסן שטאַפּל און בלייבט דאָרט פֿאַרגליווערט, נישט אַנטשיידן...

במשך פֿון אַלע דריי אַקטן, נאָך איידער מירקע ווערט אַ מוטער, האָט שבר נישט קיין אייינציקע געמיטלעכע מינוט. פֿון זיין ערשטן אויפֿטריט אויף דער בינע ביז דער שלוס־סצענע פֿון דער נישטגעראָטענער שריפֿה איז ער כּסדר אין אָן אויפֿגעהעצטן צושטאַנד; ער פֿיבערט נאָכאַנאַנד, רעדט נישט, נאָר שרייט, ענטפֿערט נישט, נאָר שעלט. און נישט שטענדיק זענען זיינע קללות באַרעכטיקט; ער שליידערט זיי אויף רעכטס און לינקס. זענען דאָס קללות פֿאַרביקע, געשטייגערטע, וואָס זאָגן עדות וועגן שברס תּוכחה־פֿאַנטאַזיע.

זיכער זענען די האַנדלונגען אין דער דראַמע קאָנצענטרירטער איידער

אין דער דערציילונג. אָבער אויך אין „גנבים״ אָפּערירט בימקאָ ווייניק מיט נישט דערזאָגטקייט; אדרבא, ס׳שפּירט זיך דאָ גיכער אַרויס אַן איבערגע־זאָגטקייט. אַ דראַמאַטישער אָטעם דאַרף זיין אַ קורצערער, אַ הייסער. מ׳קאָן אויך נישט זאָגן, אַז בימקאָן גייט אין לעבן דווקא צו פּאַרטיפן די טראַ־געדיע פון אַפּעקטירטן שברן. און אויב די דראַמע רייסט פונדעסטוועגן מיט און די סצענישע אויפפירונגען האָבן געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג אויף דער איירָאָפּייאישער און אַמעריקאַנישער בינע איז עס צוליב בימקאָס איינגע־בוירענעם דראַמאַטישן טאַלאַנט. בימקאָ זוכט נישט קיין אינספּיראַציעס, נאָר ווערט פון זיי בלינד געפירט. ער לייגט ווינציקער אַריין באַוואוסטזיין און ווערט מער געפירט פון זיין קינסטלערישער סטיכיע, וואָס שפּאַרט אים אַזוי און נישט אַנדערש אויסצובויען אַ דראַמע. דער דערפאָלג איז אַרויסגע־וואַקסן אוממיטלבאַר פון דער דראַמע.

די אונטערוועלט־סביבה, גנבים־שטייגער, מלונה־הומאָר, גנבים־ליבע, אונטערוועלט־„פילאָזאָפיע״, קעלער־קאָנפליקטן און גנבים־זשאַרגאָן ווערן דאָ אַרויסגעבראַכט רעאַליסטיש און צומאָל נאַטוראַליסטיש. די אַקציע איז אַ לעבעדיק־געשפּאַנטע; ס׳איז באַשיימפערלעך צו זען, אַז דער אויטאָר האָט אין די אָדערן טעאַטער־בלוט.

נישט אומזיסט שרייבט לייב קאַדיסאָן, רעזשיסאָר פון דער „ווילנער־טרופּע״ וועגן דער אויפפירונג פון די „גנבים״ אין וואַרשע און לאָדזש: „דער דערפאָלג איז געווען גאָר גרויס. מיט יעדן אַקט איז די באַגייס־טערונג פון עולם געוואַקסן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. די יידישע און פוילישע ציטונגען זענען אַרויס מיט לויבגעזאַנגען פאַר דער פּיעסע, וואָס האָט אויפגעדעקט אַ גאַנץ נייעם ווינקל פון יידישן לעבן. אַלע האָבן אָנערקענט בימקאָן אַלס אייגנאַרטיקן קרעפטיקן טאַלאַנט. אויך מיר זענען געוואָרן שטאַרק געלויבט פאַרן אַרויסברענגען דעם אָריגענעלן כאַראַקטער פון דער פּיעסע און ספּעציעל פאַרן קינסטלערישן צוזאַמענשפּיל״ („אויפ־גאַנג״, נומ. 37, סעגיט 1938). דאָס זעלביקע האָבן געזאָגט די טעאַטער־קריטיקער אין דער ווינער דייטשישער פּרעסע — אַרטור שניצלער, ב. י. האָפ־מאַן, פעליקס סאַלטאַן און ד״ר אבעלעס. „די אַנטוויקלונג פון דער טעמע, דער געבוי פון דער דראַמע איז אַזוי שטאַרק, אַז מען זיצט די גאַנצע צייט געשפּאַנט״ (דאָרט).

אין דער דראַמע „דעמבעס״ האַלט זיך בימקאָ ווייטער אין דער זעל־ביקער ליניע פון „אייביקע״ טעמעס; ער באַמיט זיך אַרויסברענגען דעם

מענטשנס אורשפּרינגלעכע שפּירונגען און תּאוות. די דראַמע פֿון „גנבים" שפּילט זיך אָפּ אין אַ ספֿערע, וואָס געפֿינט זיך אויפֿן ראַנד פֿון דער געזעלשאַפֿט. די אונטערוועלט וויל מיט איר הפֿקרדיקע טאַטן זאָגן, אַז זי אַקצעפּטירט נישט די קאָנאָניזירטע מאָראַל פֿון דער „פֿיינער" געזעלשאַפֿט. אויך די קאָנפֿליקטן פֿון די „דעמבעס" שפּילן זיך אָפּ אין אַ זייט, אָבער דאָס איז אַ „געאָגראַפֿישע" זייט" און נישט קיין סאָציאַל־עטישע. די האַנדלונג קומט נישט פֿאָר אינעם מיטלפּונקט פֿון דער יידישער שטעטלדיקייט בשכנות מיטן בית־המדרש, מרחץ און שולהויף, נאָר אין אַ טיף־פּויליש דאָרף אַרומגערינגלט מיט כאַלופּעס, פֿעלדער, וועלדער און ווינטמילן. אַרום און אַרום גוישע שכנים.

מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ גוט־באַזיצער, דאָרפֿס־קרעמער און אויך מיט אַ מלמד, דוכט זיך ריין־יידישלעכע פֿיגורן. און פֿונדעסטוועגן איז דאָ די סביבה, די מענטאַליטעט און לעבנס־באַנעם נישט קיין יידישע. ווען מ'זאָל פֿון ס'רוב פֿון זיי אַראָפּציען די יידישע מלבושים און אַוועקנעמען ס'יידיש לשון, וואָלטן מיר פֿאַר זיך געהאַט גוישע נאַטור־מענטשן, וואָס קענען נישט און פּרואוון אַפֿילו נישט וועלן בייקומען די ליידנשאַפֿטן. אַ פֿריי וועלטל, וואָס אַקצעפּטירט נישט די מוסר־קייטן פֿון דער יידישלעכער צנועות. מענטשן, וואָס זענען ווי דעמבעס איינגעוואָרצלט אין וואַלד.

דער מאָטיוו פֿון די „דעמבעס" איז אַן אַלטגעבאַקענער אין דער וועלט־ליטעראַטור — דער קאַמף צווישן פֿאָטער און זון וועגן אַ פֿרוי (ביי אונדז האָט עס יעקב גאָרדין אויף זיין שטייגער געפּראוווט אָנדייטן אין „ווילדן מענטש") . ביי בימקאָ דערמאָנט עס אַביסל ריימאָנטס „פּויערן", וואו ס'קומט פֿאָר אַ געראַנגל צווישן אַלטן ווינצענטי באָרינאַ מיט זיין זון איבער דעם יונג ווייבל יאַגושאַ. אויך דאָרט שפּילט זיך אַלץ אָפּ אין פּוילישן דאָרף. און אין אַ מאָמענט בייגאַכט, ווען דער אַלטער געפֿינט זיין זון צוזאַמען מיט דער יינגער שטיפֿמאַמע אין דער סטאָדאָלע, כאַפּט אים אָן אַן אייפֿערזיכט־שגעון און ער צינדט אונטער די סטאָדאָלע. לויט זייער אינעווייניקסטן ריטם זענען די „דעמבעס" אָנגעשטעקט מיט דער סלאַווישער א. ג. גוישקייט. עס שפּירט זיך דאָ בסדר אַרויס אַ פֿרעמדער לעבנסבאַנעם, אַ נישט־יידישע וועלט. אין יידישלעך באַלעבאַטישן לעבן, וואָס ווערט שוין דורות־לאַנג רעגולירט דורך דינים און מצוות מעשיות, זענען די באַגערן ס'רוב געצוימט; ס'דערגייט זעלטן און אפֿשר טאַקע קיינמאָל נישט צו אַן אָפֿענער רויער ליידנשאַפֿט־צערייצטקייט. דאָ זענען מיר בסדר אויף אַ פֿרעמדן באָדן, אין

אַ פֿרעמדער זיטן־ספֿערע. מ׳איז פֿאַרגרעבט, רוי און פֿאַרשייט, אַ טאַטע שעמט זיך נישט פֿאַר קיין אייגענעם זון, אַ טאָכטער איז וואולגאַר אין די אויגן פֿון דער אייגענער מוטער. מ׳ברענגט אַרויס פֿאַר זונען־ליכט דאָס, מיט וועלכע יידישע קינדער האָבן זיך שטענדיק באַהאַלטן און געשעמט. ברייטפֿלייציקע פֿאַרשוינען, געזונטע ייִנגען מיט רויע אימפּולסן, פֿאַרשוי־נען, וואָס טרעטן אַזוי לייכט נישט אָפּ פֿון אַ פֿאַרנומענער פּאָזיציע. ישראל, אַ רייכער גוטבאַזיצער, אַן אלמן האָט „פֿאַרלייגט אַן אויג״ אויף זיין פֿול־בלוטיקער דינסטמויד ראשל, מיט וועלכער זיין צעלאָזענער זון ראובעלע „שפּילט אַ ליבע״ פֿון קינדווייז אָן. זיינען זיי ביידע ווילד און די מויד שרייט, אַז ס׳האָבן זיך אויף איר געוואָרפֿן „צוויי וועלף, זיי וועלן מיך צעטראָגן״. ראובעלע רעדט וועגן אייגענעם טאַטע — „דער הונט בילט און ער רעדט, איז מיר אַלץ איינס״. ראַשל ווידער זאָגט צו איר טאַטן אַריש: „דער טאַטע האַלט אין איין קלאַפּן מיט דער צונג, אַז כ׳קאָן ס׳מויל נישט אויפֿמאַכן...״ ראובעלע חלומט וועגן דעם ווי „אָפּצורוימען״ דעם טאַטן: „כ׳וואָלט גע־קענט אַ דונער אַריינוואַרפֿן ס׳זאָל אים דערהרגענען, ס׳גאַנצע הויז פֿאַר־ברענען״. און צו ראשעלן זאָגט ער, אַז ער גלייבט נישט אין איר צניעות, ווען זי זאָל אַפֿילו „מאַכן אַ צלם איבער זיך״. יידן מיט יידישע נעמען און יידישן לשון, אָבער אָרום און אַרום אַ ווילד־פֿרעמדע גייסטיקע אָדער גייסטלאָזע וועלט אָן שום מאָראַלישע צוימען. אַ וועלט, וואָס לעזט אַלע קאָנפֿליקטן מיט רויען כוח, נישט מיט פֿריער אויסגערעכנטער און אויסגעע־מאָסטענער קראַפֿט, נאָר מיטן וואַנזין פֿון פּלוצים אויפֿגעבערויזטן כוח. ווען די „גוישע יוכע״ צעקאָכט זיך אין זיי און הייבט אָן שפּאַרן אין מוח, פֿאַרשווינדט אינגאַנצן די יידיש־געפֿלעגטע וועלט און ס׳בליצט אויף די וויזיע פֿון מעסער און האַק. ראובעלע שרייט וועגן טאַטן — „כ׳וואָלט אים אַדורכגעלעכערט...״ כאַפּט אַ בענקל איבערן טאַטנס קאָפּ — „טאַטע, וואָס האָסטו דיך אָנגעלייגט אויף מיינע יאָרן?״ בלויז ראַשל מיט איר „שלאָג אים נישט״ האָט אים אָפּגעווענדט פֿון דעם. ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט פֿאַלט ווידער דער טאַטע אַריין אין אַ ווילדער רציחה און כאַפּט אַ האַק אויפֿן זון. „אַצינד קומט זיין טויט — — — זיין טויט אָדער מיינער; איינער פֿון אונדז ביידע איז איבעריק...״ ראַשלס מוטער פֿרומעט פֿאַרברעכט די הענט: „אַ בראָך האָט מיך געטראָפֿן! ראַשל! ראַשל! ס׳וועט איר שוין נישט געשטייך דערפֿאַר... גזלן, זיי וועלן זיך דאָך ממיתן איבער דיר...״

צווישן זיי שטייט די ייִנגע פֿולבלוטיקע דאַרפֿסמויד ראַשל און וואַקלט

זיך צווישן תאוההדיקער ליבע און דעם באַזונדערן רייץ, וואָס האָט פֿאַר איר ישראלס וואוילטאָג, זיין שפּעדיק באַלעבאַטישקייט און די זיידענע קליידער מיט די גילדענע קנעפּ, וואָס זענען געבליבן נאָך דער פֿאַרשטאָר־בענער באַלעבאָסטע. זי איז ממש פֿאַרכאַפּט „הוילע זייד... מאָרע... ס׳בליש־טשען אַרויס די גאָלדענע קנעפּ... און די קרעלן...״ אָט דאָס און אויך דאָס צושטיין פֿון אירע עלטערן האָט גובר געווען און זי איז געוואָרן ישראלס ווייב. איז דאָס געווען אַ חתונה אין דער שטיל און אויף דער גיך עפּעס ווי אַדורכגעשמוגלטע קאָנטראַבאַנדע, אָן פֿרישקייט און אָן יוגנט־פֿרייד. די מויד האָט זיך אַריינבאַקומען אין אַ „שמאַלצגרוב״ און זי האָט דאָרט נישט געפֿונען אַפּילו קיין שום שיין פֿון גליק. זי האָט זיך נישט געקאָנט געפֿינען קיין אָרט, אויסגעגאַנגען פֿון בענקשאַפֿט און נאָגעניש; ס׳האָט זי געצויגן די פֿרייע וועלט און ראַובעלעס ליבע. די פֿאַרקרעמערישטע מוטער פֿאַרשטייט נישט איר טאָכטערס קלעמענישן; ס׳טייטש ווי אַזוי קאָן מען אַרומגיין פֿאַר־זאָרגט אין אַ שטוב מיט אַזאַ שפֿע. און וואָס מער ראַשל קלאָגט זיך אויף איר בידנע דאָליע, אויף אירע פֿאַרשפּילטע יינגע יאָרן, אַלץ פֿרעמדער קלוגט איר שפּראַך אין דער מוטערס „פֿאַרתּכליתטע״ אויערן.

ראַשל: געווען פֿאַרבלענדט... אַ יינגע מויד... אַ שטיק בלוט... און גע־צאַפּלט פֿאַרן טויט, כ׳האָב געזען אַ שטוב... נישט געוואוסט, אַז ס׳איז בלויז אַ שטייג, אַ ליידיקע אָפּגעריסענע שטייג און מיך אויפֿגעכאַפּט אין איר ווי אַ קאַנאַריק פֿון וואַלד...

פֿרומעט: צו אַלע שונאימס קעפּ, אסור, כ׳פֿאַרשטיי אַ וואָרט...

ראַשל: מ׳גיט מיר אַריין עסן און מ׳וויל כ׳זאָל זינגען. לאָזט מיך אָפּ צוריק אין וואַלד, דער פֿויגל זאָל קענען אַרומפֿליען, שפּרינגען איבער די צווייגלעך, וועסטו זען ווי דער האַלדז וועט זיך פֿון אים אויפֿשנירן און ס׳וועט פֿון אים אַרויסשרייען...

פֿרומעט: אַ קליפּה, כ׳זאָל אַזוי לעבן; מ׳ברויך דיר באַצייטנס אַרויס־שלאָגן די הוריות פֿון קאָפּ, מיט אַ שטעקן אַרויסשלאָגן.

ס׳טרעפֿן זיך דאָ צונויף צוויי וועלטן, וואָס קאָנען זיך באַנאַנד נישט באַנעמען. די מוטער שטאַמט פֿון אַ שטעטלדיק בלאָטיק געסל, וואָס ווייסט נישט פֿון קיין שפּיל, ליבע און צערטלעכקייטן. די העכסטע דערגרייכונג פֿאַר אַ יידיש שטעטלדיק מיידל דאַרף זיין — מאַטעריעלער וואוילשטאַנד. און זעלטן טאַקע ווער פֿון אירע גוטע חברטעס האָט זיך דערשלאָגן דערצו. איר טאָכטער ראַשל אָבער איז אַ געזונטע מויד, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין

פֿרייען שפּיל און געזאַנג צווישן פֿעלדער, לאַנקעס און וועלדער. פֿון איר שרייט אַרויס די גלוסטונג. זענען דעריבער ראַשלס צענעמענדיקע רייד פֿאַר דער ידישלעכער מוטער עפּעס תּרגום־לשון.

ראַשל: מאַמע, וואו האָסטו ערגעץ מיין חתונה באַשטאַט? ראַשלס חתונה? און ס'כּלה־קלייד? דער חופּה־טאַנץ? מיין אויסשטייער? יענטלס קלײדער ווײנען מיר פֿון לײב אַראָפּ... כ'וויל זיי מער נישט טראָגן...

פֿרומעט: ס'מענטש איז נישט ביים שׂכל.

ראַשל: (היסטעריש) כּלי־זמרים וועלן נישט מער שפּילן ביי מיר? און שקצים טאַנצן, אַז דער באַלקן זאָל אויפֿן קאָפּ אַראָפּפֿאַלן? די שטאָלן צע־לייגן... אַ חתונה — ס'דאַרף זאָל זיך וויגן...

ס'איז נישט צו לייקענען, אַז פֿון ראַשלס רייד שפּירט זיך אַרויס אַ ביסל סטיליזאַציע און צומאָל רעדט פֿאַר איר דער אויטאָר אַליין מיט זיין אייגענער שפּראַך. אָבער אין תּוך איז דאָס אַ צוזאַמענשטויס פֿון צוויי וועלטן.

מער פֿאַרשטענדעניש פֿאַר ראַשלס געמיט האָט איר פֿאָטער, דער ציניקער, זולל־וסובאניק און שיכּור אָריש. אין קעגנזאַץ צו דער מוטער פֿאַרשטייט ער ראַשלס קלעמענישן און ביי זיין גאַנצן דלות איז ער גרייט אַרויסצונעמען זיין טאָכטער פֿון ישׂראלס שמאַלצגרוב, צוריקפֿירן אין דער אָרימער היים און זיך טיילן מיטן לעצטן אָרימען ביסן. די טאָכטער איז גע־רירט דערפֿון; זי פֿאַלט דעם טאַטן אויפֿן האַלדז — „טאַטע, פֿאַרוואָס האָב איך דיך אַזוי ליב?...״

די דראַמע איז דורכאויס רעאַליסטיש און רעאַליזם איז דאָך בימקאָם אייגנטלעכע שרייבערישע סטיכיע. קאָנסטרוקטיוו איז זי כּמעט פֿון איין גוס; פֿון איטלעכן ווינקל קוואַלט אַרויס האַנדלונג און לעבן. אויף יעדן טריט שמעקט מיט ערדישער געזונטקייט און צענעמענדיקע פֿעלד־ריחות. פֿונדעסטוועגן איז דאָ פֿאַראַן אַ נישט־זעבאַרער כּמו־מיסטישער אונטער־גרונט, וואָס האַלט אין זיינע „הענט״ די גייסטיקע אַטמאָספֿער פֿון אַלע טראַכטונגען און טואונגען. און דאָס איז ס'שוועבנדיק געשטאַלט פֿון ישׂראלס פֿאַרשטאָרבן ווייב און ראובעלעס מוטער — יענטל. איר געשטאַלט אדער דער שאָטן פֿון איר געשטאַלט פֿילט אויס אַלע ווינקעלעך פֿון ישׂראלס פֿאַראַלמנטער און פֿאַריתומטער שטוב. זי וועקט אומרו, מורא און באַזינונג. באַזונדער לייגט זי זיך שווער אויף ראַשלס געמיט, וואָרן בעצם איז ראַשל דאָ דער ערלעכסטער, געוויסנהאַפֿטיקסטער און האַרציקסטער מענטש.

באַלד אין אַנהייב, ווען ס'איז נאָך פֿריש די וואונד, רעדן אַלע מיט זיפֿצנדיקע ווערטער וועגן יענטלס טויט סײַ אויפֿריכטיק סײַ פֿון יוצא־וועגן. שפּעטער גייט זי וואָס אַמאָל מער אַריין אין בלוט פֿון דער דראַמע. ס'קליין מאָגער שמחהלע דערציילט דעם מלמד: „רבי, רבי, איר ווייסט — כ'האָב ביינאַכט געזען די מאַמע". דער צביעותדיקער מלמד עצהט ישראלן ער זאָל פֿאַרגעסן יענטלען און זיך בויען אַ נייע הײם — מ'טאָר נישט „באַצאָלן מיט אַ וועלט פֿאַר אַ וועלט"... ישראל זאָגט „...אַזוי אומגעריכט דערזען אין אירע קליידער זענען די אויגן אויפֿגעריסן געוואָרן..." ראובעלע סטראַשעט: „טאַטע, זאָלסט דיך נישט שטעלן מיט מיר — — — געדענק, כ'וועל שרײַען אויף די מאַמע, זי ליגט דאָ נישט ווייט אויפֿן קברות..." ראַשל קלאָגט זיך — „יענטלס קליידער וויינען מיר פֿון לײַב אַראָפּ... כ'וויל זיי מער נישט טראָגן..." ישראל קלאָגט זיך אויף זײַן ביטער מזל — „יענטל ברויך פֿון קבר אויפֿ־שטיין און צוזען די יום־טובים מײַנע". ראַשל קלאָגט זיך פֿאַר איר טאַטע־מאַמע — „...דאָ סטראַשעט מיך אַרויס. כ'בלייב אַ רגע אַליין דאַכט זיך מיר — יענטל שטעלט אויף מיר אויס אַ פּאָר אויגן איינצושלונגען. כ'שפּיר, אַז ס'לאָזט איר אין קבר נישט איינרוען... ס'הייבט איר אונטער, ס'וואַרפֿט איר אַרויס..." — — — „ס'אַר אויגן... זיי קוקן אַראָפּ פֿון די ווענט, פֿון באַלקן און דורך די פֿענצטער, — שוואַרצע אויגן פֿינצטערע..." ראובעלע ענטפֿערט איר — „ס'זענען דער מאַמעס אויגן, זיי גלעטן מיך".

ס'איז צו זען, אַז ביי איר גאַנצער דאַרפֿישער פֿרייקייט און אומגעצוימטן לעבנסלוסט, איז ראַשל דאָך אין תוך צאַרט און אַפּגעהיטן. זי איז דעם אַלטן ישראלס ווייב און דאָך שענקט זי אים נישט קיין ליבע, זי איז אים נישט קיין ווייב, אָדער ווי זי דריקט זיך אויס וואולגאַר: „אַ פֿייג האָט ער ביי מיר, דער טאַטע... אַ פֿייג!" אָבער אין דערזעלביקער צייט וויל זי אים נישט זײַן אומטרײַ; זי וויל נישט גיין מיט ראובעלען, ווייל „אַ שלעכט ווייב, גאָר אַן ערלעך און אַ געטרײַ ווייב..." און אין אַ הייסן מאָמענט, ווען ראובעלע ווערט צודרינגלעך און זי האָט מורא, אַז זי וועט זיך נישט קענען באַהערשן, הייבט זי אָן יידישלעך צו מורמלען אַ תּפֿילה צו אירע פֿאַר־שטאָרבענע שוועסטערלעך: „היט מיך, היט מיך, געשטאָרבענע שוועסטער־לעך; כ'בין אַ יידיש ווייבל דאָך, ריין פֿון זינד לעת־עתּה נאָך און כ'וויל גאַנץ אַרויס פֿון דער בראָך... היט מיך, היט מיך, שוועסטערלעך..." ווייזט טאַקע די „הפֿקרדיקע" און „צעלאָזענע" דאַרפֿסמויד אַרויס מער ערלעכ־קייט, לויטערקייט און צניעות איידער די כּלערליי פֿאַרדביקהטע קרבן־

מנחה־באַבעס, די געלייפיקע מוסר־זאַגערקעס, וואָס האַלטן אין איין שעפּטשן פּרומע „יהי רצונלעך"...

פּונקט ווי אין די „גנבים" ווערט אויך אין די „דעמבעס" דער קאָנ־פליקט נישט געלעזט; ער בלייבט שטיין אומבאַוועגלעך אויף אַ באַשטימטן פּונקט. ישראל באַקומט פּלוצים אַן אַטאַק. און דער ווידערשפּעניקער זון ראובעלע בעט זיך פּול מיט חרטה: „טאַטע, שטאַרב נישט. כ'האָב איר גאָר־נישט געטון... שטאַר — ב־ני — שט, טאַ — טע..." הכלל — אַרום און אַרום יידישע גזלנים...

„גנבים" און „דעמבעס" האָט בימקאָ געשריבן אין אַ צייט, ווען ר'איז נאָך געווען פאַרכאַפּט פון אַ האַסט זיך אויסצושוימען אין דער פּען. אין אַזאַ פּעריאָד איז ביי אַ שרייבער נאָך ווייניק אַנטוויקלט דער חוש פאַר אַ נאָ־טירלעכן אָפּקלייב צווישן גרינעם און אויסגעצייטיקטן. דעמאָלט איז אַ שרייבער געוויינלעך באַהערשט פון אַן איינגעליבטקייט אין יעדן אויפגע־שריבענעם צייטל און ער קאָן נישט באַהערשן דעם יצר הרע עס נישט צו ברענגען פאַר דער עפנטלעכקייט. האָט טאַקע בימקאָ לעם די קרעפּטיקע דראַמעס „גנבים" און „דעמבעס" פאַרעפנטלעכט אַ צייט־דראַמע „ווינטן" און אַ דראַמע „פאַרוועלקטע בלעטער". דערגרייכן זיי ביידע נישט צו די „קנעכלען" פון די פריער באַהאַנדלטע דראַמעס. זיי זענען געבויט נאַיוו און די דיאַלאָגן אַ ביסל צוגעוואַסערט... אין „ווינטן" זעט מען ווי אַזוי די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויפגענומען געוואָרן דורך דעם דורכשניט־לעכן מענטשן. דער גרויער מענטש אינטערעסירט זיך נאָר מיט נאָענטע פּרטים און קאָן באַיין אופן נישט באַנעמען דעם פּאָליטישן און עקאָנאָמישן מעכאַניזם, וואָס האָט געטריבן צום אויסברוך פון דער מלחמה; ער טייטשט זיך אַלץ אויס נאַיוו. ר'פאַרשטייט נישט הלמאַי מלכים, וואָס האָבן ערשט נעכטן ביינאַנד זיך געגעסן פון די פּיסקלעך, זאָלן זיך גאָר היינט איינס ס'אַנדערע ממיתן. אַ פּרוי זאָגט דערביי אַרויס אַן „אָריגינעלן" געדאַנק — „אַז די קסרים וואָלטן געברויכט אַרויסגיין זיך שלאָגן — וואָלט קיינמאָל קיין מלחמה נישט געווען"... די דראַמע שפּיגלט באַזונדער אָפּ די מלחמה־איבערלעבונגען פון דער יידישער באַפעלקערונג אין אַמאָליקן רוסישן פּוילן. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען געווען פאַרקערטע פאַר־העלטענישן איידער אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. די יידישע באַפעל־קערונג האָט געהאַט מער פריינטשאַפט פאַר די פרעמדע דייטשישע חילות איידער פאַר דער „אייגענער" רוסישער מאַכט. די רוסישע חילות האָבן

דעמאָלט געברענט, געשענדעט און געמאָרדעט און פאַרקערט די דייטשן האָבן גאָר אַרויסגעוויזן מער פריינטלעכקייט. די דראַמע פאַרמאָגט אַ שלל מיט יידישן שטייגער־שטאָף, וואָס האָט אַ קולטור־היסטאָרישן ווערט און איז אויך געבויט אויף פּאָליטישע פאַקטן, וואָס האָבן אַן אַלגעמיין־היסטאָרישע באַדייטונג.

דער דראַמאַטישער קאָנפליקט שיילט זיך ערשט אויס צום סוף. ווען עזריאל איז געווען אויפן פראָנט איז זיין ווייב בלומע פאַרגוואַלדיקט געוואָרן דורך אַ רוסישן סאָלדאַט. דער צוריקגעקומענער מאַן דערוויסט זיך וועגן אַלעם, ר׳איז איר ברייטהאַרציק מוחל און שטאַרקט זי מיט וואַרעמע טרייסט־ווערטער. אָבער בלומע אַליין איז זיך נישט מוחל, ווי וויל זיך נישט באַפרייען פון פלעק און מאַכט אַ סוף צו איר יינג לעבן.

איז בלומעס זעלבסטמאָרד נישט אינגאַנצן פאַרשטענדלעך. ווער עס גייט איינגוויליק אָוועק פון דער וועלט איז עס קודם־כל פון פאַרצוויפלונג, צוליב דער אוממעגלעכקייט איבערצואַנדערשן די געשאַפענע ביטערע לאַגע. אויך איז יעדער זעלבסטמאָרד אַ פּראָטעסט קעגן דער אומגערעכטער וועלט. אין אָט־דעם פראָטעסט איז שוין פאַרבאָרגן ס׳קערנדל פון וויטערדיקן גייסטיקן המשך, וואָס דאַרף זיך ציען אַרום און אויסער דעם קבר. אין וועלכער ריכטונג גייט דער פראָטעסט פון בלומעס זעלבסטמאָרד, ווע־מען וויל זי דערמיט טרעפן? — די נאָענטסטע סביבה האָט דאָך איר אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש, פאַרגעבונג און טרייסט. האָט זי דען פריער געקעמפט קעגן די גוזעלשאַפטלעכע פאַראורטיילן און זי, בלומע, איז באַזיגט געוואָרן? וויל זי מיט איר טויט פראָטעסטירן קעגן דער אומגערעכטער גוזעלשאַפט, אין וועלכער ס׳איז פאַר איר, בלומע, נישטאָ מער קיין אָרט? אַז בסך־הכל איז זי נישט קיין קעמפערישע נאַטור און זי האָט נישט געקאָנט האָפן, אַז איר טויט זאָל איבערלאָזן אַ וועלכן ס׳איז פאָדעם פאַר אַן אויסער־קברדיקן המשך. איז עס משמעות געווען אַ „פּראָטעסט״ קעגן זיך אַליין, קעגן דער אייגענער שיקזאַלהאַפטיקייט געפירט דורך יידישער צניעות. זי האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן איר אייגענע „געפאַלנקייט״ און איר אייגן געפיל, דאַרף איר ס׳לעבן זיין פינצטער, נאָר דער טויט קאָן איר נאָמען אומקערן ס׳אַמאָליקע ליכט. אירע לעצטע ווערטער זענען: „אַז כ׳האָב געהאַלטן די אויגן אָפן, איז מיר געווען טונקל אין זיי, און אַז כ׳האָב זיי צוגעמאַכט — געוואָרן ליכטיק. איצט, אַז כ׳וועל זיי נישט עפענען מער — שוין די ליכטיקייט אין זיי קיינמאָל נישט פאַרלאָשן ווערן...״ ווי אַזוי עס רעאַגירט

דערויף די סביבה איז צו זען פֿון ר' שמואלס ווערטער: „צעריסן אַ ספֿר־תּורה... אַן אות אָפּגעמעקט... אָבער די יריעה נישט טמא געוואָרן... די זעלביקע קדושה געבליבן רוען אויף איר...״

די דראַמע „פֿאַרוועלקטע בלעטער״, וואָס פֿאַרמאָגט עטלעכע גרונט־קאָנפֿליקטן, איז געבויט אויף אַ ביסל אַן אויסגענוצטער טעמע און וויקלט זיך לסוף אויס לויטן מוסטער פֿון „ווינטן״ — מיט זעלבסטמאָרד. דאָס איז אַ פֿאַמיליע־דראַמע. אַ באַלעבאַטישע טאָכטער אײדל האָט — ווי נישט אײן חסידישע טאָכטער אין אַמאָליקן פּוילן — זיך אײנגעליבט אין אַ קריסט־לעכן מילנער־„שייגעץ״. מען מאַכט זי אָבער חתונה מיט אַ נגידישן בחור שאול, אַ נישט גאָר געראָטענעם „צעלייגער״. זייער צונויפֿלעבן איז ממש אַ גיהנום, ווײַל זי קלערט שטענדיק וועגן איר גוישן געליבטן. צו איר מאַן בלייבט זי קאַלט און פּייניקט אים אין זײַן נישטגעשטילטן ליבע־הונגער. דער סוף אָבער איז אַ פֿאַטאַלער — עס ווערט איר דערעסן די פֿאַלשע לאַגע און זי מאַכט אַ סוף צו איר יונג לעבן. די שטייגער־דראַמע, גענומען פֿון דער יידישלעך־באַלעבאַטישער סביבה, איז אויסגעבויט געגוג דינאַמיש מיט אַ סך לעבנסקענטעניש. מאָמענטענווייז איז דער דיאַלאָג צאַפּלדיק. אין אַלגעמיין אָבער איז די טעמע נישט אָריגינעל, ווייניק פֿאַרטיפֿט און דערצו שוין דורך אַנדערע ברייט עקספּלואַטירט.

צווײ מאָמענטן רוקן זיך בולט אַרויס אין אָט־דער דראַמע: — אײדל קומט מחמת איר ליבע אין צוזאַמענשטויס מיט אירע עלטערן. ביי איר גאַנצער פֿאַרביסנקייט און ערלעכקייט האָט זי נישט קיין מוט זיך אָקעגן צושטעלן דעם ווילן פֿון אירע עלטערן. „כ'האָב וואָס ד'וואָרעט נישט אין זינען געהאַט גאָר חתונה צו האָבן... נאָר ס'האָט זיך אַזוי געמאַכט און כ'האָב מיר נישט געקאָנט העלפֿן... כ'בין געבליבן אין אַ קלעם... נישט אַהין און נישט אַהער... געמוזט גיין צו דער חופּה... בלויז צו דער חופּה, נישט מער...״

דער צווייטער מאָמענט איז דער פּלאָנטער ייד־גוי. מילא, אַז דער פּרו־מער שלום שרייט: „אַזאַ מעשה! אַזאַ מעשה! אויסרייסן וועל איך איר, ביזן ביין אויסרייסן... מיט אַ שגץ גאָר?...״ איז עס נאָך צו פֿאַרשטיין. אָבער אויך צווישן די צווײ ייִנגע מיידלעך מאַליע און אײדל וויקלט זיך דערוועגן אַ מאָדנער ראַסן־שמועס. יידישע מיידלעך אימפּאָנירט געוויינלעך די קריסט־לעכע וועלט מיט איר אויסנווייניקסטן גלאַנץ, וועלטלעכע לעבנספֿאַרמען און „וואוילדערצויגענער״ באַנעמונג. דעם „קלאַסישן״ יידישן חתן, דעם אויס־געוויקטן, בלייכן, לייכט־באַבערלדטן צעצלאַפּעטן און לאַנג־באַקאַפּאָטעטן

בחור שטעלן זיי שטענדיק אַקעגן אַ געזונטן הויכגעוויקסיקן קריסטלעכן ייִנג מיט פֿיינע מאַניערן און העפֿלעך באַנעמען זיך מיט פֿרויען. אין זייערע אויגן איז דאָרט אַלץ שענער ווי ביי אונדז. אַפֿילו ביי אַ אומגליקלעכער ליבע, וואָס פֿאַרמשפּט אויף שטענדיקע מיידלשאַפֿט, איז פֿאָרט פֿאַראַן ווי אַזוי זיך אויסצובאַהאַלטן מיט דער "חרפּה" פֿאַר פֿרעמדע שפּיזיקע בליקן. מאַליע זאָגט:

„...איך האָב אַ סך מאָל געקלערט, אַז ס'אַ גרויס אומגליק ביי אונדז יידן, וואָס ס'אי קיין קלויסטער נישטאָ. אַ מיידל ווערט אַלט, קומט אין די יאָרן, אין גרויען צאָפּ אַריין, איז כאָטש דאָ אַן אָרט וואו זיך צו באַהאַלטן. און אַז זי איז ביי זיך געפֿאַלן, — האָבן אַ מקום מנוחה, אַזוי זיך אַליין צו פֿאַרטיליקן און הענט, וואָס זאָלן גלעטן איבערן קאָפּ... ביי אונדז איז דאָס נישטאָ... גיי אַרום אין שמאָלן געסל... צווישן שולכל און קלויסטער... שטעך איטלעכן אויס די אויגן מיט די זילבערנע פֿעדים אין קאָפּ... ציטעריקע ברעמען..."

פֿונדעסטוועגן האָבן זיי נישט קיין צוטרוי צו „יענער" וועלט; אַ יידיש מיידל גלייבט עפּעס נישט, אַז אַ קריסטלעכער בחור זאָל קאָנען ליב האָבן אַ יידישע טאָכטער אויף אַ ווייטערע לעבנס־מעטע. ס'רוב איז די באַציאונג צום יידיש מיידל נישט קיין ערנצטע. מאַליע זאָגט צו איידלען, וואָס איז פֿאַרליבט אין אַ „שגץ":

„...ס'וואָלט מיך נישט געאַרט, כ'זאָל וויסן, אַז דו גייסט נישט ביי אַזאַ איינעם אין דער ריי און ביסט, ווער ווייסט, די וויפֿלטע, וואָס גייט אַוועק אָפּגענאַרט. אָ, ווען ער זאָל כאָטש מיינען אויף אַ העלפֿט, אַ דריטל ווי דו שטעלסט דיר פֿאָר..."

אין די ביז איצט באַהאַנדלטע דראַמעס איז צו זען, אַז בימקאָ באַמיט זיך נישט ספּעציעל אויפֿצודעקן דעם סאָציאַלן „אונטערשלאַק" פֿון די אַרויס־געפֿירטע קאָנפֿליקטן. ער נעמט מער די דערשיינונגען אין זיך אָדער פֿאַר זיך אָפּגעריסן פֿון דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן אונטערגרונט. ער באַנוגנט זיך בלויז מיט ספּאָראַדיש אַריינגעפֿלאָכטענע סאָציאַלע אַקצענטן. ראַשל (אין „דעמבעס") טייטש אויס איר לכתחילהדיקן איינוויליקן חתונה צו האָבן מיטן אַלטן ישראל: „ברויכסט מיר נישט צו פֿאַרדענקען... ווייסט גוט, אַז ס'איז אויף מיין לייב קיין רעכט שטיקל קליידל נישט אַרויפֿגעקומען. מ'האָט מיר די פֿינגער פֿון די פֿיס דורך די שיך אַרויסגעזען... און כ'בין געוואָרן צע־מישט, ווען איך האָב דערזען אַ הויף, אַ שטוב, אַ שאַנק קליידער... געווען

פֿאַרבלענדט, ווען דאָס איז מיר געקומען אין די הענט אַריין. גענומען גראַבלען אין גאָלד, אַרומשווימען אין זיידנס... געמיינט — אַלע זיבן הימלען האָבן זיך פֿאַר מיר אויפֿגעמאַכט...״ אין די „פֿאַרוועלקטע בלעטער״ ווערט אײדל אַ כלה פֿאַרן גבירישן שאול, ווייל איר פֿאָטער איז איצט געענגט אין געלט... אָבער בדרך כלל האָט בימקאָ אין זיינע ביזאיצטיקע דראַמעס אַרויס־געוויזן ווייניק פֿארשטענדעניש פֿאַר דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן מיטפֿאַקטאָר, וואָס ברענגט אַרויס די האַנדלונג. בימקאָ זעט ס׳רוב דעם מענטש אומ־מיטלבאַר מיט זיינע פֿריידן און קלעמענישן און באַלד הייבט ער מיט אים אָן קינסטלעריש מיטצולעבן און מיטצוחלומען, נישט טראַכטנדיק וועגן דעם סאָציאַלן מעכאַניזם וואָס האָט דערצו דערפֿירט. אויף אַ פֿאָלקסשטאַמיקן שרייבער, וואָס איז געוואַקסן אין דער סביבה פֿון דער יידישער נויט, איז עס אַוודאַי א חידוש.



# 1

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די דייטשישע אָקופּאַציע אינגאַנצן איבערגעקערט ס׳פֿאַרוואָרפֿן יידיש שטעטל אין פּוילן. די דעמאָלטיקע טראַדיציאָנעל־יידישע איינגעזעסנקייט האָט זיך פּלוצים אויג־אויף־אויג געטראָפֿן מיט דער מיליטערישער פֿאָרם פֿון דער מערב־ציוויליזאַציע און מערב־קולטור. מ׳איז נישט געגאַנגען אין איר היימלאַנד, כּדי זי דאָרט באַקענען אין איר פֿרידלעכער איינגעוואָרצלטקייט, נאָר מ׳האָט זי אויפֿגענומען ביי זיך, ווען זי איז געקומען מיט דער שווערד צו פֿירן מיט אונדז מלחמה. זענען אירע באַלדיקע אויסווירקונגען געווען אַזעלכע, אַז ס׳איז אויפֿגעריסן געוואָרן די משטיינסגעזאָגט „איינגעפֿונדעוועטע״ יידיש־שטעטלדיקע ווירטשאַפֿט און ס׳איז אויך צעטרייסלט געוואָרן דער אַלטער יידישער לעבנס־באַנעם און קולטור־שטייגער. די עקאָנאָמישע באַדינגונגען האָבן זיך אינגאַנצן געביטן און אין דער יידישער עדה איז דערגאַנגען צו אַ לגמרידיקער איבערשיכטונג — טאַקע „עליונים למטה ותחתונים למעלה״. די גבירים האָבן פֿאַרלוירן דעם באָדן אונטער די פֿיס און פּשוט נישט געקאָנט זיך צופּאַסן צו דער נייער ווירקלעכקייט, דאַקעגן דער פּראָסטער „נאַראָד״ האָט גיך געכאַפּט דעם נייעם שניט און אויסגעפֿונען, וואָס אַמאָל נייע, אָפּטמאָל ריזיקאַלישע, געביטן פֿון פּרנסה. די געוועזענע גבירים זענען געזעסן ביי זיך אין די טריבע היימען און מיט ביטערע זיפֿצן דערמאָנט די אַמאָליקע גילדענע צייטן. דאַקעגן צווישן דעם ביזאַהער אָרימען עולם האָבן זיך געפֿונען גענוג אונטערנעמערישע מענטשן, ריזיקאַנטן, וואָס האָבן איינגעשטעלט ס׳לעבן צו שמוגלען פֿאַרשידענע סחורות און שפּייז־פּראָדוקטן, וואָס זענען אין מלחמה־צייט אַרויסגענומען געוואָרן פֿון פֿרייען האַנדל. דער שמוגל איז געווען פֿאַרבונדן מיט געפֿאַר אי פֿון האַרבע קריגס־שטראָפֿן, אי מיט פֿאַרלירן ס׳גאַנצע משטיינסגעזאָגט פֿאַרמעגן, וואָס מ׳האָט דערין אַריינגעלייגט. די ליידיקע טישן אין די באַלעבאַטיש־יורדישע היימען און די פּולע טעפּ אין די „פּראָסטע״ שמוגלערישע שטובן, און דערהויפּט דער אָנבליק פֿון די מלחמה־גרוילקייטן ,וואָס האָבן געשטעלט ס׳לעבן אין סכּנה, האָבן אַריינגעבראַכט אַ צערודערניש אין די אַלטע באַגריפֿן, האָבן איבער־

געקערט די ביזדעמאָלטדיקע מאָראַלישע איינשטעלונג אין יידישן געסל. די פֿאַרגרעבטקייט האָט באַקומען די אויבערהאַנט, מ'האָט אויפֿגעהערט צוטיילן כּבוד דעם געוועזענעם יחסן, דעם תּלמיד־חכם, „איידעלן" בעל־הבית און גענומען חנפֿענען די „אָנגעשטאָפּטע" שמוגלערס, אויפֿגעקומענע „פּאַסקאַ־זשעס".

דער האַר פֿון לעבן און טויט איז געווען דער דייטשישער שטאָט־קאָ־מענדאַנט; פֿון אים זענען געווען אָפּהענגיק אַלע קאָנצעסיעס, דערלויבענישן און פֿאַרבאָטן. האָט עמיצער באַוויזן געפֿונען אַ וועג צום קאָמענדאַנט, איז ער שוין געווען באַזאָרגט מיט פּרנסה בשפֿע. מ'האָט דעריבער געזוכט לע־גאַלע און טריפֿענע וועגן צום קאָמענדאַנט. דאָס האָט געשאַפֿן אַ דעמאָראַ־ליזאַציע, אַ הפֿקרדיקע אַטמאָספֿער. כּדי צו געפֿינען ס'האַרץ פֿון קאָמענ־דאַנט האָט מען זיך פֿאַר גאָרנישט אָפּגעשטעלט, אָפּטמאָל אַפֿילו געשיקט צו אים אַן אייגענע שיינע טאָכטער. ס'איז פֿון יענער צייט טאַקע געבליבן אַ שטעכיק פֿאָלקסווערטל, אַז כּדי צו באַקומען אַ סחורה־„באַווייליקונג" פֿון קאָמענדאַנט דאַרף מען צו אים שיקן נישט בלויז אַ ביטע, נאָר דערהויפּט אַ „בּיתּה"...

אָט־די משונהדיקע איינרייסערישע צייט, ווען מ'האָט זיך בהלדיק גע־יאָגט נאָך רייכטום און גענוס האָבן געפּרואווט קינסטלעריש אַרויסברענגען: עוזר וואַרשאַווסקי — אין זיין ראָמאַן „שמוגלאַרס", שמעון האָראָנטשיק — אין ראָמאַן „פֿאַרפֿלאָנטערטע וועגן" און פֿישל בימקאָ — אין אַ סעריע שוין דערמאָנטע מלחמה־נאָוועלן, בעיקר אָבער אין דער דראַמע „מויערן". זענען דעמאָלט דריי שרייבער געזעסן אין דריי באַזונדערע פּוילישע שטעט־לעך, וואָס זענען פֿון זיך אָפּגעטיילט דורך אַ מהלך רב: וואַרשאַווסקי — אין אָמשינאָוו (מאַזאָוויער געגנט), האָראָנטשיק — סאָמפּאָלנאָ (קויאַווער געגנט) און בימקאָ — אין קיעלץ (טיף־פּוילן). האָבן זיי אַלע דריי מיט אַ וואַך אויג נאָכגעפֿאָלגט אַלע מלחמה־פֿאַרקומענישן און דערעיקרשט דעם פּלוצימדיקן ריס, וואָס איז איינגעטרעטן אין יידישן שטייגער. אַלע דריי, נישט וויסנדיק איינער פֿון אַנדערן, האָבן אַרויסגעבראַכט די זעלביקע מאָ־טיוון. וואַרשאַווסקי באַשרייבט די כּלערליי ריזיקאַלע שמוגלס פֿון די פּאַנטלס, מענדלס און קאָפּלס און די מאָראַלישע פֿאַרוויסטונג, וואָס די שמוגלס האָבן אַריינגעבראַכט אין יידישן לעבן. מ'שמוגלט צוזאַמען מיט אונטערוועלט־פֿאַר־שוינען און פּראָסטאַקעס, מ'ווערט מיט אַמאָל רייך, אָדער מ'פֿאַרלירט אַלץ. דער עולם ווערט אינגאַנצן אויסגעטאָן פֿון בושה; באַיאָרטע יידן פּראָוון

מיט גאַסן־פּרויען הפקרדיק זנות ביי זיך אין די היימען אין קעגנוואַרט פון אייגענעם ווייב און קינדער. אויך האַראַנטשיק ווייזט די זיטן־צעפאָרנקייט אין ידישן לעבן, ווי די מלחמה האָט אָפּגעמעקט די מחיצה צווישן צניעות און הפקרות. דער אויטאָר אַליין, פּאַרשטעלנדיק זיך מיטן נאָמען עזריאל צוויק, האָט געשמוגלט חזרים. אויף דער מזרח־וואַנט האָבן זיך ברייט צע־לייגט רייכגעוואָרענע פּערדס־גנבים. באַלעבאַטישע טעכטער דאַקעגן מוזן נעבעך אַראָפּלאָזן פון יחוס... אויף דער גאַס פּאַרטשעפּעט מען אַ באַלע־באַטישע פרוי פון אַ סוחרישן יורד, וואָס האָט זיך צוליב דוחק אין פרנסה געעפּנט אַ היימישן האָטעל. מ׳פרעגט זי צווידייטיק: „פרוי צוויק, וויפיל נעמט איר פאַר אָפּטרעטן אַ האַלב בעט?...״ — וועגן בימקאָס אַלגעמיין באַ־נעמען דעם פּיבערדיקן מלחמה־שמוגל און פּאַסעק־מסחר איז שוין געווען אַ רייד אין צווייטן קאַפּיטל. אָבער אויף אַ גאָר באַזונדערן שטייגער באַ־האַנדלט ער ס׳זעלביקע פּראָבלעם אין זיין דראַמע „מויערן״. דאָ האָט ער אויף אַ דראַמאַטישן אופן אויסגעטיילט דעם תמצית פון דעם אַלגעמיינעם קנויל מלחמה־פּראָבלעמען. אויף וויפיל אין דער דערציילונג ווערט אַלץ געשילדערט האָריזאָנטאַל, אויף אַזוי פיל בויט בימקאָ אין זיין דראַמע אויס ס׳פּראָבלעם — ווערטיקאַל.

דער מלחמה־פּעריאָד — אינגאַנצן אַ פּיריעריקער צייט־שפּאַן — האָט מיט זיינע אויסטערלישע געשעענישן באַוויזן אָנצולאָדן דעם דעמאָלטדיקן גייסטיק צעשויבערטן מענטש מיט פּסיכישע אונטערגרונט־עלעמענטן, פון וועלכע ער האָט זיך געלאָזט בלינד פירן. איז דאָס געווען אַ פּירעכץ, וואָס האָט אָנגעגריפן דעם מענטשנס יש, זיינע באַגערן, וועלט־פאַרשטעלונג, גלויבונגען און לעסטערונגען. ס׳איז פּשוט נישט צו באַנעמען דעם סוד פון מלחמה: אין דער ערשטער מינוט האָט זי אויסגעלאָשן די הימלען און האָט לויט איר אייגנטלעכער באַשטימונג אָנגעהויבן פאַרגיסן בלוט און זייען טויט. זי האָט אָבער באַגלייך אין זיך געטראָגן אַ פאַרהוילענעם וואַנזין, וואָס האָט דעם מענטשנס געמיט כסדר געשליידערט אַרויף און אַראָפּ, צו פאַר־כאַפּערישקייט און באַזעלטקייט, צו דורשטיקער גליסטונג און אומעטיקן יאוש, צו פאַריסענער גאָט־לעסטערונג און הכנעהדיקער תפילה.

אויפן יסוד פון אָט־דער צעשויבערטער צייט איז אויפגעקומען פ. בימ־קאָס „מויערן״. איז עס קאָנצענטרירטער דראַמאַטיזם, וואָס באַווייזט דעם מלחמה־מענטשן אַ פאַרווירטן אין געדראַנג פון דרויסנדיקע געשעענישן, וואָס הייבן אים פּלוצים אויף לעילא ולעילא, ביזן סאַמע שפּיץ פון גע‌אַנטן

גליק און שפּעטער פֿאַרפֿלעכט ער אים ווידער אין אַ נעץ פֿון פֿאַלשע האַנד־לונגען, וואָס שליידערן אים פּלוצים אַראָפּ אין כּף הקלע. דאָס פּילט אָן די דראַמע מיט בלינדער גורלהאַפּטיקייט און פֿאַרוואַנדלט די „מויערן" אין אַ שיקזאַלס־דראַמע.



פֿאַרוואָרפֿן ערגעץ הינטער דער שטאָלער ראַגאַטקע ווייט ביים וויסן טראַקט אַרומגערינגלט מיט פֿעלדער, שטייט אַ הילצערן הייזל, אַריינגעוואַקסן אין דער ערד, אַ מפּולת. וואוינט דאָרט אַ ייד קאָפּל־עקיבא, אַ גאַרבער מיט זיין ווייב טויבע, צוויי זין און צוויי טעכטער. די אַרבעט איז שווער, ממש איבערמענטשלעך, אָבער די אָרעמקייט איז נאָך גרעסער. טעג און נעכט ליגט דער גאַרבער איינגעגראָבן אין די פּעסער דאָמב, האָרעוועט ביטער און קאָן אַלץ נישט פֿון די אויסגעאַרבעטע פֿעלעכלעך אַרויסברענגען קיין שטיקל ברויט מיט אַ שיסל גריץ צו דער זעט. דיין זון מאַטעס העלפֿט זיך אַרויס מיט גנבות אין דערבייאיקן שטעטל, און זיין אָפּגעריסן לעבנסלוסטיק טעכ־טערל מילקע, אַ צעשפּילטע רייסט זיך צום לעבן. דער אָרעמער טאַטע כּעסט זיך, וויל נישט, אַז מילקע „דער שפּילערזאק" זאָל, חלילה, אויסוואַקסן אַ הפקר. אָבער ס'אָפּגעשליסן באָרוועס מיידל האַלט נישט פֿון איר טאַטן; זיין אביונישע אומבאַהאָלפֿנקייט, זיין לעקיש־בעריש שטענדיק פֿאַרטאָן זיין אין דער אַרבעט, זיין נישט קענען געבן די קינדער דאָס סאַמע נייטיקסטע, שוין נישט רעדנדיק וועגן געבן דער טאָכטער אַ וועלכן ס'איז שיין פֿון פֿרייד, וועקט ביי איר אומאַכטונג צו אים. ס'יינגע טעכטערל שפּרינגט אים חוצפּה־דיק אין פּנים אַריין מיט אַ חוזק־ליד:

טאַטע־שמאַטע
קי־לע־וואַ־טע
פּאַ־פּי־לאַטי.

די איינציקע, וואָס פּילט אים מיט איז זיין אַ ביסל טאַמעוואַטע, אָבער תמיד ערלעך ווייב — טויבע. זי פֿאַרשטייט זיין בידנע מערכה און נעמט זיך האַרציק איבער מיט זייער וויסט מזל. — „דער טאָג איז פֿאַר אים קליין. אַזאַ זומער־טאָג. וואָס מ'קאָן אין אים אַוועקטאָן, מוז ער נאָך ביינאַכט אויכעט גאָרן מיט די פֿעלן, ביז ער וועט אַוועקפֿאַלן פֿון די כּוחות ביי זיי..." אַרום און אַרום אַ געדיכטער דלות־קאָשמאַר אָן אַ וועלכן ס'איז שיין אויף פֿאַר־בעסערונג. ווערט מען אָפּהענטיק, מ'טוט גאָרנישט אויף איבערצואַנדערשן

דעם באַשטאַנד; מ׳וואַרפֿט זיך הכנעהדיק אונטער דער פֿינצטערער דאַליע.

אַזוי לעבט מען יאָר־איין יאָר־אויס ווילנלאָז פֿעסט איינגעקאַרבט אין דעם אומאויפֿגעקלערטן גורל — אָן אַן אויסוועג.

מ׳איז צוגעשמידט צום גורל אַקוראַט ווי אַ געוויקס צום באָדן. עס קומען דאָ אין באַטראַכט צוויי קאָנטראַסטירטע באַגריפֿן: דאָזיין און וואַכזיין. דער שטאָטישער מענטש, דער סוחר און אונטערנעמער זענען אין זייער פּרנסה־טואונגען ס׳רובֿ וואַך. זיי לאָזן זיך נישט בלינד באַהערשן פֿון גורל און אין אַנטשיידנדיקע מינוטן מאַכן זיי אַ געשיקטע באַוועגונג אויסצומיידן דעם שווערן קלאַפּ פֿון שיקזאַל. דער דאָרפֿמענטש ווידער זיצט מכּמה דורות אויף איין און דעם זעלביקן באָדן און איז אפֿשר קעגן זיין אייגענעם ווילן פֿאַר־משפּט צו זיין אויף שטענדיק אומפֿאַרמיידלעך באַהעפֿט מיט זיין איינציקן פּרנסה־שטייגער. ער לעבט בבחינת דאָזיין און קאָן זיך דערפֿון שוין נישט באַפֿרייען. נאָר אויסטערלישע געשעענישן קאָנען אים דערפֿון אָפּרייסן.

אין דער סביבה פֿון דער שטאָלער ראַגאַטקע זעט מען דעריבער די אייגענע אוממעכטיקייט און מ׳גלייבט גיכער אין פֿאַרבאָרגענע כּוחות, וואָס קאָנען — מ׳ווייסט נישט ווי אַזוי — ברענגען דעם מענטשן גליק אָדער אומגליק. איז מען להוט יעדע „אַנדערע״ אָדער „אויסטערלישע״ דערשיי־נונג אויסצוטייטשן ווי אַ סימן פֿון גוטס אָדער, חלילה, שלעכטס, וואָס דאַרף קומען אויפֿן מענטשן. דאָס גוטע אָדער שלעכטע דאַרף קומען פֿון אַ פֿאַר־הוילענער רעטעניש־פֿולער וועלט. וואָרים דער מענטש אַליין איז דאָך אַ ווערמל, ער טאָר זיך נישט מישן, נאָר אַלץ נעמען פֿאַר ליב. ווייל טאָמער האַנדלט מען לויטן אייגענעם „נאַריש״־מענטשלעכן שכל, קאָן מען אַמאָל, חס־ושלום, מאַכן אַ פֿאַלשן שריט און זיך אויסגליטשן אויף שטענדיק. דעם מענטשנס יעדער טריט און קער ווערט באַוון ערגעץ־וואו געוואויגן און גע־מאָסטן, באַלוינט און באַשטראָפֿט און נישט איינמאָל אַפֿילו מיט גרויליקער נקמה.

ווען מ׳איז אין אַ זומער־אָוונט געזעסן פֿאַר דער שוועל און געזען פֿון אונטער די וואָלקנס מיטאַמאָל אַפּירשווימען די לבנה אַ בלוט־רויטע, האָט זיך דער עולם געגומען איר צוקוקן מיט שטוינונג און שעפּטשנדיקערהייט מאַכן פֿאַרשידענע אומהיימלעכע אויסטייטשונגען:

— אַ רויטע לבנה

— אַ שלעכטער אָנזאָג

ס׳אַ באַטייט אויף מלחמות.

די סמנים זענען שלעכטע. הייסט עס, אַז ס'שלעכטע האָט גאָרנישט קיין ברעג, אַז קאַפּל עקיבאס ביטערער גורל קאָן ווערן נאָך ביטערער. ס'וועלן קומען בלוטיקע מלחמות, וואָס וועלן זיינע צרות נאָך פאַרפילפאַכן.

זענען דאָס טאַקע געווען ריכטיקע סימנים אויף שרעקלעכע צייטן, אויף מלחמה. די מלחמה איז אויסגעבראָכן און מיט זיך געבראַכט, נויט, עלנט, הונגער און מגפה. דער הונגער איז נישט איבערקלייבעריש, וויסט נישט פון קיין יחסנים, טרייבט אַלע אַרויס פון די שטיבן. די שטאָט איז דורך די דייטשן אַריינגענומען אין קלעם; די אַלטע פּרנסות זענען אונטער־געגאַנגען. לאָזט זיך דער עולם אויף ריזיקאַלישע וועגן צו פאַרדינען כאָטש אויף אַ טרוקן שטיקל ברויט. מ'שמוגלט פון איין שטאָט אין דער אַנדערער פאַרבאָטענע פראָדוקטן. זענען חברה שמוגלערס און שמוגלערינס אַ צונויפ־געפלאָכטענע חברה, וואָס אונטערשיידט זיך אפשר לויטן "יחוסדיקן" אָפּ־שטאַם, אָבער זענען פאַרייניקט מיט אַ געמיינזאַמען באַגער ביי די געפער־לעכסטע באַדינגונגען אַדורכצושמוגלען וואָס מער פראָדוקטן. דאָס איז אָבער נישט קיין לייכטער ביסן; מ'שטייט אויס געברענטע צרות, מ'פאַרלירט ס'געזונט און אָפט ס'גאַנצע פאַרמעגן. הערן מיר ווי "אַנגעזעענע" שמוג־לערינס קלאָגן ביטער אויף זייער בידנער שמוגל־מערכה:

"...ביילע גיטלס, שרה לאהס, באַשע מירלס, געלע זעלדעס, — איידעלע קינדער, באַשמעקטע יידישע מיידלעך, האָבן קיינמאָל קיין פינגער אין קאַלטן וואַסער איינגעטונקען. האָט זיי נעבעך איצט די נויט אויף די פורן אַרויס־געטריבן שמוגלען".

"...כ'האָב מיר די אויגן צוגעהאַלטן, כ'זאָל נישט זען ווי מ'האָט פון זיי ס'אָנטועכטס אַראָפּגעריסן, באַזוכט און באַטאַפּט פון קאָפּ ביז די פיס".

"... ביילע גיטעלס מער אַדורכגעשטאָכן מיט די אויגן ווי מיט די שפּיז. זי איז אַרויס מיט אַ פוד מעל אַ פערטל גראָפּן, קאַשע, היידלעך, אַז ס'האָט דערפון אַראָפּגעשמעקט. און געמוזט צוקוקן מיט די אייגענע אויגן ווי מ'נעמט דאָס אַלץ אַראָפּ פון דער פור. געשטיקט די טרערן און מורא געהאַט זיך אָנצורופן מיט אַ וואָרט זי זאָל זיך אַליין נישט איינוויייקן..."

"... ביי שרה לאהס מיידל אַ ריפּ פליישׁ פון לייב אַראָפּגענומען, זי האָט נאָר פאַריסן. דער קצב האָט זיך אויפגעהאַלטן ביז נאָך האַלבער נאַכט מיטן שעכטן דאָס קאַלב. די ריפּ איז נאָך ווארים געווען און געטריפט מיט בלוט, אַז זי האָט זיך מיט איר אַרומגעוויקלט..."

„באַשע מירלס האָט דריי קאַלב־פּעלעכלעך אויף זיך געהאַט און נישט אירע אויכעט, ווי אַזוי זי וועט איצט נעמען פּאַר זיי צו באַצאָלן — ווייסט איין גאָט אין הימל...“

„... אהרן יונהס האָבן זיי נאָך מיט אַ האַלב יאָר צוריק,ביים ערשטן אָפּטרעטן, די מיל פֿאַרברענט. און חיים זעליקס פּעלדער די ביימער אויס־געהאַקט. מ'וועט דאַרט איינגיין ווי די שאַטנס אויף די ווענט, אַז די מיידלעך וועלן נישט אַרויספֿאָרן און זען עפּעס אַהיימצוברענגען אין שטוב אַריין...“

„...ביי חיהלע, דער אלמנה, ליגט — נישט קיין שום ייד געדאַכט — אַ זון אין בעט מיט אָפּגענומענע פֿיס. די קינדער אירע — איבער ימים צע־שפּרייט און ס'וועט איר אויסקומען צו נעמען אַ שטריק אויפֿן האַלדז“.

אַזוי זעט אויס די באַלעבאַטישע זייט פֿון דער מטבע. דאָס זענען די, וואָס האָבן זיך ביז אַהער געבלאָזן מיט יחוס און זענען איצט געניייטיקט זיך אַראָפּצולאָזן אַ פּאָר טרעפּ נידעריקער. ס'איז אבער אויך פֿאַראַן אַ המו־נישע זייט פֿון דער זעלביקער מטבע. דער פּראָסטער עולם פֿילט זיך ענדלעך אויסגעגלייכט מיט מיוחסים;ביידע זענען אויף די זעלביקע צרות, נישט מער די פּראָסטערע גיבן זיך גיכער אַן עצה, קאָנען גרינגער אויסהאַלטן דעם געדראַנג פֿון דער צייט. פֿון די אויפֿגעגוידערטע „יחסנישע“ תּרעומות יאָגן זיי זיך בייסיק אָפּ:

„קנאַפּע ברינים, די רבישע טעכטער“.

„יחוס — נאָ בית הקברות“.

„אויס מורה־מורנו“.

„יאַנקל קעלבאַס, געניזוקט זאָל ער ווערן, האָט אַרויסגענומען די נקבות זיינע פֿון בורדעל און אויפֿגעזעצט אויפֿן וואָגן. זיי אונטערגעלייגט צו צען פֿעלן יעדער אונטערן געזעס. זיי וועט קיין בייז נישט טרעפֿן“.

די מטבע דרייט זיך צוריק איבער אויף דער באַלעבאַטישער זייט:

„אונדזער סגאַל קומט אויס צו וואַרפֿן זיך אונטער די רעדער“.

„לייגן די ציין אין בייטל אַריין“.

„לאָזן פֿאַרנייען די מיילער“.

האָט אָבער די זעלביקע מלחמה געמאַכט אַן אויסנאַם און באַוויזן אַ קער צו טאָן צום גוטן קאָפּל־עקיבאס מזל; זי האָט אים אַרויסגעהויבן פֿון דעם אָרימקייט־זומפּ ביי דער שטאָלער ראָגאַטקע. ער איז מיטאַמאָל נתעשר געוואָרן, זיך באַזעצט אין אַלטן פּריצס הויז, וואָס האָט אַזש צען פֿיינע אויסמעבלירטע צימערן. ער נעמט זיך שטאַרק איבער מיט זיין עשירות און וויל איין מאָל

פֿאַר אַלע מאָל פֿאַרגעסן די אַמאָליקע אביונישע גאַרבער־צייטן. נאָכמער — ער וויל פֿון זיך אָפּטרייסלען אַלע דרויסנדיקע סימנים פֿון גאַרבערישער פּראָסטקייט. ער קומט דאָך עפּעס אין באַרירונג מיט „גרויסע לייט", איז נישט שיין זיך צו ווייזן מיט פֿאַרהאַרטעוועטע גאַרבער־הענט. זיי זענען במשך פֿון לאַנגע יאָרן פֿאַרהאַרטעוועט געוואָרן פֿון ציפּן פֿעל, ווייקן זיי אין קאַלך און דאָמב. די עלטערע טאָכטער עטל באַמיט זיך מיט פֿאַרשידענע כעמישע מיטלען אים „אויסהיילן" די הענט, וועלכע זי האַלט אין איין באַנדאַזשירן. בעת אָן איבערבונדן זאָגט זי אים אָן אַ בשורה: „די אַלטע הויט שיילט זיך און ס׳קומט אַרויס אַ נייע, אַ זיידענע"... דער טאַטע ווערט מלא שמחה: „אַ האַנט מיט פֿינגער אַזוי ווי כ׳וואָלט גאָר קיינמאָל נישט קיין מלאכה געטאָן מיט איר (כאַפּט איר אַרום קושן). וואָס זאָל איך דיר זאָגן, עטלשי, כ׳האָב מיר נאָר פֿאַרוואונטשן נ׳טויט מיט זיי. שטעק אויס אַ פּאָר הענט יענעם אין די אויגן — ווידלעס גאַנצע".

זיין ווייב טויבע איז נישט גאָר צופֿרידן פֿון דער פּלוצימדיקער איבערקערעניש. זי פֿאַרטראָגט נישט די טריפֿענע מסחרים און פֿרייט זיך נישט מיט דער רייכקייט, וואָס האָט דעם מאַן אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ מיט ווילדער גאווה. זי פֿאַרטראָגט אויך נישט דעם מאַנס גבירישע גענג, זיין אָנגעבלאָזנקייט, „מענטשלען" זיך און האַלט אין איין דערמאָנען, אַז אַמאָל האָט מען אים גערופֿן „לעקעש־בער". זי פֿאַרשטייט, אַז ס׳עשירות קומט נישט פֿון קאַפּל־עקיבאס אַרבעט, פֿלייס, אָדער בריהשקייט, זי גלייבט נישט אין זיינע פֿעיקייטן. פּשוט ס׳מזל האָט אים צוגעשפּילט, כאָטש ער האָט זיך דאָס באַין אופֿן נישט פֿאַרדינט נישט ביי גאָט און נישט ביי לייט. דערהויפּט קאָן זי נישט איבערקאָכן זיין זשעדנעקייט נאָך כבוד. זי איז פּסיכיש געבליבן ביים אַלטן; זי רייניקט אַליין די שטיבן און חברט זיך ווייטער מיטן „פּראָסטן נאָראָד". אַי, ווען זי זאָל עס קענען צוריקדרייען ס׳רעדל:

טויבע: אים גאָט באַגליקט מיט אַן עשירות, וואָלט ער זיך גערן געוואָלט גיסן שמאַלץ אין מויל אַריין. אַנישט — זאָל מען פֿון אים קלונגען אין די גלעקער... אוי, אוי, גאָט האָט שוין איכעט שוין נישט געוואוסט, וואו דאָס געלט זיינס אַהינצוטאָן, צו וועמען אין די האַנט אַריין עס אָפּצוגעבן...

קאַפּל־עקיבאַ: דיר אויף צולהכעיס, נו?... אויב ס׳געפֿעלט דיר נישט, גיי וואַרף אים אַ שטיין אין הימל אַריין!... מיר האָט ער געוואָלט געבן. און

אַז דו האָסט נישט געוואָלט צולאָזן, דיך געברויכט אוועקשטעלן מיט אַ שטיק האָלץ אין די הענט איבערן רבונו־של־עולם און אים נישט לאָזן... כע־כע־כע...

מ׳באָדט זיך אין שפּע און מ׳פאַרשטייט נישט די רעאַלע סיבות, וואָס האָבן גורם געווען דערצו. מ׳שפּירט אָבער אַרויס פון יעדן ווינקל ס׳מזל־פּאַטום, וואָס האָט די נויט פאַרוואַנדלט אין ראָסקאָש. אָבער אונטערן פּאַר־האַנג פון מזל שטייט קאָפּל־עקיבאס ייִנגסטע טאָכטער מילקע, דאָס זעלביקע צעשפּילט מיידל, דער „שפּילערזאַק״, וואָס האָט געשפּאָט אויסן טאַטנס אומבאַהאָלפנקייט און אים שפּאָטיש גערופן מיט כלערליי צונעמען. אַמאָל האָט זי אויף די פעלדער אַרומגעהוליעט מיט שקצים און דערפאַר אויסגע־שטאַנען פון טאַטן געברענטע צרות. איצט איז זי געוואָרן „אַ לייט״, זי איז די געליבטע פון גענעראַל, דעם האַר פון דער שטאָט. ביי אים אין דער האַנט ליגט דער שליסל צום גליק. זי איז די פאַרמיטלערין צווישן טאַטן און גענעראַל; זי באַקומט עס ביי אים אַרויס די פאַרשידענע קאָנצעסיעס, „באַ־וויליקונגען״ אויף לעדער־טראַנספּאָרטן. זי האָט עס דעם טאַטן אַריינגע־בראַכט ס׳עשירות און די מעגלעכקייט צו פּראַוון קהלשע תקיפות. און ווען ער באַקומט אַמאָל אַ „באַוויליקונג״ אַזש אויף דרייסיק טויזנט לעדער, קאָן ער זיך נישט איינהאַלטן פון צופרידנקייט, און ווייזט אָן אויף דעם קוואַל פון זיין גליק.

„און דו ווייסט פונוואַנען דאָס שטאַמט אַרויס? פון דעם שפּילערזאַק. דעם גאַנצן גייענדיקן טאָג שטייט דאָס אַזוי אין שפּיגל — אַ הערעלע אַהין, אַ הערעלע אַהער, שמירט זיך אויס און ס׳שמעקט פון איר אַראָפּ ווי פון שלמה המלכס אַ פּלגש, כ־ע־כע־כע״.

ווען ס׳קומען אַמאָל אויף טריבע מחשבות און ס׳געווויסן הייבט אָן טאָרן, באַמיט ער זיך זיי צו פאַרטרייבן מיט דעם גלויבן, אַז ס׳געשעט דאָ, חלילה, קיים שום בייז, אַז אַלץ קומט פון דער טאָכטערס אײדלקייט און גוטסקייט. אַמאָל איז זי אים געשפּרונגען אין די אויגן אַריין, געלאָבוסעוועט, איצט איז זי לייטיש און טוט פאַרן טאַטן און פאַר כל ישראל בלויז גוטס. — „... דאָס גאָלדענע פייגעלע, זי האָט אין זיך אַריינגעקריגן אַ גוטע נשמה. אַמאָל געקאָנט געבן די גאַל אין מויל אַריין, אָרנטלעך נעמען די לעבער — — — אָבער זי איז אַרויס דערפון ריין און באַשמעקט״.



אין דער שיקזאַל־דראַמע פּונקט ווי אין דער שיקזאַל־טראַגעדיע איז ס׳רוב פֿאַרוועבט אַן עלעמענט פֿון באַוואוסטזיניקער אָדער אומבאַוואוסטזיניקער אַליינשענדונג, און נאָכמער — פֿון אייגענער בלוט־שאַנד, בלוט־מי־שונג. דאָס קומט צום אויסדרוק אין באַקאַנטן אינצעסט, געשלעכטלעכער באַציאונג צווישן קינדער און עלטערן,ב רידער און שוועסטער. אַן אויס־געלאַנסנקייט, וואָס רעכנט זיך נישט מיט קיין שום מאָראַלישע צוימען, אָדער וואָס דערזעט אפֿשר נישט די צוימען. דאָס געשעט נישט גלאַט אַזוי צופֿע־ליק, נאָר דרינגט אַרויס פֿון אַ קייט סיבות און פֿאָלגן, וואָס זענען לויט אַן אומבאַקאַנטן כוח פֿאָרויס באַשטימט און באַשערט. און ס׳איז נישט שייך אַקעגן זיי צו ווערן אָדער גאָר פֿון זיי צו אַנטלויפֿן. דאָס וועט אַזוי העלפֿן, ווי ס׳האָט געהאָלפֿן יונהן בן אמתי, ווען ר׳איז אַנטלאָפֿן פֿון גאָטס באַפֿעל צו שטראָפֿן די איינוואוינער פֿון ננוה... דעם אייגענעם באַרוף קאָן מען נישט אויסמײַדן. אַזוי האָט זיין גורל אויך נישט געקאָנט אויסמײַדן דער קיניג עדיפּוס, כאָטש דער אָראַק האָט אים בפֿירוש אַלץ פֿאָרויסגעזאָגט, וואָס עס איז טאַקע שפּעטער גרויזאַם מקוים געוואָרן.

אויך אין די „מויערן״ לאָזן זיך אויף אַ פֿאַרנעפּלטן שטייגער אַרויס־שיילן אָט־די עלעמענטן. די פֿאַרנעפּלטקייט באַשטייט אין דעם, וואָס די בלוט־שאַנד איז נישט קיין דירעקטע צווישן דער אייגענער נאָענטער משפּחה. אין דעם פֿאַל קומט אָבער די באַוואוסטזיניקע מאָראַלישע פֿאַרלייקענונג אָדער גאָר די אומבאַוואוסטזיניקע מאָראַלישע בלינדקייט צום אויסדרוק דורכדעם, וואָס דער פֿאָטער פֿירט די אייגענע טאָכטער צו שאַנד און וויל אין דעם נישט זען קיין שום בייז. אדרבא, ער שעפּט, גאָר דערפֿון עשירות און כבוד. דער ברודער פֿאַרמיטלט נאָכאַנאַנד צווישן דער שוועסטער און די נואפֿים און נעמט דאָס אָן ווי אַ געוויינלעכע זאַך. קאַפּל־עקיבא שפּילט דער־ביי אַ טאָפּל־ראָל. נאָכדעם ערשטן מאָמענט, ווען ער האָט זיך אַנטשלאָסן (אָדער גאָר עס געטאָן צופֿעליק) צו שטויסן די אייגענע טאָכטער צו שאַנד, האָט ער זיך שוין שפּעטער באַמיט כסדר צו אַנטלויפֿן פֿון דעם אייגענעם שולד־געדאַנק (כדי נישט צו וועקן אין זיך קיין שולד־געפֿיל). ער האָט עס אַראָפּגערוקט ערגעץ־טיף אין די געוועלבן פֿון אונטערבאַוואוסטזיין. וואָס העכער ס׳איז ביי אים געשטיגן דער טורעם פֿון שפֿע און מאַכט, אַלץ ניי־דעריקער איז געזונקען ס׳באַוואוסטזיין וועגן דער זינד, דעם אייגנטלעכן בוימייסטער פֿון אָט־דעם גליק־טורעם. ער האָט זיך מיטאַמאָל איינגערעדט און זיך שפּעטער איינגעגלייבט אין דעם, אַז ער געניסט די פּרוכט פֿון זיין

אײגענעם כוח און מזל, מיט װעלכן די הימלען האָבן אים באַשאָנקען. אין זעלטענע אומעטיקע מאָמענטן פֿון געװױסן־גריבלעניש, לױבט ער אַפֿילו די הימלען, װאָס האָבן אים געגעבן אַ גראַטענע טאָכטער, אַ יפֿת־תּואר, װאָס מיט איר חן נעמט זי אױס בײ מלכות, בײב סאַמע אַלמאַכטיקן גע־נעראַל. װען מילקע קומט אַמאָל צוריק פֿון גענעראַל און דערצײלט אַ ביסל באַרימעריש, װאָס זי האָט אַלץ בײ אים אױסגעפּועלט, פֿילט זיך דער פֿאָ־טער אי פֿאַרלױרן אי געשמײכלט.

— „טאַקע, דו האָסט דאָך אַן אױג בײ אים. — — — אַ געזונט אין דײנע בײנדעלעך (קושט איר אין קאָפּ) כע־כע־כע, כ׳האָב געװאוסט — מיט דײנס אַ גלעלעכטערל, אַז דו װעסט נאָר אַזױ־אַ אױסלאַכן כע־כע־כע װעט עס אים אָרנטלעך צענעמען...״

מילקע: כי־כי... ער שטאַרבט פֿאַר מײן טריט...

שפּעטער, װען קאַפּל־עקיבא איז שױן שטײנרײך און הײבט אָן װערן זשעדנע אױף כבוד, װערט בײ אים ביסלעכװײז די נױט פֿאַרװאַנדלט אין אַ טוגנט, די עבירה אין אַ מצװה. ער הײבט זיך אָן גרױסן מיט דער טאָכ־טערס װײבלעכן רײץ, פֿון װעלכן ס׳קומען אַרױס גרױסע טובֿות פֿאַר ײדן. ער װיל זײן אײגענעם װי אױך דער טאָכטערס ערשטן חטא אָפּמעקן מיט איר איצטיקער „צדקות״, מיט איר מסירת גופֿדיקן אַװעקבערענגען זיך פֿאַרן כּלל ישׂראל. ער לעגאַליזירט זי אין די אױגן פֿון קהל װי אַ הײנטיקע אסתּר המלכּה, טאַקע װי אין דער מגילה שטײט „ותּשׂא חן וחסד לפֿניו מכּל הבּתולות״. (און זי האָט געקריגן בײ אים חן און לײטזעליקײט מער פֿון אַלע ײנגפֿרױען). זײן הױז װערט באַלאַגערט פֿון אומגליקלעכע שמוגלערס און שמוגלערקעס, בײ װעלכע מ׳האָט אַװעקגענומען זײער לעצט ביסל האָב און גוטס. מ׳קומט צו מילקע בעטן, אַז זי זאָל זיך דערבאַרעמען אױף בײד־נע אלמנות און יתומים, זיך אײנשטעלן בײם גענעראַל פֿאַר זײערטװעגן.

קאַפּל־עקיבא, גערירט פֿון גרױס כּבוד, װענדט זיך מיט מילדע רײד צו דער טאָכטער:

קאַפּל־עקיבא: מילקע, אױב דו װעסט קאָנען עפּעס אױסנעמען — האָבן אַ גרױסע מצװה...

מילקע: כ׳בין שױן מיד פֿון מצװות. (רײסט זיך אָפּ) זיך אַרײנגענומען אין קאָפּ, כ׳קאָן בײ אים אַלץ אױסנעמען... יאָ, זיך אַמאָל נאַריש מאַכן... אָבער אים כּסדר ליגן איבערן קאַרק?...

קאַפּל־עקיבא: אַ צייט זעסטו דאָך, אַז אַ וועלט זאָל ברויכן אָנקומען צו דיר, אַז דו ביזט דער רבי, דאָס קוויטל, דער פּדיון. גיי ברענג דו די ישועה פֿאַר איר און מענטשן דורך דיר געהאָלפֿן ווערן...

ווייטער ווערט קאַפּל־עקיבא באַרוישט פֿון וואוילטיק און מאַכט און ס׳באַפֿאַלט אים אַ באַגער צו שטייגן געזעלשאַפֿטלעך וואָס אַמאָל העכער. ער וויל זיך איינגאַנצן אויסטון פֿון זיין אַמאָליקן מעמד, זיך איינפֿלעכטן אין אַ נייער געאיידלטער סביבה, ס׳צעקאָכטע גאַרבער־בלוט מישן מיטן בלויען בלוט פֿון יחסנים. ער וועט זיינע קינדער נישט לאָזן גיין מיט רויען גאַנג פֿון דער שטאָלער ראַגאַטקע; ס׳מוז פֿון זיי אַרויסקומען אַ נייער דור, אַ גע־לייטערטער. ס׳איז איצט פֿאַר אַלע (אַ חוץ פֿאַר קאַפּל־עקיבאן) אַ ביטער־שווערע צייט, די אינטעליגענץ איז פֿאַראָרעמט און איז אַראָפּ פֿונעם מעמד. איז קאַפּל־עקיבאן געראָטן צו באַקומען פֿאַר זיין עלטערער טאָכטער דעם מיוחסדיקער ד״ר עפּנער פֿאַר אַ מאַן. אַ קלייניקייט קאַפּל־עקיבא, דער גע־וועזענער לעקיש בער, האָט אַן איידעם אַ דאָקטאָר! דעם דאָקטאָרס מוטער, פֿרוי עפּנער, ווייטיקט, הלמאַי זי, די מיוחסת, האָט זיך געמוזט בייגן פֿאַרן בלישטש פֿון גאָלד... קאַפּל־עקיבא איז אָבער שיכּור פֿון גליק און פֿאַר־זיכערט די מחותּנתטע: „דערמיט, וואָס ער ווערט מיין קינד, וועלן פֿון זיין פֿאָטערס נאָמען נישט בלייבן בלויז די אָפּגענוצטע אותיות אויף דער מצבה. ער וועט ערשט אָנהייבן לעבן און זיך צעוואַקסן אין דער ברייט און אין דער לענג״...

אין הויז פֿון זינד לאָזט זיך אויך הערן אַ שוואַכע שטים פֿון געוויסן; די מאַמע טויבע מיט איר ערלעכן זון וועלוול האַלטן אין איין מאָנען באַ־זינונג. זיי האָבן אָבער אַקעגן זיך אַ מויער פֿון פֿאַרדאַרבונג, געשיצט דורך דעם צעיאַכמערטן טאַטן מיט זיין הפֿקרדיקן זון מאַטעס, וואָס רעדט אָן די שוועסטער צו כּל־דאָס בייז. טויבע זעט באַלד דעם אָפּגרונט פֿון אַזאַ אומ־ערלעך לעבן און פֿאַרוואָונטשט זיך בעסער דעם טויט. אויך מילקע אַליין זעט ענלעך איין דעם פֿאַרברעכערישן אומזין פֿון איר זנות־שפּיל. ס׳ווערט איר דערעסן די ראָל פֿון אַ פֿאַרמיטלערין און אויספּועלערין ביים גענעראַל צום נוצן פֿון איר געגוג רייכן טאַטן און דער „אָרימער״ שטאָט. זי פּרוּווט זיך בונטעווען אַקעגן דעם. אָבער איר פֿאַרדאָרבענער ברודער מאַטעס לאָזט איר נישט איבערכאַפּן דעם אָטעם. ער פֿאָדערט כּסדר דעם קרבן פֿון איר גוף.

מילקע: כ׳וויל נישט מער זיין שוועל באַטרעטן.

מאַטעס: כ׳וועל אויף דיר אָנשיקן דעם גלח פֿון מאַניכעוו, די דאַזאָרעס פֿון זאַקליקאָוו, די גבאים פֿון ווייסלעוויץ מיטן צלם, מיט די ספֿרי תּורות. וועלן זיי קומען דיך בעטן זאָלסט אַריבערגיין צו אים. די שטעטלעך וועלן אויסשטאַרבן, אַז זיי וועלן נישט קאָנען שמוגלען, אַוועקפֿגרן פֿאַר אַ קריש ברויט...

מילקע: כ׳וויל נישט מער טראָגן קיין שטעט אויפֿן קאָפּ, פֿאַרזאָרגן אַ וועלט.

מאַטעס: באַשטייסט, אַז ס׳זאָל אַלץ אַוועק מיטן ווינט?

מילקע: (האַרט אין די אויגן) נאָכוואָס, וויל ער, זאָל איך אַריבערקומען צו אים?

מאַטעס: כ׳ברויך דיר לייגן אַ פֿינגער אין מויל אַריין?

מילקע: וועל איך פֿריער פֿרעגן ביים גלח און ביים רב, הערן אויב זיי וועלן מיך הייסן...

אָט־דער דיאַלאָג, און דערהויפּט מילקעס לעצטע טראַציקע ווערטער פֿון אוממיטלבאַרן פּראָטעסט, דערמאָנען צוביסלעך דעם שמועס, וואָס איבֿ־סענס נאָראַ האָט געפֿירט מיט איר מאַן. רירנד זענען אירע ווערטער, ווען זי קריגט אויף זיך אַליין רחמנות:

„כ׳קאָן מיר נישט שענקען. יעדעס מאָל, וואָס איך גיי אַריבער — ברענג דעם טאַטן אַ הויז און מיר אַ לאָך אין האַרץ. יעדן ווערט ליכטיק אין קאָפּ פֿון זיינע שמייכלען, און מיר פֿינצטער אין די אויגן. מיר בייסן זיי אויס שטיקער פֿלייש פֿון לייב, קנייפּן אויס מיט די ציין״...״

אָבער דער פֿאָטער מאַכט זיך וועגן דעם נישט וויסן און לעבט זיך וואָס אַמאָל מער צונויף מיט דער איבערצייגונג, אַז ער ווערט באַשיימפּער־לעך געפֿירט פֿון הימלעשן מזל. ר׳האָט „דאָרט״ אַ וואַזשנע זכיה; מ׳האָט אים משמעות אין דער „הייך״ געגומען אויף דער וואָג... ער באַמיט זיך דע־ריבער פּסיכיש אײנגאַנצן אַוועקצוגיין וויט־וויט פֿון אַמאָליקן גורל, פֿון דער שטאָלער ראַגאַטקע. קאָפּל־עקיבא גיט זיך דערוועגן אָפּ חשבון: „כ׳בין שוין צו וויט אָפּגעפֿאָרן פֿון דער ראַגאַטקע, מיין קינד. טויזנטער מיילן פֿון איר אַוועק. צו הויך פֿאַרקראָכן און מיט צו פֿיל געלט געוואָרן אָנגעשטאָפּט — ס׳רעדעלע זאָל זיך קאָנען צוריקדרייען...״ זיין עשירות איז אין לשער, קיי־נער וועט אים שוין נישט איינברעכן, מוז ער דעריבער אָנהייבן שטייגן גייס־טיק. די טומאה מוז אָפּגעווישט ווערן דורך טהרה און וויטער דורך... קדושה. ער האָט שוין איינגענומען די „אַריסטאָקראַטישע״ מויער פֿון ד״ר עפֿנער,

איצטער פֿאַרמעסט ער זיך איינצונעמען די „היליקע" מויער פֿון זאַקליקאָ־ווער צדיק, וואָס האָט אַ יחוס־בריוו ביז דוד המלך. די צייט איז אַ ביי־טערע, חסידים זענען פֿאַראָרעמט, די רבישע טישן זענען לידיק, מוזן די רביים, די פֿאַראָרימטע „גוטע יידן", אָנקומען צו מלחמה־גבירים. נישטאָ קיין ברירה. יאָ, דער זאַקליקיווער צדיק איז גרייט זיך מתחתן זיין מיט קאַפּל עקיבא, נעמען זיין „צנועה" מילקע פֿאַר אַ שנור. דער געוועזענער נבלה־שיגדער קאַפּל־עקיבא קוועלט פֿון דעם „שפּיצל", וואָס ער האָט אָנגעטאָן דעם אַמאָליקן ראַגאַטקע־שיקזאַל. אַ קליינִיקייט — פֿון טיפֿסטן אָפּגרונט זיך דערהייבן צום העכסטן היכל... ער האָט געזיגט אויף ביידע פֿראָנטן; ר׳שטעלט אַרויס אַ פֿייג סיי דעם מלאך סיי דעם שטן.

„... כע־כע־כע פֿון דער רעכטער האַנט אַ רבי, וואָס וועט זיצן און לערנען תּורה — מיין עולם־הבא. פֿון דער לינקער האַנט אַ דאָקטאָר — מייז עולם הזה. די וועלט און יענע וועלט — ביידע וועלטן זענען מיין..."

ווי אין יעדער שיקזאַלס־דראַמע וואַקסט אויך דאָ די גאווה צוזאַמען מיטן דערפֿאַלג. מ׳ווערט פֿאַרבלענדט פֿון גליק און מ׳גלייבט נישט אין דער ענדערלעכקייט פֿון מזל. קאַפּל־עקיבא הערט זיך נישט־צו צו קיינעמס שטים; ער איז באַרוישט פֿון שטייגערונגס־שגעון. די איינציקע ניכטערע, וואָס האַלטן אין איין מאָנען באַזינונג און באַמיען זיך אויפֿצורייסן ס׳אילוזאָריש געוועב פֿון גליק, זענען טויבע מיט איר זון וועלוול. זי מורמלט: „מיט ווע־מען קאַפּל־עקיבאַן האָט זיך פֿאַרגלוסט האָבן צו טאָן? הלוואי ער זאָל עס נישט אויסברעכן..." זיי פֿולן אויס די ראָל פֿון מיסטישן כאָר אין דער גריכישער טראַגעדיע.

דער פֿאַטאַליסטישער פֿאָדים ציט זיך דאָ ווייטער אויס אין דער לענג. אין מלחמה־צייט איז אַ גרויסער טייל פֿון דער שטאָט געוואָרן פֿאַרברענט. אָרימע לייט וואוינען אין שמוציקע לעכער, „אָנגעטון" אין פֿאַרלייזיקטע טראַמפּעס, ווערן געפּייניקט פֿון קעלט און הונגער. קומט אַ מחנה באַר־וועסע און אָפּגעשליסענע אָרימעלייט צום „מאַגנאַט" קאַפּל־עקיבא בעטן לייכ־טער מאַכן זיי דעם ביטערן גורל; ער זאָל מיט חכמה און גאָלד לעשן די מגפֿה פֿון גרויליקער נויט. איז דאָס אַ וואַריאַנט פֿון סאָפֿאָקלעסעס אַ דראַ־מאַטיש בילד, ווען דער המון ווענדט זיך צו עדיפּוסן, אַז ער זאָל „אָפּטאָן" די מגפֿה, ער זאָל מיט חכמה מציל זיין די שטאָט. קאַפּל־עקיבא איז אַזוי פֿאַרשיכּורט פֿון גליק, אַז ער נעמט זיך אונטער אויפֿצובויען די חרובע

שטאָט, אַלע אביונים אָנטאָן אין נייע שפּענצער און הויזן. און נאָכמער: ער וויל אויפבויען אַ מקום קדוש „וואָס זאָל זיין אַזוי הויך ווי, להבדיל, דער גוישער קלויסטער”...

ער שטייגט וואָס אַמאָל העכער און העכער; דאָס גליק קוקט צו אים מיט טויזנטער אויגן. ער בויט אויף אַ שטאָט און בויט איבער זיין אייגענעם שטאָם, פון וועלכן ס'וועט אַרויסקומען אַ נייע גזע, דורות גבירים, געלערנטע און תּלמידי חכמים. תּורה וגדולה במקום אחד! זיין מילקע ווערט פאַרקנסט מיט אַ רביש־אָפּגעהיטענעם בחור, אַן עלוי, בקי אין גאַנץ ש"ס, קאָן טויזנט בלאַט גמרא פון אויסנווייניק. זאָל די גאַנצע וועלט זיך פרייען מיט קאָפּל־עקיבאס מזל. ער גרייט זיך צו די תּנאָים ווי צו אַ גרויסן יום טוב. מאַכט אַ ריזיק מאָלצייט פאַר דער גאַנצער שטאָט — לעקעכער, עופות און וויינען. קאָפּל־עקיבא לויפט כּסדר אויפן שאָסיי אויסקוקן די שיינע מחותּנים מיטן חתן. כּלי־זמרים שפּילן אויף קבלת־פּנים מאַרשן. די גאַנצע שטאָט קומט אָפּגעבן כּבוד די גרויסע צדיקים, בעלי מופתים. בלויז איין מילקע, די כּלה, גייט אַרום אַ פאַרטראַכטע... שאַרט זיך ביי די ווענט ווי אַ שאָטן.

אָבער אויפן סאַמע שפּיץ ברעכט מיטאַמאָל זיך איין די געביידע... דער בוימייסטער קאָפּל־עקיבא האָט געמאַכט דעם חשבון אָן דעם באַלעבאָס. ער האָט לכתּחילה זיין נשמה פאַרקויפט דעם טייוול־גענעראַל און קאָן זיך שוין פון אים נישט אַרויסדרייען. נאָר מיטן רשות פון גענעראַל האָט ער געקאָנט צוטרעטן אויפבויען אַ נייע שטאָט פאַר ייִדישע אָרימע מענטשן. אָבער דאָס איז געווען מעגלעך בלויז פאַר דעם פּרייז פון זיין טאָכטער מילקע, ד. ה., פאַרן פּרייז פון זיין אייגענער פאָטערישער נשמה. איצטער וויל ער פון מילקען מאַכן אַ רביצין, אַוועקגעבן זי אַן אַנדערן, גיט נישט דער גענעראַל דערויף זיין הסכּם. איינמאָל זיך אַריינגעפּלאָנטערט אין טייוולס נעץ, איז שוין נישט מעגלעך פון איר זיך אויסצופּלעכטן.

דעם גענעראַלס זעלנער צעיאָגן דעם עולם, פאַרטרייבן די בויערס. מען וועט שוין ווייטער נישט בויען; נישטאָ פאַר וואָס און פאַר וועמען צו בויען. מילקע איז זיינע, זי טאָר נישט געהערן צו קיינעם. אויס מילקע, אויס שטאָט. — „אַצינד געבליבן אויפן וואַסער, נישט קיין הייזער, נישט קיין שטאָט...” איצט וואָלט דער מיסטישער כאַר געדאַרפט אויפזינגעריש באַקלאָגן דעם מענטשנס טרויעריקע דאָליע, ביטערן פאַרוואָס ס'איז נישטאָ קיין אמת גליק, ווייל דאָס משטיינסגעזאָגט פאַראַנענע גליק איז בלויז אַן אילוזיע, אַן אָפּנאַרעניש...

דער פֿאַטאַליזם קומט אָבער בעיקר צום אויסדרוק אין פֿאַטערס פֿער־װענלעכער טראַגעדיע. צװײ נשמות האָבן זיך אין אים געראַנגלט: לע־קיש־בער און קאָפּל־עקיבא. דער ערשטער איז געװען דער נאַטירלעכער, דער שטאָמיקער; דער צװײטער איז געװען אַ קינסטלעכער, אַן אַרױפֿגע־צװיגענער. דער צװײטער ציט און רײצט מיט טױזנטער כּישופֿים, דער ערשטער האַלט אָבער פֿעסט אין קלעם. דער צװײטער האָט בעתן לױפֿן פֿונעם ערשטן איבערגעכאַפּט די מאָס, געװאָלט צונױפֿשמעלצן צװײ זיך אױסשליסנדיקע װעלטן, געװאָלט בױען דעם בנין פֿון קדושה אױף אַ זאַמ־דיקן באָדן, אױף זינד. איז דער בנין אײנגעפֿאַלן. ס׳בלוט פֿון די צדיקים טאָר זיך נישט אױסמישן מיטן בלוט פֿון רשעים; דאָס װאָלט געװען אַ בלוט־שאַנדיקע בכיה לדורות. דער גורל האָט פֿונאַנדערגעריסן דעם אומ־נאַטירלעכן זיװוג, נישט דערלאָזט, אַז ס׳בײז זאָל טריאומפֿירן. דער װאױל־קענעװודיקער און אין מצװות אָפּגעהיטענער חתן, דער צדיק בן צדיק, איז אַנטלאָפֿן פֿון דער אומרײנער כּלה, דעם גענעראַלס פּילגש. דער גורל האָט אױך שװידערלעך גענומען נקמה פֿאַר דעם טריפֿענעם קלעטערן אַרױף... אַראָפּגעזעצט קאָפּל־עקיבאן פֿון אױסגעבעטן „טראָן״; צוריק צו דער שטאָ־לער ראָגאַטקע, צוריק צו די פֿעלעכלעך, קאַלעך און דאָמב, צוריק אַ לע־קיש־בער.

קאָפּל־עקיבא האָט געװאָלט „פּאַראַליזירן״ דעם שיקזאַל, נישט לאָזן זיך פֿון אים בלינד פֿירן — און איז נבזהדיק אַדורכגעפֿאַלן. טרעט ער איצט אַרײן אין זיך און הײבט אָן אין דער אײגענער טיפֿעניש נאָכטראַכטן איבער זײנע מעשׂים, איבער זײן גורל און איבער גאָטס װעגן... אַ צוגעשמידטער צום אַלטן באָדן טענהט ער זיך ביטער אױס מיט זיך אַלײן און מיטן אַלמעכטיקן באַשעפֿער. ער דערפֿילט זיך פּלוצים אַ װיסט אָפּגענאַרטער און אױסגע־שפּאָטער. דער „גרױסער״ קאָפּל־עקיבא דערזעט אין זיך אַ קלײניטשקן צע־מזיקטן לעקיש־בער, װאָס האָט געװאָלט אַריבערשפּרונגען דעם אײגענעם קאָפּ און געבראָכן האַלדז און נאַקן. ער פֿאַרשטײט זײן אײגענע שולד. „װער װײדער האָט דאָס אַלץ באַדאַרפֿט האָבן, ס׳גאַנצע האָב־און־גוטס און זיך ברױכן אײנגאַנצן אַװעקצוגעבן דערפֿאַר?...״ ער האָט טענות צו דער טאָכ־טער הלמאַי זי האָט נישט געזאָגט װי װײט די זאַך איז דערגאַנגען. „על־כּל־פּנים מיך באַדאַרפֿט פֿרעגן צי כ׳באַשטײ? לכל הפּחות נישט געװען אַזאַ בטוח, אַזױ פֿיל אױף זיך געזעצט...״ אָבער צי דערפֿאַר, װאָס ער איז אין זײנע אױגן נישט גערעכט לגבי זיך אַלײן, איז שױן יאָ גאָט גערעכט לגבי

דעם שוואַכן דרייגראַשנדיקן קאַפּל־עקיבאן? צי האָט ער טאַקע געהאַט רעכט אים אַזוי אַכזריותדיק צו שטראָפן? צי פּאַסט טאַקע פאַרן אַלמעכטיקן באַ־שעפער אַזוי צו חוזקן און איזדעקעווען זיך איבער אַ נעבעכדיק נפשל, וואָס האָט זיך פאַרנומען אַרויסקריכן פון זומפּ און קלעטערן אַ ביסל העכער? און וואָס איז ער אייגנטלעך אויסן געווען מיט זיין קלעטערן אויב נישט לשם שמים? וואָס האָט ער דען געוואָלט, אויב נישט טוען יידן גוטס און מקדש השם זיין מיט אויפבויען אַ פּרעכטיקן מקום קדוש? צי איז פאַר אַזאַ „חטא" טאַקע נישטאָ קיין שום פאַרגעבונג? און פאַרוואָס זאָל זיין גאַרבעריש בלוט בלייבן אויף דור־דורות „פאַרשאָלטן" אין טומאה־רויטקייט און זיך קיינ־מאָל נישט טאָרן מישן מיטן בלוען בלוט פון די געלייטערטע צדיקים, כּדי צו ברענגען „בעסערע" דורות אויף דער וועלט? איז דען נישט אַ מצווה די הימלישע ניצוצות, וואָס זענען אַראָפּ צו דער מדרגה פון טומאה, צוריק אויפהייבן צו זייער פריערדיקער געטלעכער קדושה?

„כע־כע־כע... קאַפּל־עקיבא האָט געקאָנט בויען אַ שול, אַ מקום קדוש פאַר גאָט, אַ שטאָט פאַר יידן. און אַז ס'איז געקומען צו אים, צו אים אַליין און געוואָלט דערגרייכן אַ זכות, אַ צדיק, אַ גוטן ייד, זיך אויסמישן אין בלוט, ס'זאָל אַרויסקומען אַן אַנדערע גזע — אים גלייך אַ נעם געטאָן פאַרן קאַרק מיט אַ פאַר אייזערנע הענט. כאַפּ נישט, לעקיש־בער, ס'איז נישט פאַר דיר, ס'קאָן דיר נאָך פאַרשאַטן..."

אַקעגן די „אייזעדנע הענט" פון גורל איז קאַפּל־עקיבא אוממעכטיק, כאָטש ער ווייסט, אַז מ'קאָן גאָט דינען, אויך מיט בייז, אַבי דער אויס־בליק, דער ענדציל איז גוט. אָבער צוריקגעשמועסט געשעט דאָך נישט קיין שום זאַך אָן דעם אייבערשטנס ווילן. און דאָס, וואָס לעקיש־בער איז מגולגול געוואָרן אין קאַפּל־עקיבא איז דאָך אויך געווען אַ באַשערטע זאַך. טאָ, צו־וואָס האָט זיך דער רבש"ע מיט אים אַזוי פאַרפּירעריש־וויטיקלעך אַ שפּיל געטאָן? צו־וואָס האָט ער אים אויפגעהויבן הויך, כּדי אים שפּעטער אַראָפּ־שליידערן טיף אין אָפּגרונט אַריין? — „רבונו־של עולם! לעקיש־בער איז געלעגן אין לאָך אויף דער ראָגאַטקע, וואָס איז דיר עפּעס איינגעפאַלן מאַכן פון אים קאַפּל־עקיבאַ?... שוין נישט געהאַט עפּעס ערגערס פאַר אים אויס־צוטראַכטן?"

דאָס געהערט צו די אייביקע פּראָבלעמען, וואָס מ'האַלט אין איין שטעלן, אָבער קיינער איז דערווייל נישט מסוגל זיי צו לייזן. מ'קאָן פרעגן, אָבער מ'געפינט נישט קיין ענטפער. ס'פילט זיך אַרויס אַ פאַרבאָרגענער

דעטערמינירונגס־כוח, וואָס לאָזט נישט דעם מענשטן אַרויסגיין פֿון זיך, פֿון דער אימאַנענטער באַשטימונג, פֿון דער אייגענער באַשערטקייט. און אויב עמיצער דערוועגט זיך יאָ אַריבערשפּרייזן דעם קרייז, וואָס איז אָנגעצייכנט פֿון אַן אומגעזעענע האַנט, ווערט דערפֿאַר גענומען נקמה... דיר דוכט זיך, אַז דו בויסט אַ מקום קדוש, אַ טעמפּל פֿאַר גאָט, אָבער לויט דער טומאה, אין וועלכער די זינקסט, קאָן דערפֿון גאָר אַרויסקומען אַ בית הכנסת פֿון שטן. דעמאָלט קומט אומפֿאַרמיידלעך די שטראָף. ס'איז נישט שייך צו פֿרעגן „פֿאַרוואָס?" ווייל קוים גליטשט זיך אויס דיין פֿוס, שטיי איך גרייט צו נעמען נקמה און באַצאָלונג (לי נקם ושלם לעת תמוט רגלם)...

קאָפּל־עקיבא געהערט אַוודאַי נישט צו די קעמפּערישע נאַטורן, וואָס נעמען אויף זיך העלדיש די מאַרטירערשאַפֿט, און ווילן זיך אין קיין פֿאַל נישט אָפּזאָגן פֿון זייער דערוועגטע פֿאַרמעסטן. אַ פֿאַרלוירענער קאָרטשעט ער זיך איין ווי אַ שלימאַק און איז אַלץ מקבל באהבה...

אָבער פּלוצים ענדערט זיך זיין געבראָכן געמיט. דער גאַנג פֿון דער דראַמע ווערט לסוף דערפֿירט אין אַן אַנדערער ריכטונג, אין דער ריכטונג צו דער טאָכטער מילקע, דער פֿאַרשריגענער אם אמהות הטומאה. יאָ, זי האָט געזינדיקט, אָבער דאָס איז נישט געווען פֿון אויסגעלאַסנקייט; זי איז מיט אירע זינד אויסן געווען אָפּצולייזן אַ שטאָט יידן פֿון אַ זיכערן הונגער־טויט. קאָפּל־עקיבא מאַכט זיך אַ לב און פֿול מיט תליה־הומאָר באַפֿעלט ער צו פּראַוון די סעודה, וואָס איז דערווייל פֿאַרשטערט געוואָרן. דאָס דאַרף זיין אַ סעודה לכבוד דער טאָכטער, וואָס האָט זיך מקריב געווען פֿאַרן כלל. „קאָפּל־עקיבא האָט נישט געוואוסט, אַז זיין טאָכטער האָט אויפֿגעהאַלטן אַ שטאָט יידן. זיך געלאָזט אַוועקברענגען פֿאַר יידישע קינדער, אָפּגעראַטעוועט אַזוי פֿיל לעבנס..."

דאָס איז דער איינציקער מאָמענט פֿון קאָפּל־עקיבאס טראַגישן ווידערשטאַנד קעגן דער שווידערלעכער נקמה פֿון הימל. פֿריער האָט ער שפּאַסיק געעצהט דעם טאַמעוואַטן ווייב טויבע, אַז אויב זי איז נישט צופֿרידן פֿון דער אויפֿריכטונגס־מערכה, זאָל זי וואַרפֿן אַ שטיין אין הימל אַריין. איצט וואַרפֿט ער אַליין אַ שטיין אין הימל אַריין... וואָרים די גאַנצע שטראָף קומט דאָך צוליב מילקעס פֿריערדיקע זינד און פֿון איר איצטיקן אָפּזאָגן זיך ווייטער צו זינדיקן. זענען אירע זינד באמת שווערע? שטאַמט דאָס פֿון איר הפֿקרות? האָבן אירע זינד אַ שורש אינעם שלעכטס? זי האָט דאָך ממש פֿיזיש נישט פֿאַרטראָגן דעם גענעראַל, דעם עקלהאַפֿטיקן אַלטן בעל־עבירהניק. זי האָט

אַלץ געטאָן קעגן איר ווילן נאָר מיט דעם איינציקן אויסבליק צו העלפֿן דעם געפּלאָגטן קהל. ס'טייטש, זי איז דאָך די ריינסטע פֿון די ריינע, אַ לויטערע צדקת... די הימלען להכעיס הייבט דער פֿאַרביטערטער פֿאָטער אָן מילקען צו האַלדזן. דער אַרומיקער עולם פֿאַרייניקט זיך צו זיין פּראָטעסט און רופֿט אויס: „זי איז א צדקת!", „זי האָט צוגענומען די חשכות פֿון דער שטאָט", „יהודית!" „אסתר!" קאַפּל־עקיבא איז נישט אַליין. דער דעת הקהל איז מיט אים. די שטימונגען שטייגערן מיט דער אויסטערלישער סצענע אין עפּילאָג. דער צעקאָכטער גענעראַל איז זיך ווילד נוקם אין די שטאָטישע יידן. זיינע זעלנער שיסן פֿון האַרמאַטן און צעזעצן די מויערן פֿון יידישן פּערטל. דער שטאָט דראָט אַ פֿולשטענדיקער אונטערגאַנג. דעמאָלט שטעלט זיך מילקע ווידער איין און אונטער אַ האָגל פֿון קוילן לאָזט זי זיך אַ פֿאַרכאַפּטע צום גענעראַל — „כ'גיי צו אים... זיך שטעלן פֿאַרן נאַקעט... ס'צעקאָכטע בלוט אינעם שטילן..." זי האָט אין איר „מאָנאַ־וואַננאַ"־שליחות דעם וואָרעמסטן מיטגעפֿיל און ברכות פֿון גאַנץ קהל, וואָס גלייבט, אַז די קוילן האָבן איבער איר נישט קיין שליטה, ווייל שלוחי מצווה אינן ניזוקין...

די האַנדלונג אין דער דראַמע איז בדרך כּלל אויסגעבויט רעאַליסטיש, אָבער דאָס איז נישט קיין געוויינלעכער רעאַליזם, וואָס רייסט זיך אַפֿילו אויף אַ ווילע נישט אָפּ פֿון דער ערד. דאָס איז גיכער אַ רעאַליזם, וואָס ווערט אָפֿט דערהויבן צו גאָר הויכן סימבאָליזם. אַלץ געשעט לכתחילה אין דעם ענגן קרייז פֿון אייגענעם משפּחה־לעבן, אָבער שפּעטער ווערט די אויסווירקונג פֿון דעם משפּחה־שטייגער גאָר אויסגעברייטערט און נעמט אָן אַ סאָציאַלן און אויך אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. דערצו איז נאָך דער רעאַליזם פֿון די „מויערן" אָן אייגנאַרטיקער, ווייל ער „שטעקט" צווישן צוויי היפּוכים — צווישן טראַגיזם און גראָטעסק. דער אינהאַלטלעכער פֿאַרנעם, דער ראַשער איבערגאַנג פֿון סיטואַציעס, דאָס כּסדרדיקע פֿלאַטערן פֿון די מזלות און דאָס קאָפּשווינדלדיקע הוידערן זיך פֿון די מערכות שאַפֿט אַ בלענדענדיקן רעגנבויגנדיקן פֿעכער פֿון דחקות, אָפּהענטיקייט, רציחה, גלויבן, תאווה, שפֿע, מאַכט, גאווה, שטייגערונג, ירידה, אַנטוישונג, געפֿאַלנקייט, לעסטערונג א. א. וו. דאָס פֿילט אָן די האַנדלונג מיט שיקזאַלהאַפֿטיקן טראַגיזם. אָבער דער ראָגאַטקע־שטייגער, זיינע „עקזאָטישע" אייגנשאַפֿטן, טויבעס הינטערן־אויוונדיקע השגות, לעקיש בערישע פֿאַנטאַזיע געבונדן מיט פּלוצימדיקן גבירישן אויפֿשטייג, זיין פֿיזישער „ווידערגעבורט" צוליבן נייעם מעמד, זיין פּלעבעיש וועלן אויסנעמען ביי קהל, קאַפּל־עקיבאס אויפֿגעבלאָ־

זענע גדלות און באַלדיקע איינגעשרומפּענע אונטערטעניקייט, ס׳מגילהדיק קריינען מילקען פֿאַר אַ היימישע אסתר המלכּה, די שטעטלדיקע קהלישע קליאַמקעס ווי די בויער פֿון אַ „נייער״ שטאָט און לסוף מילקעס לאָזן זיך „גאַליאָפּ״ אַ נאַקעטע פֿאַרן אחשורוש־גענעראַל גיבן־צו דעם בילד זייער אַ סך גראַטעסק. ס׳איז באַשיימפּערלעך צו זען ווי אַרום דעם טראַגישן מיטל־פּונקט פֿון די געשעענישן פֿלעכטן זיך אויף אַ היימישן אופֿן קרומע און אויס־געקרומטע שטייגער־ליניעס. ס׳איז דעריבער נישט קיין וואונדער, וואָס נאָך אַ מאָמענט פֿון טראַגישער געשפּאַנטקייט קאָן מען באַלד אָפּאָטעמען ביי אַ לייכטער גראָטעסאַרטיק פֿאַרפּלאָכטענער סצענע. ווייזט אויס, אַז בימקאָ איז דאָ געפֿירט געוואָרן פֿון זיין סצענישן אינסטינקט, ווארום צוליב אָט־דעם גראַטעסקן רעאַליזם איז מעגלעך, אַז דער גרויסער טראַגיזם פֿון דער דראַ־מע זאָל דעם לייענער אָדער צושויער נישט מאַכן שווערמוטיק.

בעתן לייענען די „מויערן״ (און כ׳שטעל מיר פֿאָר, אַז אויף דער בינע נאָכמער) הערט מען נישט קיין שום גרילץ. אַלץ איז פֿול מיט איבערציי־געוודיקער ווארהאַפֿטיקייט, אַלץ שלאָגט מיט לעבן. ס׳איז צו זען, אַז דער אויטאָר באַהערשט סיי די טעמע סיי די אַרויסגעפֿירטע „העלדן״ און סיי דעם דראַמאַטישן שטאָף. די טעמע איז דורכאויס אַן אוניווערסאַלע, זי איז זיכער אַן איינגעפֿונדעוועטע אין דער וועלט־ליטעראַטור און איז טיילוויז אויך באַ־האַנדלט געוואָרן אין דער יידישער ליטעראַטור (אין שלום אַשעס „גאָט פֿון נקמה״). בימקאָס שאַפֿערישער וואַריאַנט פֿון אָט־דער טעמע באַשטייט קודם־כּל אין געבן איר אַן אייגענעם יידישן גילגול, ד. ה. נישט בלויז דורך באַ־קליידן זיך מיט יידישע אָדער יידישלעכע אַקסעסואַרן, נאָר דורך אַריינפֿלעכטן זי אין אַן אייגענע נאָענטע יידישע סביבה, אינעם לעבן דווקא פֿון גרויע יידישע פֿאָלקס־מענטשן מיט זייערע טאָג־טעגלעכע דאגות. און ס׳געהערט אַוודאַי צו בימקאָס שרייבערישע חידושים, וואָס ער האָט גראָד אָט־די באַ־זונדערע, אָפּגעשלאָסענע אַרימזעליקע און — מ׳קאָן זאָגן — פֿאַר אידייען טעמפּע סביבה באַוויזן מיט אַ סך לעבנסטרייהייט אַרויסצופֿירן אויף די ברייטע פֿלאַכן. ווייטער דאַרף אויף בימקאָס חשבון פֿאַרצייכנט ווערן די פֿיינע מעגלעכקייט פֿון אַקטואַליזאַציע. ער האָט דער טעמע געגעבן נישט נאָר אַן אייגענעם לבוש און סביבה, נאָר ער האָט אויך באַוויזן זי אַריינ־צופֿלעכטן אין אַ באַשטימטער צייט ד. ה. אין די אויסטערלישע געשעענישן פֿון אַ באַשטימטן פּעריאָד — בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער האָט

די טאָג־טעגלעכע פֿאַרקומענישן אין ידיש־פּוילישן שטעטל געגעבן אַן אוני־ווערסאַלן אויסבליק.

אין דער דראַמע זענען פֿאַראַן צוויי געשטאַלטן, וועלכעס לעבנס־אויס־דרוק איז דורכן אויטאָר אַ ביסל געמינערט געוואָרן — די עלטערע טאָכ־טער עטל און איר מאַן ד״ר עפּנער. עטלס כאַראַקטער און גייסטיקע פֿיזאָ־גנאָמיע זענען אַרויסגעקומען מטושטש. מאָמענטווייז איז זי שוין צו פּאַסיוו און לאָזט פֿון זיך אַלץ אין דער וועלט אויסקנעטן לויט ווי עס פֿאָדערט דער גאַנג פֿון די געשעענישן. בלאָסער איז אַרויסגעקומען ד״ר עפּנער, וואָס צייכנט זיך נישט אויס מיט קיין אייגן לעבן, נאָר איז עפּעס אַ פּענדל אויף די סצענע־ברעטער, ווייל אַזוי פֿאַרלאַנגט דאָס אַלגעמיינע שפּיל. זיין שפּראַך איז די זעלביקע ווי קאָפּל־עקיבאס און זאָגט דעריבער גאָרנישט וועגן דער גאָר אַנדערער סביבה, פֿון וועלכער ער שטאַמט.

מיט די „מויערן״ האָט פּ. בימקאָ זיך לעגיטימירט ווי אַ פֿולבלוטיקער דראַמאַטיקער פֿון גרויסן סצענישן פֿאַרנעם. אַלץ לעבט אויף דער בינע, זי ווערט נישט אָפּגעקילט אויף קיין איין מינוט. די שפּאַנונג קומט נישט אַרויס פֿון צוגעשפּיצטער טעמאַטישער פּינקאַטעריע, נאָר דרינגט אַרויס פֿון אַלגעמיין־דראַמאַטישן קאָנסעקווענטן גאַנג פֿון די האַנדלונגען. פֿאַר אַ רעזשיסאָר איז דאָס אַ פֿעלד פֿון גרויסע טעאַטראַלישע אויפֿטואונגען. ס׳איז דעריבער באמת צו שטוינען, וואָס ביי אונדזער נישט באַזונדער רייכן טעאַ־טער־רעפּערטואַר, האָבן די „מויערן״ ביז איצט נאָכנישט דערזען ס׳ליכט פֿון דער ראַמפּע...



2

ס׳קאָן זיך אפֿשר עמיצן אויסדוכטן, אַז קאָפּל־עקיבאס טראַגיזם קומט גאָר פֿון דרויסנדיקע סיבות. זאָל מען, הייסט עס, באַזייטיקן די סיבות, וועט שוין ממילא פֿאַרשווינדן ס׳טראַגישע. ווייל טראַגיזם באַשטייט דאָך דער־עיקרשט אין ראַנגלען זיך מיט פֿאַרבאָרגענע איבערמעכטיקע פֿאַקטאָרן פֿון וועלכע דער אָמפּערנדיקער ווערט לסוף אַריינגעשטופּט אין אַ זאַק־געסל און פֿון דאָרט איז שוין נישטאָ קיין שום אויסוועג. דער איינציקער אויס־גאַנג איז אַ פֿאַרצווייפֿלטער אומקום. בעצם קומט אָבער קאָפּל־עקיבאס טראַ־

גיזם נישט בלויז פֿון דרויסנדיקע סיבות, ער איז אויך אַ רעזולטאַט פֿון אינעווייניקסטער געמיט־געבראָכנקייט, וואָס דערלאָזט נישט מאַכן שלום מיט דער וועלט, ד. ה. מיט דער געשאַפֿענער לאַגע. ער איז טאַקע נישט קיין מוטיקער קעמפֿער פֿאַר נייע ווערטן, ער וויל אָבער אויך נישט פֿאַר ליבנעמען אַ הינטיש לעבן, וואָס איז נישט ווערט געלעבט צו ווערן. ער וועט שוין באַין אופֿן זיך נישט אומקערן צום אביוניש־קריכעריש לעבן ביי דער שטאָלער ראַגאַטקע. ער איז געפֿאַלן ווי אַן איינרייסערישער קאָפּל־עקיבא ווייל ער וויל נישט צוריקווערן אַן אונטערטעניקער לעקיש־בער.

נאָך די „מויערן” האָט בימקאָ זיך פֿאַרמאָסטן געבן אַ מוסטער פֿון פֿולערן טראַגיזם, וואָס באַגרעניצט זיך נישט בלויז צום גורל פֿון יחיד, נאָר נעמט אויך אַריין ס׳שיקזאַלהאַפֿטיקע פֿונעם כּלל. דער מין טראַגיזם האָט שוין מער צו טאָן מיט יענע לעבנס־עלעמענטן, פֿון וועלכע ס׳קאָן נישט אַנטלויפֿן סיי דער יחיד סיי די געזעלשאַפֿט. דאָס איז נוגע זיין אַלטמאָדיש געבויטער טראַגעדיע אין דריי אַקטן מיט אַ פּראָלאָג און עפּילאָג — „מאַרכביינער”. איז דאָס אַ שאַפֿונג, וואָס האַלט אַזש 226 זייטן. ווען פּ. בימקאָ זאָל דאָ נישט זיין אַזוי משונהדיק באַרעדעוודיק, באַגלייך אייפֿערזיכטיק אויף זיין יעדן אַרויסגעבראַכטן וואָרט, וואָלט דער עסענציאָנעלער דראַמאַטישער שטאָף פֿון די „מאַרכביינער” גאָרנישט פֿאַרלוירן, ווען מ׳נעמט פֿון אים אַראָפּ אַ דריטל פֿון זיין קערפּער־משא... דער לייענער וואָלט אָבער דערפֿון געפֿונען אַ סך; ער וואָלט פֿאַרשפּאָרט בראָדזשען איבערן דזשאָנגל איבעריקע רייד און צוגעהעקלטע סצענעס, וואָס פֿאַרשפּאַרן דעם וועג צום וועזנטלעכן אינהאַלט פֿון דער דראַמאַטיזירטער טעמע.

לויטן פֿאַרנעם זענען „מאַרכביינער” אַן אייגנאַרטיקע דראַמאַטישע ווערסיע פֿון די אייביקע טראַגיזם־מאָטיוון, וואָס פֿאַרנעמען דעם אויבן־אָן אין דער וועלט־ליטעראַטור. בימקאָ האָט אָבער איר געגעבן אַ באַזונדערע יידישע אויסדרוק־פֿאָרם, וואָס וואָרצלט טיף אין דער יידיש־פֿאָלקסטימלעכער סביבה, אין וועלכער ס׳ראַנגלען זיך די טומאה מיט דער קדושה. אָבער נישט־יידיש זענען דאָ די פֿון ערגעץ אַריבערגענומענע אידייאישע אויסבליקן. נאָכמער פֿרעמד איז דאָ דער „צעיושעטער” קאַמף צווישן רויער ערדישער גבורה און „אויסגעאיידלטער” הימלישער מאַכט, וואָס קומט פֿאָר אין דער באַגלייטונג פֿון שוואַרצקינצלעריי, אויסטערלישע מאַקאַברישע סצענעס. אָבער אַלץ איז דאָ אַדורכגעזאַפּט מיט פֿאַטאַליזם און טראַגיזם.

לאָמיר פֿריער קאַטאַלאָגירן עטלעכע מאָטיוון פֿונעם אַלגעמיינעם טראַ־גיזם, וועלכן מען טרעפֿט אין דער וועלט־ליטעראַטור. בדרך כלל איז, למשל, די אַנטיקע טראַגעדיע געבויט אויף פֿאַטאַליזם, אומפֿאַרמיידלעכער באַשערט־קייט. תמיד זעט מען דאָרט אַ פֿאַרשאָלטענעם מענטש, וואָס ווערט פֿאַר־פֿאָלגט דורך די געטער. פֿאַרוואָס? — ווייל ער האָט געזינדיקט און מוז דער־פֿאַר ווערן באַשטראָפֿט. פֿריער איז דער מענטש פֿאַרבלענדט און טוט אַלדאָס בייז, שפּעטער דאַרף ער אָפּקומען אַ שטראָף. עס זענען אָבער אויך פֿאַראַן פֿאַלן, ווען פֿון „אויבן" איז באַשטימט, אַז פלוני בן פלוני זאָל בלא יודעים האַנדלען שלעכט און „מוזן" דעריבער שפּעטער אַליין נעמען אויף זיך די שטראָף. זעען מיר אויך פֿאַלן, ווען דער מענטש באַליידיקט די געטער דורך נישט ברענגען קיין קרבנות, נישט האַלטן קיין פֿייערלעך געגעבענעם צו־זאָג, ברעכן אַ שבועה, האַנדלען באַוואוסטזיניק קעגן דער אָנגענומענער מאָ־ראַל א. א. וו. אין אַט־די פֿאַלן קומט אָפּט אַן אַלגעמיינע קללה ווי אַ שטראָף פֿאַרן יחידס זינד.

ווי אַ ספּעציעלער אַטריבוט פֿון די געטער איז תמיד באַטראַכט גע־וואָרן דער ענין פֿון קאָנען משפּטן דעם מענטשנס מעשים. ווען דער מענטש נעמט אָבער אַוועק ביי די געטער אַט־די פּריווילעגיע און פּרואווט אַליין זיין אַ ריכטער, וועלן אים די געטער דאָס נישט מוחל זיין און אים נישט אויפֿ־הערן צו פֿאַרפֿאָלגן. וואָרן דער מענטש טאָר זיך נישט לויטן כוח פֿאַרמעסטן מיט די געטער. אויך אין די ערשטע פּרשות חומש דערציילט זיך שוין וועגן דעם ווי אדם וחוה האָבן זיך גענומען קלוגלען, עסן פּירות פֿון עץ הדעת און דערמיט אפֿשר ווערן ענלעך צו גאָט (כאחד ממנו). זיי האָבן אָבער באַלד באַקומען זייער שטראָף, זיי זענען מיט חרפּה פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון גן־עדן. די שטראָף האָט זיך נישט פֿאַרהאַלטן ביי זיי; אין יענעם טאָג איז דער גאַנצער מענטשלעכער מין פֿאַרשאָלטן געוואָרן. באַלד נאָכדעם האָבן מיר ווידער אַ פֿאַל ווי קין ווערט אַליין אַ בלוטיקער ריכטער איבער זיין ברודער הבל. און ווייל „די זינד הויערט ביי דער טיר" קומט באַלד די שטראָף — ער ווערט פֿאַרשאָלטן אויף שטענדיקן נע־ונד.

נישט איינמאָל פּרעסט זיך דער פֿאַטאַליזם אַריין דאָרט, וואו ס'איז פֿאַראַן גליק. אָבער ס'גליק ווערט אידענטיפֿיצירט מיט בייז, מיט שלעכ־טיקייט, זינד און דראָט מיט אומקום. און ווידער כדי אויסצומיידן פֿאַר־דאַמונג און אונטערגאַנג דאַרף מען זיך גאָר שיידן מיטן סאַמע הנאהדיקן צושטאַנד און אפֿילו ברענגען פֿאַר אַ קרבן די סאַמע ליבסטע און נאָענטסטע

און נישט אויסגעשלאָסן אויך זיך אַליין. אויף דעם מאָטיוו זענען געבויט וויספּיאַנסקיס טראַגעדיעס „פאַרשעלטונג" און „די ריכטער". דאָס איז נישט קיין צופעליקער מאָטיוו אין דער געשיכטע פון מענטשלעכן טראַגיזם, ער איז באַשטענדיק און באַגלייך אורשפּרונגלעך. ס'איז גענוג ווידער צו דער־מאָנען דעם חומש־מאָטיוו פון עקדת יצחק. גאָט האָט „געפּרואווט" אבֿרהמען דורך הייסן ברענגען פאַר אַ קרבן אויפן באַרג מוריה דעם איינ־ציקן געליבטן זון יצחק. ס'איז דערביי נישט גענוג קלאָר צי מ'דאַרף באַ־טראַכטן גאָטס באַפעל צו אבֿרהמען „נעם דיין זון" פאַר אַ דרויסנדיקן אומ־פאַרמידלעכן באַפעל אָדער פאַר אַן אינעווייניקסטן קאַטעגאָרישן אימפּעראַ־טיוו. וואָרים שליסלעך זענען אָט־די אַלע גאָטס רייד געוועזן אין אבֿרהמס וויזיע („במחזה"). מיר געפינען אָבער אין אַ סך טראַגעדיעס פאַלן, ווען דער „זינדיקער" וויל באַוואוסטזיניק זיך אַליין ברענגען פאַר אַ קרבן; ער וויל זיך אויסלייזן אין דער אייגענער אויפלייזונג — אינעם טויט. דאָ האָבן מיר שוין אַוודאי צו טון מיט אַן אינעווייניקסטן קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו. דער קעניג עדיפּ שטעכט זיך אַליין אויס די אויגן. די יינגע פרוי אין וויספּיאַנס־קיס „פאַרשעלטונג" פירט אירע קינדער צום שייטער מיטן גלויבן, אַז זייער טויט וועט אָפּמעקן אירע אייגענע זינד און אויך אָפּווענדן גאָטס צאָרן פון געשטראָפטן כלל.

פון וואָסערער אידייען־וועלט און קינסטלערישער סבֿיבֿה האָט בימקאָ געהאַט די מעגלעכקייט איבערצונעמען טראַגעדיע־איינפלוסן? — פאַרשטייט זיך, אַז פון דער יידישער און פּוילישער ליטעראַטור. די אידייאישע האָרי־זאָנטן פון דער יידישער ליטעראַטור זענען אָבער מיט דרייסיק יאָר צוריק נישט געווען גאָר אויסגעברייט און אַוודאי איז די יידיש־דראַמאַטישע לי־טעראַטור נישט געווען איבערפּילט מיט פאַטאַליסטישע מאָטיוון (אַ חוץ י. ל. פּרץ, ש. אַש און ש. אַנסקי). ס'איז דעריבער אָנצונעמען די וואָר־שיינלעכסטע השערה, אַז ער איז געווען אונטער איינפלוס פון דער פּוילישער ליטעראַטור און דערהויפּט פונעם דראַמאַטורג־וויזיאָנער סטאַנ. וויספּיאַנסקי. דער לעצטער האָט איבערגעפּלאַנצט אויפן פּוילישן באָדן מאָטיוון פון דער אַנטיקער טראַגעדיע און אין זיינע דראַמאַטישע ווערק אַרויסגעבראַכט די ווערסיע פון שטראָף און טויט ווי אַן אויסלייזונג פון לעבן, וואָס איז דורכ־געפּרעסן פון זינד.

ס'איז טאַקע שוין ביים סאַמע אָנהייב פון „מאַרכביינער" נישט צו פאַר־שווייגן די באַשיימפּערלעכע וויספּיאַנסקישע איינפלוסן. בימקאָ איז לויט זיין

וועזן אַ טיפּיש־פּוילישער ייד; ער האָט די „מאַרכביינער״ פאַרטראַכט אין פּוילן, וואו וויספּיאַנסקיס ווערק האָבן אויסגעווירקט אַ שטאַרקן איינפלוס. דערצו האָט ער אַ צייט געוואוינט אין וויספּיאַנסקיס היימשטאָט — אין אַלט־פּוילישן קראָקע. צו יענער צייט איז אין די קראָקאָווער ליטעראַרישע קרייזן וויספּיאַנסקי ממש געווען אַן אָפּגאָט... (אגב זענען י. ל. פּרץ און א. ווייטער אויך נישט געווען פרייַ פון וויספּיאַנסקי־רעמיניסצענצן). איז דעריבער נישט קיין וואונדער, וואָס אין די „מאַרכביינער״ פילט מען אָפט וויספּיאַנסקיס שאָטן, דערהויפּט אינעם אופן פון שטעלן ס׳פּראָבלעם פון זינד און שטראָף און דעם אַרויספירן פון קליינטשיקן היימישן לעבן — אַן אוניווערסאַלע אידייע ווי אויך אין דער בילדערישער שאַרפקייט ביים אַרויסברענגען אידייאישע קאָנטראַסטן.

דעם אוממיטלבאַרן איינפלוס אויף דעם אויפקום און קאָנסטרוקציע פון די „מאַרכביינער״ האָט מסתמא געהאַט וויספּיאַנסקיס טראַגעדיע „קלאָנטוואַ״ (פאַרשעלטונג) לאָמיר לדוגמא דערמאָנען איר אינהאַלט בקיצור:

אַ קאַטוילישער גלח ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן פּויליש דאָרף האָט קעגן דעם הייליקן צעליבאַט (לויט וועלכן אַ גלח שווערט פייערלעך צו פאַרבלייבן אַ שטענדיקער בחור) זיך איינגעליבט אין אַ פּויליש דאָרפס־מיידל און געהאַט מיט איר צוויי קינדער. דאָס איז לויט דער קאַטוילישער קאָנפעסיע אַ שרעקלעכער חטא גאָרנישט מוחל צו זיין. פאַר דער מוטער און די קינדער איז נישטאָ קיין שום פאַרגעבונג; זי איז פאַרמשפּט אויף אייביקער פאַרדאַמונג. די נשמות פון די קינדער ווי אַ פּרוכט פון זינד, פון אַ גאָטלעסטערישער ליבע, וועלן קיינמאָל נישט אויסגעלייזט ווערן, נאָר אין אייביקע בראַנדיקע מאַטערנישן וואָגלען אין גיהונם... דערצו האָט די שרעקלעכע זינד באַלד אין די הימלען אַרויסגערופן נקמה. ס׳גאַנצע דאָרף איז באַפאַלן געוואָרן פון אַ וויסטער טרוקעניש. שוין חדשים ווי מ׳זעט נישט קיין טראָפּ רעגן; אַלץ ווערט איינגעטרוקנט און איינגעדאַרט, ס׳דראָט ממש אַ הונגער. דער פאַרביטערטער פּויערים־המון קומט צו דער פּלעבאַניע שטורמען דעם גלחס הויז, הלמאַי ס׳גאַנצע דאָרף ליידט פאַר זיינע שווערע זינד. דער גוסלאַר־מכשף גיט פאַרשידענע עצות ווי אַזוי איבערצובעטן די דערצאָרנטע הימלען פאַר דעם פּריסטערס ברעכן זיין שבועה. צוו. אַנד. הייסט ער אויך אָנצונדן אַ הויכן שייטער, כּדי די בלויע רויך־וואָלקנס זאָלן דערגרייכן די הימלען. די אומגליקלעכע מוטער האָט פאַרשטאַנען דעם גוסלאַרס רייד ווי אַן אָנדייטונג, אַז זי מוז ברענגען אַ קרבן, ד. ה. זי דאַרף

עס מיט אירע קינדער זיך וואַרפֿן אין די פֿלאַמען און אַזוי אַרום ווערן אויס־געלייזט פֿון אייביקער פֿאַרדאַמונג. נאָכדעם ווי זי האָט שוין אירע קינדער געוואָרפֿן אין די פֿלאַמען, האָט זיך פּלוצים אין איר דערוועקט אַ ווייטיקלעך פּראָטעסט־געפֿיל קעגן די אומברחמנותדיקע הימלען, וואָס קאָנען נישט איינ־שטילן זייער נקמה־דורשט. זי כאַפּט אַ פֿאַקל און לויפֿט אונטערצונדן גאָטס אומגערעכטע וועלט. זי צינדט אונטער די פּלעבאַניע און שרייט ווילד:

פֿריי זיך, גאָט, מיט די פֿייערן!

העי, האַ.

דער צעווילדעוועטער המון דערקלייבט זיך צו איר און באַוואַרפֿט זי מיט שטיינער. זי הויכט אויס איר „זינדיקע" נשמה מיט אַ סקילה־טויט. באַלד נאָכדעם איז אויסגעבראָכן אַ שלאַקס־רעגן. גאָט האָט — הייסט עס — פֿאַרליב גענומען דעם קרבן און האָט מוחל געווען די זינד...

פֿון די זעלביקע עלעמענטן איז אויסגעבויט בימקאָס טראַגעדיע „מאַרכ־ביינער". מיט דעם אונטערשייד, וואָס אַלץ קומט ביי אים פֿאָר אין אַ ריין־יידישער סביבה מיט אַן אייגענעם גאַנג פֿון געשעענישן. אַ חוץ דער צענט־ראַל־אידייע, ווערט דאָ אויך אַרויסגעפֿירט אַ ריי גרעסערע און קלענערע ביי־טראַגעדיעלעך.

קודם־כּל חזרט זיך דאָ איבער אַ שטריך, וואָס איז צו זען אין די „גנבים" און „מויערן" — בימקאָ „באַזעצט" זיינע טראַגיזם־מאָטיוון נישט אין מיטלפּונקט פֿונעם יידישן לעבן, נאָר אין אירע פּעריפֿעריעס, צומאָל אין דער אונטערוועלט. מיר האָבן דאָ אַ משפּחה, וואָס וואוינט אונטער דער שטאָט לעבן שלאַגבאַן. דער אַלטער מאַרכביין, אַן אויסגעדינטער ניקאָלאַי־עווער סאָלדאַט, וואָס חברט זיך מיט אַן אַלטן צאַרישן סטראַזשניק און לעבן זיך ביידע אויס אין צוגעפֿאַרבטע זכרונות פֿון די אַמאָליקע „גוטע" צייטן. אין דערהויבענע מינוטן, ווען ס'געמיט ווערט צעשפּילט, מאַרשירן זיי ביידע אויף אַ סאָלדאַטישן שטייגער: „סמירנאָ" „לעוואָ" „פּראַוואָ" „ראַווניאַיס" א. א. וו. זיין זון, אַ מעסער־שטעכער, זיצט אין תּפֿיסה, באַקומען אַן אור־טייל פֿון דרייסיק יאָר. און ווען ער זאָל אַפֿילו אַרויס אויף דער פֿריי פֿאַרן אָפּזיצן דעם טערמין, וועלן אים די אייגענע גזלנים שטעכן. דער אַלטער איז געבליבן צוזאַמען מיט דער שנור דער „עגונה", זי הייסט אַ מאָדנעם נאָמען — „פֿאַרברענטע הדס". „פֿאַרברענטע" זאָל אָנדייטן אויף איר הייס זודיק בלוט. זי איז אַ געזונטער ווייבס־פּאַרשוין, עראָטאָמאַניש, גליט מיט באַגער, פֿרעסט יעדן מאַן מיט די אויגן. זי באַהאַלט זיך נישט אויס מיט

איר קאָכיקער תּאווה. מחמת דעם, וואָס איר מאַן זיצט שוין פֿיר יאָר אונ־טער די קראַטעס, האַלט זי זיך אָפּן אין איין וואולגאַר קלאָגן אויף איר סעק־סועלן הונגער: „איך כאַפּ אַמאָל עמיצן אַריין פֿון צווישן די פּערדס־יונגען,— אים געבנוג אויף איין צאָן. שלונג אים אַראָפּ ווי אַ הונגעריקער וואָלף, וועלכן מ'וואַרפֿט צו אַ שטיק פֿלייש, און בין דערנאָך מער נאָך צערייצט... דער קאָפּ ווי מיט וואַסער פֿאַרפֿלייצט...״ דאָס איז אַ ווייב מיט טריף בלוט, וואָס זייגט אויס אַלע יונגען. די דאַרפֿישע סביבה אַרום האַלט, אַז אין דער פֿאַרברענ־טער הדס זיצט אַ נישט־גוטס, אַ זמאַרע, און די פּויערים אַרום גרייטן זיך קומען צו איר מיט העק. זי לאַכט זיך אָבער אויס פֿון אַלע.

פּלוצים ברעכט אויס אַ שלאָקס־רעגן און פֿון ערגעץ פֿאַרבלאָנדזשעט צום שלאַגבאַן אַן אַדורכגעוויקטער דער צלאָפּער רבי, אַ בעל מופת. די פֿאַרברענטע הדס פֿאַרטייעט ווי אַ חיה זוכט זי איר רויב, זי פֿאַרמאַכט גיך די לאָדנס, פֿאַרנאַרט דעם רבין אין דער כאַטע, וואו זי וואַרפֿט זיך אויף אים און איז אים מאנס... צו איר „זינדל״ פֿון אַרעסטירטן מאַן קומט שפּעטער צו אַ יינג ברודערל, די פֿרוכט פֿון זינד, אַ זינדל פֿון דעם פֿאַרבלאָנדזשעטן רבי. דאָס בלייבט דערוויל איר סוד... דאָ איז שוין פֿאַראַן דער טראַגי־פֿאַר־סישער קניפּ פֿון וועלכן ס'פֿלעכט זיך אויס דער וויטערדיקער גאַנג פֿון דער דראַמע.

האָבן מיר דאָ אַ היימישן וואַריאַנט פֿון דער שדים־קיניגין לילית, וואָס פֿאַרפֿירט נישט, נאָר באַהערשט. איר שליטה איבערן רבין איז נישט גע־קומען בלויז פֿון ווייבלעכן רייץ, נאָר בעיקר פֿון איר פֿיזיש־דעמאָנישער איבערמאַכט. זי האָט מיט איר זינדיקער תּאווה פֿאַרדאַרבן זיין נשמה, די ערשטע שטראָף איז געקומען מיט דעם באַלדיקן טויט פֿונעם צום זינד גע־טריבענעם רבי. כּרת — זיינע יאָרן זענען פֿאַרשניטן געוואָרן.

נאָכן אָפּלויף פֿון אַכצן יאָר גרויסט זיך הדס מיט אירע צוויי געראָטענע זין. דער ערשטער, דער יינגער מאַרכביין, שמט לעגענדאַריש מיט זיין פֿי־זישער גבורה, פֿאַר וועלכער ס'ציטערן שטעט. דער צווייטער, דער שוואַכער מאַרכביין, איז געראָטן אינעם טאַטן דעם צדיק און שמט מיט זיין גייסטיקער מאַכט.ביידע האָבן זייער אייגענעם באַזונדערן רייץ און אַרום ביידע זאַמ־לען זיך ליבע־דורשטיקע פֿרויען.

איבער דער שטאָט הענגט עפּעס אַ קללה; די וועגן זענען פֿול מיט גזל־נים, וואָס רייסן זיך אָפּט אַריין אין שטאָט און צעראַבירן ס'גאַנצע ביסל יידיש האָב און גוטס. די שטאָט־מענטשן לעבן דעריבער אין שטענדיקער

אימה. קיין פדיון איז נישטאָ, וואָרים אויס מורא פאַר די גזלנים שמעקט אין שטאָט נישט אַרייַן קיין נפש חיה. דערצו איז פאַראַן נאָך אַ מכּת־עיר — די געוועלבער און שטובן זענען געוואָרן פול מיט מייז, פון וועלכע ס׳איז זיך גאָרנישט אָפּצוזאָגן... מ׳פאַרשטייט נישט די סיבה פון דער מגפה; וואָס פאַראַ סוד שטעקט דערין? פּרוּווט מען זוכן מיטלען קעגן די עכברים. אַ צדיק, דער רבי ר׳ הלל, קלערט אָבער אויף דעם באַהאַלטענעם זינען דער־פון: דאָס איז נישט קיין צופאַל, דאָס איז נאָר איינע פון די מכּות, וואָס ווערן געשיקט אויף דער זינדיקער שטאָט. ס׳אויסראָטן די מייז וועט האָבן אַ קנאַ־פּע פּעולה, וואָרים אויב מ׳וועט אַפילו בייקומען די מייז, וועט קומען אַ היישעריק, צפרדעים, שפּעטער אַ טאָטער אַ שוואַרצער פּיפּערנאָטער... נישט אויסצוהיטן זיך פאַר אַ קללה... דער רבי זאָגט בפירוש: „אַ בלינדער זעט דאָך, אַז די גזלנים זענען ס׳אייגענע וואָס די מייז, אָדער גאָר אינגאַנצן קיין מייז נישט, קיין גזלנים נישט, נאָר מכּות. — — — די שטאָט ברויך געשלאָגן ווערן מיט מכּות, איז אַ חילוק צי זיי באַשטייען אין גזלנים, מייז צרעת, צפרדעים?"

קהל הייבט דעריבער אָן „טיפער" אַריינטראַכטן אין די מעגלעך באַ־גאַנגענע זינד. היתּכן, מ׳גזלט דאָך נישט, מ׳ראַבירט נישט, מ׳גיט נישט קיין פאַלשע וואָג, קיין פאַלשע מאָס, מ׳זאָרגט וועגן הכנסת כּלה, אַז ס׳זאָלן חס־ושלום נישט זיין קיין פאַרזעסענע בתולות, ווייבער היטן אָפּ טבילה צו שקיעה, און האַלטן פרום צוגעדעקט זייערע לייבער, טוקערינס שערן די נעגל ביזן בלוט, גאַלערקעס שערן די קעפּ ווי די וואָל ביי שעפּסן, דער שוחט איז זיך טובל דריי מאָל איידער ר׳גייט שעכטן אַ בהמה, מ׳טרונקט, חלילה, נישט קיין יין נסך א. א. וו. וואו־זשע שטעקט ערגעץ די סיבה פון דער קללה, וואָס האָט זיך, רחמנא לצלן, אויסגעגאָסן אויף דער שטאָט?... — מ׳ווייסט גאָרנישט... מ׳ווייסט נאָר, אַז אַקעגנשטעלן זיך די גזלנים איז נאָר מסוגל דער שטעטלדיקער שמשון הגיבור, דער יינגער מאַרכביין מיט זיין געקליי־בענער חברה שלעגער. דערציילט מען זיך טאַקע אָן מעשיות וועגן זיין וואונדערלעכער גבורה, אַז ער שניידט קעפּ און טראָגט הייזער. ס׳איז אויך דאָ אַ מאַקאַברישע סצענע אויפן מאַרק, וואו דער יינגער מאַרכביין שיט אַרויס פון זיין זאַק אָפּגעהאַקטע גזלנישע קעפּ.

דער רבי האָט ברוח הקודש דערקענט, אַז דער שוואַכער מאַרכביין איז אַ גיגלגול פון אַ הויכער נשמה. ער פירט אים אַריין אין בית המדרש, גע־ווינט אים איין אין לערנען און גאָר אינגיכן ווערט דער שוואַכער מאַרכ־

ביין נתעלה ווי אַ גדול בתּורה און אַ בעל מופת. ער הייבט אָן שמען מיט גייסטיקער גבורה. דער רבי לאָזט אגב־אורחא פאַלן אַ סודותדיק וואָרט וועגן אָפּוועגדן די קללה פון דער שטאָט: „פון אַ מאַרכביין ברויך די שטאָט אויפגעריכט צו ווערן". אַנשטייט אַ רעטעניש: וועלכער מאַרכביין וועט זיין דער גואל? צי דער יינגער, אונטער וועלכנס הענט ס'קרעכצן שטיקער אייזן, אָדער גאָר דער שוואַכער, וואָס האָט אַ שאַרפן קאָפּ און מיט זיין קוק צעשניידט ער געדיכטע וואָלקנס? — די גייסטיקע קראַפט פון שוואַכן מאַרכביין הייבט אָן ווערן באַשיימפּערלעכער און פאַרטונקלט דעם פיזישן כוח פון יינגן מאַרכביין. עס הייבט זיך אָן צווישן די ברידער אַ ביטערע ריוואַליזאַציע.

דעם יינגן מאַרכביין און אויך דעם רבין הערט נישט אויף צו מאַטערן די פראַגע: פונוואַנען נעמט זיך צו דער מגושמדיקער מאַרכביין־משפחה אַ „שוואַכער", אַ „צדיק"? דער יינגער זאָגט: „כ'וויל וויסן ווי אַזוי ס'האָט געקאָנט אָנוואַקסן אויף איין בוים אַזעלכע צוויי עפּל — איינער אַ זיסער און דער אַנדערער אַ ווייניקער, אַז די ציין זאָלן ווערן האַליק, זיך איינבייסנדיק אין אים..." אָבער אויך דער רבי האַלט אין איין זוכן דעם שורש פון שוואַכן מאַרכביין. ער קלאָגט זיך: „שוין איבערגעאַקערט יעדע אייל ערד... צו יעדן בוים געשמעקט... זיבן דורות אויפגעוועקט... און קיין איינער ווייסט מיר נישט צו זאָגן..." אינעם שוואַכן מאַרכביין גופא ראַנגלען זיך צוויי נשמות; די ערשטע האָט די ברכה פון טאַטן, די צווייטע האָט די קללה פון דער מאַמע... דער רבי זאָגט דערוועגן: „און ווען דער שטאַרקער מאַרכביין זאָל אים נישט אָנקערן אַ ברודער, ביי מיר נישט אַנדערש געווען — ווי אַ געשטראָפט קינד פון אַ טאַטן אַ צדיק מיט אַ גרויסן חטא, פון וועלכן ער האָט איבערגענומען זיין תורה מיט איר געמיינקייט אינאיינעם..." ערשט, ווען מ'האָט ערגעץ געפאַקט ליגן די פאַרברענטע הדס אַ טויט־שיכורע, האָט מען פון איר אַרויסבאַקומען דעם סוד, אַז דער טאַטע פון שוואַכן מאַרכביין איז אַ גוטער־ייד, דער צלאָפּער רבי... דער רבי ווערט צעטראָגן און מורמלט — „אַ זון פון צלאָפּער גאון ז"ל, וואָס איז דורך איר אָוועקגעגאַנגען אָן יאָרן פון דער וועלט, געהאַט כרת..." — — — „אומגעברענגט אַ צדיק און פאַראומגליקט אַ שטאָט..." דער שוואַכער מאַרכביין הייבט זיך אָן אָפּגעבן חשבון וועגן זיין „איך"־געשפּאַלטנקייט — „יורש פון צלאָפּער רבין... טראָג זיין קאָפּ... זע מיט זיינע אויגן... און ס'האַרץ שלעפּט אַראָפּ, אַראָפּ... אין דרערד אַריין... דער מאַמעס רויע האַרץ."

אין די „מויערן" איז די טראַגעדיע געקומען דערפֿון, וואָס עס איז נישט דערלאָזט געוואָרן, אַז עס זאָלן צונויפֿגעמישט ווערן צוויי גזעות — די גזע פֿון דעם גענעראַלס פּילגש מילקע מיטן דער גזע פֿון זאַקליקיווער צדיק. דאָ קומט די טראַגעדיע פֿון דעם שוין דערגאַנגענעם צונויפֿמיש צווישן דער גזע פֿון דער פֿאַרברענטער הדס און דער גזע פֿון צלאָפּער צדיק. דאָרטן איז דער שדכן געווען דער עגל הזהב, דאָ — תאווה און רויע גבורה. אָבער מיטן דערגיין דעם סוד פֿון שוואַכן מאַרכביינס אָפּשטאַם האָט די שטאָט נאָכנישט אויפֿגעהערט אָפּצוקומען די שטראָף פֿאַר דעם צדיקס זינד. די זינד איז טאַקע אַ יחידישע, אָבער די קללה פֿאַלט אויפֿן גאַנצן כּלל, אָדער ווי ס'שניי־דערל זינגט אויס: „אַ ספֿר־תּורה ווערט צעריסן איז נישט דער חטא בלויז חל אויף יענעמען, נאָר אויפֿן אָרט, וואו ס'איז צעריסן געוואָרן — און ס'גאַנ־צע אָרט איז חייב..." אַזוי איז אויך געווען אין וויספּיאַנסקיס „פֿאַרשעל־טונג". פֿאַר דעם גלחס זינד פֿאַלט אַ טרוקעניש־קללה אויפֿן גאַנצן דאָרף.

דער ווידערשטאַנד אַקעגן די גזלנים געדויערט ווייטער; דער יינגער מאַרכביין מיט זיין חברה שלעגער צעטראָגן אַ גאַנץ דאָרף גויים ביז דער דנאָ. אַלע אַרומיקע פּויערים גרייטן זיך נעמען נקמה אין די יידן אין שטאָט. ווער־זשע וועט איצט ראַטעווען די שטאָט פֿון אַ זיכערן טויט? ווער וועט זיין דער גואל — דער „יינגער" צי דער „שוואַכער"? דער יינגער רופֿט אויס — דורך מיין גבורה וועט איר לעבן!" דער רבי גיט אָבער זיין באַשייד, אַז די ישועה וועט גאָר קומען פֿון „שוואַכן". אָבער דער שוואַכער איז דערווייל נאָכנישט גרייט צו זיין דערלייזער, מחמת ער איז נאָכנישט אויס־געלייטערט. ס'ראַנגלען זיך אין אים נאָכאַנאַנד די קדושה פֿון טאַטן מיט דער טומאה פֿון דער מאַמע. די קללה וועט אַזוי לאַנג הענגען איבער דער שטאָט ביז וואַנען דער שוואַכער וועט זיין ראוי צו ווערן דעם פֿאַרשניטענעם טאַ־טענס ממלא מקומו... ביז ער וועט ווערן אַ רבי. ער איז טאַקע אַ ממזר, וועגן וועלכן ס'זאָגט זיך „לא יבוא בקהל ה'", אָבער ער איז פֿאָרט אַ בן־צדיק און דערצו אַ תּלמיד־חכם, וועגן וועלכן ס'זאָגט זיך ווידער, אַז ער איז „קודם לכהן גדול עם הארץ"... ער מוז דעריבער אויסוואַרצלען פֿון זיך די טומאה. דער יינגער מאַרכביין דערשפּירט זיין מעגלעכן סוף און פֿאַר־נעמט זיך אַראָפּרוימען דעם „שוואַכן" ברודער — „איינער מוז אָפּטרעטן; דער שוואַכער מאַכט אַן אָרט פֿאַרן שטאַרקערן..." ס'הייבט זיך אָן אַ קין־און הבל־שפּיל. פֿאַרוואָס האָט זיך גאָט „געקערט" צום שוואַכן מאַרכביין און פֿון יינגן מאַרכביין טוט ער ביסלעכווייז אָפּ זיין חסד? אַז גאָט איז מיטן

„שוואַכן" איז אויך צו זען דערפון, וואָס בעת דער יינגער האָט זיך געוואָרפן מיט אַ מעסער אויף דער מוטער, דער פאַרברענטער הדס, איז דער „שוואַכער" פּלוצים אַרויסגעקומען און מיט זיין בליק תּיכף אָוועקגענומען דעם כוח פון די הענט ביים שטאַרקן... ס'איז דעריבער נישטאָ קיין אַנדערער וועג ווי דורך טומאה צו באַהערשן דעם ברודער, דורך זנות אָפּשוואַכן דעם כוח פון זיין קדושה. ער שיקט אים אונטער די שוואַרצע מויד, אַז זי זאָל אים פאַרדרייען דעם קאָפּ. איצט הייבט זיך אָן אַ געראַנגל צוליב דער נשמה פון „שוואַכן", די שוואַרצע וויל אים באַפרייען פון דעם טאַטנס נשמה, וואָס איז קדושה, דער רבי ווידער וויל אין אים פאַרטיליקן די מאַמעס נשמה, וואָס איז בלויז טומאה. — „מ'ברויך אים אָפּשניידן — זאָגט דער רבי — ווי מ'שניידט אָפּ אַ נייגעבוירן קינד פון דער מוטערס נאָפּל". אָט־די צווייזייטיקע שלאַכט אַרום דעם שוואַכנס נשמה, דערמאָנט די באַקאַנטע ראָזן־שלאַכט אַרום דער נשמה פון פאוסטן... די דאָרפישע מיידן טאַנצן אַרום אים:

ער איז אונדזער, אונדזער, אונדזער,
און איבער אים צו זאָגן...
אויף אונדזערע אַקסלען טראָגן.
די לערנערס ווידער רינגלען אים אַרום מיט געזאַנג:
די תּורה קומט פון אויבן,
די תּורה קומט פון גלויבן
אין אים, אויבן, —
די תּורה איז גלויבן.

ער אַליין קעמפט מיט זיך פאַרביסן, קראַמפּהאַפטיק און איז ענדלעך אין זיך גובר די מאַמע; דעם טאַטנס גייסט טריאומפירט... ער קומט אַרויס אַ ריינער. עס געשעט אַזוי דערפאַר, ווייל די מויד האָט מיט איר יצר הרע אויסגעברענט זיין יצר הרע...

אין דער זעלביקער צייט קומט אונטער דער שטאָט פאַר אַ בלוטיקער שלאַכט מיט די פויערן. דער יינגער מאַרכביין פאַלט אַ טויטער און מאַכט דערמיט אַ סוף צו דער מאַרכביינערישער העלדישער גזע. דער עולם ווערט אויפגעצאָרנט צוליב דעם בלוטיקן שלאַכט מיט די פויערים, וואָס איז געקומען ווי אַ שטראָף פאַר דער פאַרברענטער הדסעס זינד. דער המון וויל זי אומברענגען, מ'באַוואַרפט זי מיט שטיינער. דער המון רופט כסדר:

— מ'טאָר זי נישט לאָזן לעבן.

— זי האָט די שטאָט אין דעם אומגליק אַריינגעפירט.

— מאנס געווען דעם צלאָפּער רבין.

דער המון ווערט נאָכמער צערייצט און באַוואַרפט זי ווייטער מיט שטיי־נער.

— מיט שטיינער איר פאַרשטיינערן...

— ס׳קומט איר סקילה.

— סקילה.

און דאָס קומט איר דערפאַר, ווייל זי האָט אויסגעלאָשן ס׳צלאָפּער ליכט, מ׳טאָר זי אָבער נישט אומברענגען, ווייל זי האָט פונדעסטוועגן מיטן גע־בוירן דעם שוואַכן זון צוריק אָנגעצונדן דאָס צלאָפּער ליכט... אַזוי־אַרום ווערט דער שוואַכער מאַרכביין באַנייט, ס׳צינדט זיך אין אים אָן דעם טאַטנס ליכט; ער ווערט בלויז קדושה, ממילא — אַ גייסטיקער פירער פון דער פאַרקללהטער עדה. מ׳רייסט קריעה נאָך דעם אַלטן דור מאַרכביינער; מיטן קרבן פון יינגן מאַרכביין ווערט אָפּגעטון די קללה פון דער שטאָט, זי ווערט אויסגעלייזט פון אַלדאָס בייז. ווען די פויערן קומען אָן אין דער שטאָט מיט קאָסעס שפּיזט זיי דער „נייער" מאַרכביין אַדורך מיט זיין היי־ליקן בליק און זיי לאָזן זיך אַראָפּ אויף די קני. וואָסער גבורה האָט דער „שוואַכער" מאַרכביין, וואָס פאַר איר קניען אַפילו פויערן מיט קאָסעס? — ער זאָגט אַליין:

„פון דער גבורה, וואָס איר האָט געליטן, איז מער גאָרנישט געבליבן. אָן אַנדער גבורה שלאָגט פון זיי דורך מיר; די אייביקע אומפאַרענדערטע..."

דער יינגער מאַרכביין איז געוואָרן דער צווייטער קרבן, ווייל דער ערש־טער קרבן איז דאָך געווען דער צלאָפּער רבי אַליין. ער איז דורך דער פאַר־ברענטער הדס געטריבן געוואָרן צו זינד און דערפאַר באַצאָלט מיט זיינע נישט אויסגעלעבטע יאָרן. די פאַרברענטע הדס ווידער איז נישט די „קלאַ־סישע" פאַרקערפּערין פון דער יצר הרעדיקער לילית. אין דער יידישער פאַרשטעלונג געהערט דאָך לילית נישט צו די זינד־דורשטיקע, וואָס זוכן צו שטילן זייער אייגענער תאווה. לילית איז גיכער דעם שטנס אַ געהאָרכ־זאַמע געשיקטע צו פאַרפירן מענטשן, אָבער נישט פון איר אייגענער הנאה־וועגן. לילית איז בעצם אַ סימבאָלישע פאַרפירערין, די פאַרברענטע הדס איז אָבער אַליין זינד, זי איז פול מיט טומאהדיקעליידנשאַפט; גליט מיט חיהשער תאווה און שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר קיין שום צוימען. זי ברעכט אַלץ, וואָס שטייט אויפן וועג, זי ווערט געיאָגט פון אָן אומריין געשפענץ. די אַרומיקע „גויים" זאָגן, אַז אין איר זיצט אַ „זמאָרע", אַ „נישט־גוטס"...

אָבער ווי אַ פּרוכט פֿון זינד איז דער שוואַכער מאַרכביין געקומען אויף דער וועלט כּדי אָפּצוקומען פֿאַר דעם טאַטנס און דער מאַמעס חטאים. ער דאַרף זיין זייער קאַטהאַרסיס, מוז זיך לייטערן אין יסורים.

בימקאָ פֿירט דאָ צונויף אַ געפֿלעכט פֿון זינד און שטראָף, ווי סימבאָלן פֿון ערדיש גלוסטן צו אַ געַנוספֿול לעבן, וואָס פֿאַרברענט זיך אין אייגענעם פֿלאַם. וואָרים אַט־דאָס שוימיק לעבן, וואָס שטייגערט אָרגיאַסטיש באַקומט גאָר אַ תּיקון אין... טויט. אויך מיט דעם איז בימקאָ אויפֿן וועג פֿון דער אַטישער טראַגעדיע, וואָס דריקט בעצם אויס די פֿאַרהערלעכונג פֿון טויט. די אַטישע טראַגעדיע באַטייט די פּאָעזיע פֿון טויט. כאָטש די טראַגעדיע איז אַרויסגעוואַקסן פֿונעם אָרגיאַסטישן דיאָניזאָס־קולט ד. ה. פֿון דער העכסטער לעבנס־שפּאַנונג, טרעפֿט זי זיך שטענדיק צונויף מיט איר קעגנזאַץ — מיטן טויט.

מ׳דאַרף וויסן, אַז דיאָניזאָס איז נישט בלויז דער דערוואַכונגס־געץ, ד. ה. דער געץ פֿון דער אין פֿרילינג ווידערגעבוירענער נאַטור, נאָר איז אויך דער מושל פֿון נשמות, וואָס קומען מיט אים צוריק אויף דער וועלט כּדי וועקן אַ וועגעטאַציע צו אַ ניי לעבן. דער אַלט־אַטישער פֿרילינגס־יום־טוב אַנטהעסטעריאַ ווערט באַטראַכט נישט בלויז פֿאַר אַ יום־טוב פֿון בלומען, נאָר אויך פֿאַר טעג פֿון הזכּרת נשמות.

היסטאָריש איז די גריכישע טראַגעדיע אַרויסגעוואַקסן פֿונעם צערעמאָניאַל ביים אָפּריכטן תּפֿילות צום אָפּגאָט דיאָניזאָס. אַט־די טראַגעדיע האָט לכתּחילה אין זיך אַריינגענומען אָרפֿישע עלעמענטן, וואָס פֿירן צו גייסטיקער רייניקונג און לייטערונג, כּדי אַזויאַרום אויספּועלן ביי די געטער חסד אויף דער ערד און אויך נאָכן טויט. אָרפֿיזם באַוועגט זיך אין דער געדאַנקען־ספֿערע פֿון מענטשלעכער שולד און שטראָף. ער רעדט וועגן קומען אויף דער וועלט, כּדי דאָ אָפּצוקומען, וועגן טויט ווי אַ באַפֿרייאונג פֿון לעבן, וועגן ליידנשאַפֿטן, וואָס זענען דער גורם פֿון אומגליק, וועגן אונטערדרוקן אין זיך די ליידנשאַפֿטן כּדי אַזויאַרום צו רייניקן און ווערן זעליש אויסגעלייזט. אַט־די זעלישע רעטונג איז שווער מיטאַמאָל צו דערגרייכן; אויף דעם קלעקט נישט ס׳לעבן פֿון איין מענטשן. צו דעם איז נייטיק אַ קייט פֿון דורות, פֿון גילגולים, וואָס בויען דעם וועג פֿון אָפּקומעניש און פּיין. בימקאָס „מאַרכביינער" זענען אויסגעפֿילט מיט אָרפֿישע עלעמענטן. ס׳ציט זיך אַ כּסדרדיקער קאַרהאַאַד פֿון תּאווה, פֿאַרפֿירערישקייט, שולד, שטראָף, פֿאַרשעלטונג, זינד, זעלישער לייטערונג און טויט.

אָנגעהויבן האָט עס זיך מיטן זיג פֿון פֿיזישן כוח איבערן גייסט; די פֿאַרברענטע הדס האָט גובר געווען דעם פֿאַרדמיונטן, פֿאַרגייסטיקטן צדיק. ס׳ענדיקט זיך מיט אַ פֿולשטענדיקן נצחון פֿון שוואַכן פֿאַראידלטן מאַרכ־ביין איבער דעם מגושמדיקן ריזיקן ייִנגן מאַרכביין, פֿאַר וועלכן ס׳האָט ביז איצט ״געציטערט״ אַ וועלט.

פונקט ווי אין וויספּיאַנסקיס „פֿאַרשעלטונג״ לאָזן זיך אויך אין „מאַרכ־ביינער״ די הימלען איבערבעטן. זיי נעמען פֿאַר־ליב דעם קרבן פֿון פֿאַר־פֿירטן צלאָפּער רבין, דעם קרבן פֿון דעם ייִנגן מאַרכביין, דעם גיבור, דעם פֿיזישן ריז ווי אויך דעם האַלב־קרבן פֿון דער פֿאַרפֿירערישער פֿאַרברענטער הדס, דער באַזויפֿטער בעל תּאווהניצע. גאָטס חסד שטראַלט אַרויס פֿון דעם שוואַכן מאַרכביינס זעלישער דורכלייכטונג. עס וועקט זיך אין אים די נשמה יתרה; אים ווערט געגעבן דערהויבענער גייסטיקער כוח, וואָס אַנטוואָפֿנט דעם צעיושעטן רוצחישן המון, וועלכער איז געקומען פֿאַרוויסטן די ייִדישע שטאָט. מיטן באַזיגן די אַלגעמיינע קללה וועט אפֿשר צוריקגעשטעלט ווערן די אַלטע ,אידיליע״״ פֿונעם פֿאַרזינדיקטן שטעטל, ס׳איז אָבער אַ ספֿק צי דערמיט וועט דער דורכגעליכטענער שוואַכער מאַרכביין ענדלעך געפֿונען שטענדיקע גייסטיקע מנוחה. ס׳איז גיכער צו גלייבן, אַז ס׳איז דערווייל אָפּ־געשלאָסן געוואָרן אַן עטאַפּ, און זיין ווייטערדיק לעבן וועט זיין אַ קייט פֿון לייטערונגס־אָפּקומענישן.

להיפּוך צו די „מויערן״ זענען די „מאַרכביינער״ קאָנסטרוקטיוו נישט מאָנאָליטיש; ס׳פֿעלט זיי איינהייטלעכקייט אין גאַנג פֿון די האַנדלונגען. סיי די דראַמאַטיזאַציע פֿון די מאָטיוון, סיי דער צונויפֿשטעל פֿון די פּראָבלעמען און סיי די באַזונדערע סצענעס בילדן צוזאַמען אַן אויסטערלישע מאָזאַיק. ס׳איז באַשיימפּערלעך פֿאַרויסצוזען וואָסערע אַרבעט דער רעזשיסאָר וועט האָבן ביים אויסטיילן דעם עכט־דראַמאַטישן שטאָף פֿון די כּלערליי אַרומ־הענגדיקע סצענעס, וואָס ציען אָפּט אָפּ דעם אויפֿמערק פֿון דער עיקרדיקער טעאַטראַלער שפּאַנונג, וואָס די „מאַרכביינער״ פֿאַרמאָגן אומבאַדינגט.

דער מיליע־אונטערגרונט פֿון דער דראַמע איז אַרויסגעקומען לעבעדיק; די „גנבטע״ משפּחה מאַרכביינער דערמאָנט די סביבה פֿון „גנבים״. אויך דאָ קומען אין שפּיל רויע אינסטינקטן, מ׳רעדט היציק, מ׳דונערט מיט קללות. מ׳איז אָבער מער אויסגעטון פֿון וועלכע ס׳איז געזעלשאַפֿטלעכע קאָנווענאַנסן אָדער שפּראַך־אָפּגעהיטנקייט. די מיטליעריקע שנור רעדט אָפֿן מיט איר שווער, דעם זקן, וועגן אירע נישטגעזעטיקטע געשלעכטלעכע באַ־

גערן; דערציילט אים אומפּאַרשעמט וועגן אירע צעשוימטע הוליאַנקעס מיט די ציגיינער. ס׳קליינע מאַרכביינדל וויזט זיך שוין באַצייטנס אַרויס פֿאַר אַ גנבהשן און שלעגערישן „עלוי״. ער רימט זיך מיט זיינע העלדישע אויפֿטועכצן, דערהויפּט מיט דער קינץ פֿון דערטרונקען קעץ.

בעתן לייענען די דראַמע מאַכן אַ ביסל מיד די קאָלעקטיווע צווישן־סצענעס פֿון חזיר־טרייבער, פֿערדהענדלער, זייגערמאַכער, מעלהענדלער, פֿליישיקער, וויינשענקער א. א. וו. זיי חזרן אָפּט איבער די זעלביקע איבעריקע רייד. דערביי איז זיך ממש נישט אָפּצויאָגן, ווי פֿון אַ זלידנער פֿליג, פֿון דעם פֿערדהענדלערס „אוי, מיין בויך! בעת די סאַמע געשפּאַנטסטע סצענעס, ווען ס׳הייבט זיך אָן אויפֿוויקלען דער דראַמאַטישער נערוו, פּאַלט דער פֿערדהענדלער שטענדיק פּלוצים אַריין מיט זיין חלשותדיקן „אוי, מיין בויך!״ כ׳וויס נישט וואָס דער אויטאָר האָט דערמיט געוואָלט געווינען...

די קאָלעקטיווע סצענעס שפּיגלען אָפּ די קעגנזעצלעכע שטימונגען פֿונעם איבערגעשראָקענעם כּלל, זייערע באַגערן, האָפֿנונגען און אַנטוישונגען. דער אויפֿן מאַרק צונויפֿגעזאַמלטער עולם זינגט אַ לויב געזאַנג דעם אויסטערלישער גבורה פֿונעם יינגן מאַרכביין, דעם געבענטשן באַשיצער פֿון אַלדאָס בייז. דערביי קומט עס פֿאַר גאַנץ יידישלעך. אַ בדחן רופֿט אויף איטלעכן באַזונדער מיט עפּעס מהנה צו זיין דעם גיבור:

אויפֿגעשפּילט זאָל ווערן דעם גיבור הגדול והנורא,
געבן קלעפּ איז היינט די גרעסטע תּורה.
און לכבוד דער גבורה פֿון יינגן מאַרכביין
אויפֿרופֿן דעם פֿליישיקן אַליין —
ער זאָל אים מהנה זיין.

דער פֿליישיקער גיט דאָס זיסטע שטיקל פֿלייש, דער מילכיקער — קעז, דער מעלהענדלער — מעל א. א. וו. דאָס פּאַרהויקערט יידיש שטעטל, וואָס האָט שטענדיק מורא פֿאַרן אייגענעם שאָטן, בפּרט פֿאַר אַ געזונטער גוישער לאַפּע, איז פּלוצים אויפֿגערעכט געוואָרן מיט יידישע גיבורים. די התפּעלות האַלט אין איין שטייגן. אַ קלייניקייט, מיר האָבן אייגענע יידישע ריזן — די מאַרכביינס פֿאַר וועלכע גויים רשעים ציטערן ממש.

וואויל איז אונדז יידן, וואויל,
זייער גבורה באַשטייט נישט אין מויל,
זייער גבורה שטעקט אין די הענט.
יידעלעך, ווייבעלעך טאַנצט ווי איר קענט

אָבער דער אויסוועג פֿון דער דראַמע (זי איז נישט פֿריי פֿון טראַגי־קאָמישן עלעמענט) איז דאָך גאָר די גייסטיקע גבורה פֿונעם שוואַכן מאַרכביין. ער באַהערשט די „מויד" און די גאַנצע סביבה. אין אָנהייב איז עפּעס נישט קלאָר צי דער שוואַכער מאַרכביין איז בייגע־שטאַנען דעם נסיון פֿון דער „מויד", דער נייער לילית, וואָס האָט נישט געזוכט איר אייגענע הנאה, נאָר האָט — לויטן באַפֿעלן פֿון שטאַרקן מאַרכ־ביין — זיך אונטערגענומען צו פֿאַרפֿירן דעם שוואַכן ברודער. ערשט שפּע־טער, ווען ס׳ווערט נתגלה די גרויסקייט פֿון שוואַכן מאַרכביין אַנטפּלעקט זי איר ליבע צו אים. זי האָט אין אים דערשפּירט אַ שטאַרקערן פֿון דעם „שטאַרקן"... זי דערקלערט אים — „כ׳בין אָפֿן און גרייט מיט אַלעם, זאָלסט קאָנען צום גלייבן קומען". די טמאדיקע כוונות ווערן פֿאַרוואַנדלט אין טהרה. אַפֿנים די זינד האָט דאָס פֿון אים פֿאַרטריבן אַלץ, וואָס איז אין אים געווען זינדיק, ווייטער ווערט די זינד שוין געכּפּלט מיט הייליקייט; די „מויד" האָט אים נישט נאָר באַפֿרייט פֿון דעם טמאדיקן הדס־עלעמענט, נאָר זי האָט זיך פֿון אים אויך אַליין אָנגעזאַפּט מיט קדושה... שפּעטער ווערט די „מויד" שוין לעגאַליזירט כּדת משה וישראל ווי אַ כּשר ווייב פֿון דעם אויפֿגעקומע־נעם צדיק...

איז דאָס אַוודאַי אַן אָריגינעל געפּלעכט פֿון פּאַסירונגען און האַנד־לונגען, וואָס האַלטן אין שפּאַן דעם אַריינגעצויגענעם לייענער און עווענ־טועלן צוקוקער.

לאָמיר עס זאָגן נאָכאַמאָל, אַז ווי אַ דראַמאַטישע שאַפֿונג זענען די „מאַרכביינער" אויסגעבויט לעבעדיק מיט אַ הייסן בינע־אָטעם. אָבער דער וועג צו פֿולער דראַמישער אויפֿלייזונג איז „פֿאַרלייגט" מיט זייטיקע סצע־נעס, וואָס מאַכן מטושטש די גרונט־אידייע פֿון ווערק. מעגלעך, אַז דער אויטאָר האָט אין די אַרומרינגלנדיקע סצענעס אַריינגעלייגט סימבאָלישע אינטענצן, וואָס זאָל מען אָבער טאָן, אַז זייער אויסדרוק־קראַפֿט איז נישט איבערצייגעוודיק. צו אַזאַ גרויסצוגיקער פֿאַטום־טראַגעדיע פֿאַ־דערט זיך מער וויזיע, מער שפּראַך־געפּליגלטקייט און אַ מער ראַ־פֿינירטע טעכניק. אָפֿט רעדט זיך אין דער דראַמע מיט אַן אָפֿן מויל, וואו מ׳וואָלט אפֿשר געדאַרפֿט זיין איינגעהאַלטענער, שטילער און דיסקרעטער: אין טייל ערטער וואָלט געווען קינסטלעריש געזונטער צו זיין נישט אַזוי

באַרעדעוודיק, נאָר בלויז אָנדייטן... בימקאָ האָט משמעות שטענדיק אין אויג דעם עמאַציאַנירטן און אינטעלעקטועל פֿוילן צוקוקער, וואָס האָט נישט קיין געדולד זיך איינצולעבן אין דער פֿאָרשטעלונג און זיך אַ טראָפּעלע אַליין משער זיין. ער האָט תמיד אינזינען דעם „צעבאַלעוועטן" טעאַטער־געניסער, וואָס האָט ליב, אַז מ'זאָל אים אַלץ אונטערטראָגן אויף אַ טעצע־לע... פֿונדאַנען בימקאָס דוחק פֿון איינגעצוימטקייט.



עד כאַן האָט פּ. בימקאָ פּסיכיש און טעמאַטיש געשטעקט אין דער „אַלטער“ וועלט. איז עס געווען אַ וועלט אַ שיינע און היימישלעך־וואַרעמע מיט אַ דורות־לאַנגן איינגעוואָרצלטן לעבנס־נוסח. זי האָט זיך געשפּיגלט מיט אָנציִענדיקער רייכקייט און באַגלייך געפּרעסט מיט באַחנטער אָרעמקייט. ער האָט דאָרט כּסדר געזען פֿאַר זיך איינצלנע תּקיפֿותדיקע נגידים און לרוב באַחנטע אביונים, וואָס נעמען פֿאַר ליב זייער דלות. ווייטער האָט ער געהאַט צו טאָן מיט געאיידלטע קרעמער, וואָס פֿלעגן בין קונה לקונה אַריינקוקן אין אַ ספֿר, פֿיבערהאַפֿטיקע מעקלערלעך, וואָס נישטערן ערגעץ אַ פֿאַרדינסטל, פֿרום־ערלעכע האָלצהעקער און תּהילים־זאָגנדיקע וואַסערטרעגער, וואָס זענען פֿון גרויס אמונה געגאַנגען על קידוש השם און פֿון גרויס נויט אומגעקומען על קידוש הגראָשן.

ער פֿלעגט נישט איינמאָל אויך פֿאַרבלאָנדזשען אין הינטערשטאָט, וואו זיין נייגיר האָט זיך גאָרנישט געקאָנט זעטיקן מיטן אויסטערלישן לעבנס־בילד פֿון די אימפּולסיווע מענטשן, הפֿקר־נאַטורן, וואָס זענען צעקריגט מיט דער געזעלשאַפֿטלעכער מאָראַל. פֿון מאָל צו מאָל פֿלעגן די זעלביקע פֿאַרשווינען אויך קרעפֿטיק שפּאַנען איבער די שמאָלע שטעטלדיקע געסלעך, בפֿרט אין די טעג פֿון „ליאָס“. ווען ס׳איז געקומען ס׳בלוטיק געוויטער פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז ס׳שטעטלדיק לעבן אַרויס פֿון די האָלאָבלעס, אָבער שפּעטער האָט כּמעט אַלץ זיך צוריק אָנגעהויבן נאָרמירן. אמת ס׳זענען אויפֿגעוועקט געוואָרן נייע געזעלשאַפֿטלעכע כּוחות, אָבער בדרך כּלל האָט איבער די יידישע שטעטלעך געשוועבט דער גייסט פֿון אַ העכער לעבן מיט אַ געזויבערטער מאָראַל. מ׳קאָן זאָגן, אַז די „מושלים“ פֿון שטעטל זענען צומערסט געווען יידן קיי־און־שפּיי־פֿאַרשווינדלעך, יידן מיט איינגעדאַרטע גופֿים, אויסגעקרומטע רוקנס און איבערדרייפֿע מוחות. עס האָט זיך געוואָרפֿן אין די אויגן אַ באַשיימפּערלעכע דיספּראָפּאָרץ צווישן זייער פֿיזישער נישט־דערצויגנקייט, אינפֿאַנטילישקייט, און היפּערטראָפֿיע פֿון גייסט. און אָט־דיביידע האָבן זיך פֿונדעסטוועגן ערגעץ־וואו באַלאַנסירט.

ווי אַ שרייבער האָט בימקאָ ביז איצט געשעפּט זיינע מאָטיוון פֿון שטעטלדיקן אַרום; ער האָט זיך בפֿירוש נישט געיאָגט נאָך זיינע שאַפֿערישע

אינספּיראַציעס, זיי זענען צו אים אַליין געקומען, ממש פֿאַרפֿאַלגט. די לע־בעדיקע מאָדעלן פֿאַר זיינע קרעאַציעס זענען אים באַפֿאַלן, געמאָנט אַ תּיקון און ער איז זיי שרייבעריש ס׳רוב בלינד נאָכגעגאַנגען.

האָט דער גורל אַזוי געמאַכט, אַז בימקאָ איז מיטן אַלגעמיינעם שטראָם עמיגראַנטן אַוועק פֿון דער „אַלטער״ היים און איז דורכן אוקינוס אַריבער־געקומען אין דער „נייער״ וועלט. דאָ אין אַמעריקע בלייבט דער אימי־גראַנט אומבאַהאָלפֿן שטיין אין אַ ווילד־פֿרעמדער וועלט, וואָס ווערט אָן איינזעעניש, אויטאָמאַטיש, רעגולירט לויט דער איינגעשטעלטער לאַנד־מאַשין. דער נייגעקומענער ווערט איבערגעגעבן זיך אַליין, ווערט איבערגע־ענטפֿערט די אייגענע מעגלעכקייטן און פֿעאיקייטן זיך צו־צופּאַסן צו דעם האַסטיקן טעמפּ פֿון דער אַמעריקאַנערווירקלעכקייט. ר׳מוז זיך אַליין אַדורכשלאָגן אַ וועג אין לעבן. קודם־כּל וואַרפֿט מען פֿון זיך אַראָפּ דעם באַלאַסט פֿון די אַלטע באַלעבאַטישע געוואוינהייטן, „בטלנישע״ איינשטע־לונגען „יאַלדישע״ שעמעוודיקייט און מיטגעפֿיל־מידות. מ׳פֿאַרטויבט אין זיך ס׳ביסל גייסט, וואָס מ׳האָט מיטגעבראַכט פֿון „אַרימען יוראָפּ״. מ׳קאָנ־צענטרירט פֿעסטער אַלע כּוחות אויפֿן פּונקט פֿון קאָנען „מאַכן אַ לעבן״. מ׳דערגייט באַלד דעם סוד, אַז דערעיקרשט דאַרף מען דאָ האָבן שטאַרקע עלנבויגנס; מ׳קריגט גיך דרך־ארץ פֿאַר פֿיזישן כּוח און עשירות. אין דער „אַלטער״ וועלט איז עשירות געווען אַ ווייט־ווייטער חלום, דאָ זעט מען אָבער בחוש, אַז מיט כּוח, אַרבעט און פֿלייס קאָן מען עס יאָ דערגרייכן. חוץ — כּוח, עקשנות, האַרטהויטיקייט, ברוטאַלקייט, דאַרף מען זיך אויך אַרויס העלפֿן מיט כיטרעקייט, חניפֿה און איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל פֿאַרגעסן די אַלטע יחוס־איינרעדענישן, וואָרן יחוס נאָ בית־הקבֿרות. אין דער היים ביסטו געווען אַ „שיינער ייד״ דאָ מוזטו ווערן אַ שאַפּ־אַרבעטער. דער טראָפּ ווערט געשטעלט אויפֿן מאַטעריעלן וואוילשטאַנד. פֿאַרשטייט זיך, אַז די סאַ־מע ערשטע דערשלאָגן זיך דערצו די מגושמדיקע פּאַרשוינען, די, וואָס האָבן אייגנטלעך נישט געהאַט פֿון וואָס זיך צו באַפֿרייען און מאַכן זיך אויך איצט נישט פֿון קיין שום זאַך קיין סקרופּולן אין זייער קלעטערן צו דער דאָלער־הייך ווייסן זיי נישט פֿון קיין יושר אוןְ האַלטן טאַקע אין איין חיזקן פֿון די איבערגעאיידלטע ר׳ צאַצעס פֿון דער אַלטער היים. און די פֿאַרשעמטע ר׳ צאַצעס הייבן זיך אָן על אפּם ועל חמתם צופּאַסן צום פֿאַרדאָרבענעם גע־שמאַק, צעלאָזן געמיט און רויער באַנעמונג פֿון די „שטאַרקע״ און ווערן ביסלעכווייז אַליין פֿאַרגרעבט.

דער אויסגעוואָרצלטער פּ. בימקאָ איז לכתחילה אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ מאָדנע איסט־„ווינקל״ פֿון יידישן לעבן אין ניו־יאָרק, וואו ס׳האָט זיך שוין אָנגעהויבן לאָזן מערקן אַ פֿאַרקערטע דיספּראָפּאָרץ איידער אין אַלטן שטעטל. דאָ האָט מען שוין געקאָנט זען ווי אינפֿאַנטילע מוחות נעסטיקן אין איבערגעוואַקסענע גופֿים. דאָרט, וואו גראָבע נפֿשות פֿאַרנעמען דעם אויבן־אָן הייבט די לאַגע אָן צו ווערן געפֿערלעך. ווען אומרייפֿע מוחות געפֿונען זיך אין דערוואַקסענע קערפּערס באַקומען זיי אַ מעגלעכקייט אַדורכצופֿירן אין לעבן דאָס סאַמע אומגעלומפּערטסטע. כּדי דאָס קלאָרער צו מאַכן איז כּדאַי נעמען זיך צו הילף די געדאַנקען, וואָס ווערן אַרויסגעזאָגט דורך פּראָפֿ. ה. אַ. אָווערסטריט אין זיין בוך „דער רייפֿער מאַרך״. ער ווייזט אָן, אַז אין אַלגעמיין וואַקסט דער היינטיקער מענטש גיך אויס קערפּערלעך און בלייבט גייסטיק הינטערשטעליק, אַפֿילו קינדיש. ער איז דעריבער אויך קינדיש אין דער באַציאונג צו זיין סביבה. זאָל מען אָבער דאָ נישט פֿאַר־טוישן דעם באַגריף „קינדיש״ מיט דער פֿאָרשטעלונג פֿון תּמימות, פֿריי גע־מיט און אָפֿנהאַרציקייט. פּסיכאָלאָגן און דערציער ווייסן, אַז קינדער זענען בדרך כּלל גרויזאַם איינס צום אַנדערן. דאָס קומט קודם דערפֿון, וואָס דאָס קינד קומט אויף דער וועלט איינזאַם, עלנט און אומבאַהאָלפֿן; ס׳באַמיט זיך באַלד אויף אַן עגאָאיסטישן שטייגער מיט די אייגענע פֿויסטעלעך מאַכן פֿאַר זיך אַ פּלאַץ אין לעבן. בפֿרט, אַז עס פֿעלט דעם קינד אויס רייפֿער שכל, וואָס זאָל רעגולירן און צוימען זיינע בלינד־חיהשע באַגערן. אַ גליק איז נאָר, וואָס ס׳קינד האָט נאָך אַ צו קליין און שוואַך קערפּערל און דאָס לאָזט אים נישט אַדורכפֿירן זיינע אַלע אכזריותדיקע ווילענישן. אָבער נאָכדעם, צוזאַ־מען מיטן וואוקס פֿון קערפּער שטייגט אויך — אַ דאַנק אָן אַנטשפּרעכנדיקער דערציאונג — די רייפֿקייט פֿון שכל און גייסט, וואָס העמט שפּעטער די אַלע תּאוותדיקע פֿאַרלאַנגען. ס׳קומט דעריבער אויס, אַז אַ קינד לעבט אינגאַנצן אָן מאָראַל.

עפּעס פֿון אָט־דער קינדישער אַמאָראַלישקייט לאָזט זיך מערקן ביי אַ טייל פֿון די אימיגראַנטן אין בימקאָס איסט־סיידער סביבה. ס׳זענען מענטשן מיט אומרייפֿע מוחות אין שוין אויסגעוואַקסענע גופֿים... דערפֿאַר קאָן זייער ראָל ווערן אַ געפֿערלעכע. ס׳איז נישט זיכער צי די גאַנצע סביבה איז אַזוי, אָדער נאָר אירס אַ קליינער טייל. ס׳איז אויך נישט קלאָר צי דאָס וואַרפֿט זיך איטלעכן אָפֿן אין די אויגן אַריין, ווייל די ברוטאַלקייט איז דאָר צומערסט טיף באַהאַלטן אונטער דעם ליפּשטיק, ברילאַנטענע אוירינגלעך,

גילדערנע פינגערלעך און מינק־קאָוטס. ס׳איז אָבער געגוג דער פאַקט, אַז בימקאָ האָט די איסט־סיידער־סביבה קינסטלעריש „דערשנאַפּט״ און אין איר טיף אַריינגעקוקט.

אַט־דער איסט־סיידער פאַרגרעבטער, צומאָל פּראָותדיקער, סביבה און דערהויפּט דער פאַרשידנאַרטיקער שאַפּ־טעמאַטיק איז געווידמעט פּ. בימקאָס אַכטער באַנד „געקליבענע שריפטן״. ער באַמיט זיך צו באַפרייען פון דער אַלט־שטעטלדיקער ראָמאַנטישער „צעקראָכנקייט״, כּדי ווי אַ „גאַנצער״ אַמע־ריקאַנער אַריינטרעטן אין דער נייער וועלט, וואָס האָט אַן אייגענע, איסט־סיידישע, קאָנסטעלאַציע פון מאָראַלישע אָדער אוממאָראַלישע געזעצן און התנהגותן.

פּ. בימקאָ האָט ווי אַ „גרינער״ אַליין געמוזט אַרבעטן אין שאַפּ און במשך פון יאָרן געהאַט זיינע ערלעכע שאַפּ־אויסקומענישן. ער איז שטייגעריש איינ־געוואָקסן אין דער שאַפּ־סביבה, דאָרט איינגעזאַפּט אין זיך די „גייסטיקע״ אַטמאָספער. ער האָט טאָג־איין טאָג־אויס זיך צוגעקוקט צו דעם רויען עגאָ־איזם פון זיינע שכנים, זייער אכזריות, ציניזם און ברוטאַלקייט. און ווייל זיין שטעטלדיק באַלעבאַטישער ווידערשטאַנדס־כּוח איז ביי אים פאַרבליבן נאָך געגוג שטאַרק, האָט זיך ממילא אויסגעטיילט אַ פּסיכישער דיסטאַנס צווישן אים און זיינע שאַפּ־חברים. ער האָט זיך באַין אופן נישט געלאָזט אידענטי־פיצירן מיט זייער רשעות און טעמפּקייט. אַט־דער דיסטאַנס האָט אים גע־געבן די מעגלעכקייט פון פרייער קינסטלערישער אָבסערוואַציע און קינסט־לערישער פאַרדייאונג. דערביי איז צו מערקן ביי בימקאָן אַ טעמאַטישער פאַטאַליזם. ס׳איז נישט געמאָלט, אַז ער זאָל לויטן אייגענעם ווילן אָדער גוסט זיך האָבן אַליין „צוגעקליבן״ די שאַפּ־מאָטיוון און דערביי די סאַמע האַרבסטע און שאָטנדיקסטע. ס׳איז ביי אים גיכער אַ בפירושע שרייבערישע באַשערטקייט, וואָס ר׳האָט נישט געקאָנט אויסמיידן. ער האָט זיך אין שאַפּ נישט געיאָגט נאָך די מאָדעלן פאַר זיינע קרעאַציעס; זיי האָבן אים נישט דווקא געמוזט שרייבעריש וואוילגעפעלן, אַז ער זאָל זיי שאַפערריש אדאָפּ־טירן. ער האָט זיי פיינט, אָבער דאָס לייקנט נישט, אַז זיי האָבן אים — ווי אַמאָל אין דער אַלטער היים — געזוכט, אויף טריט און שריט זיך אין אים ממש אָנגעשלאָגן.

מ׳טאָר דערביי נישט פאַרגעסן, אַז פאַרן קינסטלער איז דער מאָדעל נישט קיין מוסטער אים „נאַטירלעך״ אָפּצומאָלן, אָפּקאָפּירן. דער מאָדעל דינט אים ווי אַ דרויסנדיקע שטויסקראַפט כּדי דורך איר אַרויסצו־

ברענגען ס'אײַגענע. ער גיט נישט איבער פּינקטלעך די װירקלעכקײט װי זי איז, נאָר װי זי דערשײַנט דעם קינסטלערס באַזונדערער װאָרנעמונג.

פּ. בימקאָ איז אין זײַן איסט־סײַדער קינסטלערישער פּראָזע אימפּרע־סיאָניסטיש־רעאַליסטיש מיט אָפּטע אָפּנײגן צום נאַטוראַליזם. ער דערציילט און שילדערט װאָכעדיקע געשעענישן, טאָג־טעגלעכע זאָרגן, ביטערן קאַמף פֿאַר פּרנסה. ער ברענגט אַרױס רױע אינסטינקטן, מענטשלעכע רשעות, צי־נישן עגאָיזם א. ד. גל. ער שילדערט דעם נאַקעטן אמת אָן ראָמאַנטישן שימער, אָן אידײיִשער אָרנאַמענטיק און אָן אַ „ספּעציעל" אַרײַנגעפֿירטער נשמה־דערהױבונג. די אמתע דערהױבונג שטעקט באָװן אימאַנענט אין דער קינסטלערישער פֿאַקטור. נישט אײנער פֿילט אפֿשר נישט קײן טעם אין אַט־דעם שרײַבערישן זשאַנר, װאָס איז דערהױפּט אױסן צו דערצײלן און שילדערן זאַכן װי זײ זענען און פּראָיעצירט נישט װאָס און װי אַזױ זײ דאַרפֿן זײַן. צו די געדאַכטע מפֿונקים אַפּעלירט מער נאָרמאַטיװע אײדער דעסקריפּ־טיװע ליטעראַטור. מהאי טעמא זענען זײ גרײט בכל חומר הדין צו פּסלען דעם קינסטלעריש־שאַפֿערישן באַטײַט פֿון יענעם רעאַליזם, װאָס האַלט זיך געטרײַ און האַרט בײַ דער גרױער מגושמדיקער לעבנס־װאָריקײט און סוב־לימירט אין איר נישט אַרײַן קײן שום אידײיִשע הױכקײטן.

איז אַזאַ שטעלונג אַ בפֿירוש פֿאַרלײקענען דעם עצם־באַגריף פֿון קינס־טלערישן שאַפֿן. זי האָט אין זיך דעם אָפּהילך פֿון אַלטן אױסגעשפּילטן קאַמף צװישן עקספּרעסיאָניזם און אימפּרעסיאָניזם אין דער קונסט. ס'איז נישט שײך צו זאָגן, אַז שטרענג־רעאַליסטישע טעמאַטיק, װאָס באַגלײט דעם פּראָסטן מענטשן אין אַלע זײַנע טעגלעכע פֿירנעמונגען, טאָאונגען, דאָגות און האָפֿענונגען, האָט נישט קײן דריסת הרגל אין היכל פֿון קונסט. די טעאָרעטיקער פֿון דער אימפּרעסיאָניסטישער שול האָבן אַמאָל געפּרײ־דיקט דעם טױזנט מאָל ריכטיקן פּרינציפּ: „אַלץ איז מאַטעריאַל פֿאַר קונסט, אַלץ, װאָס לעבט פֿאַרדינט געמאָלט צו װערן". אַ שרײַבער װי אַ מאָלער נעמט אױף די טעמע, װאָס „באַפֿאַלט" אים און ס'װענדט זיך אױסשליס־לעך אין דער גרױס פֿון זײַנע שאַפֿערישע מיטלען זי צו דערהײבן צום קינסטלערישן עלעמענט. נישט קײן קלענערער װי מאַקס ליבערמאַן האָט געזאָגט: „איך װעל אײַך מאָלן מיסט און איר װעט לעקן די פֿינגער". דער־בײַ איז אַװדאַי נישט לײַכט זיך פֿאַרצושטעלן די זעלישע רײַכקײט, אידײ־אישע הױכקײט און גײַסטיקע יומטובדיקײט, װאָס זאָל „אַרױסשטראַלן" פֿון אַ קופּע מיסט...

ס'איז בכלל אַ טעות צו מיינען, אַז די „וואָכעדיקע" פּראָזע איז כלומרשט פריי פון גייסט, דערהויבונג. רעאַליזם, וואָס קאָפּירט אויף אַ דעטאַליזירטן שטייגער דיווירקלעכקייט, איז רעפּאָרטאַזש. ערשט ווען ס'טרעט אַריין דער עלעמענט פון פאַנטאַזיע הייבט זיך אָן קונסט. דורך אָט־דער קינסטלערישער פאַנטאַזיע־טעטיקייט ווערט אין ווערק אַריינגעהויכט גייסטיקע דערהויבונג.

קונסט דרינגט בעצם אַרויס פון אַ פאַנטעיסטישן פאַרנעם, ווייל צו וואָס אַ טאַלאַנטירטער שרייבער זאָל זיך נישט צורירן, קאָן דערפון ווערן גאָלד. אמת, ראָמאַנטיקער און מיסטיקער זענען אויף זייער שטייגער אָפּט פאַרשיכּורט פון יומטובדיקייט, אָבער קיינער איז נישט ביוכלת ביים טאַ־לאַנטירטן רעאַליסטישן שילדערער אַוועקצונעמען ס'רעכט צו זיין פאַרשי־כּורט פון וואָכעדיקייט...

יאָ, פּ. בימקאָ איז פאַרשיכּורט פון דער איסט־סיידער וואָכעדיקייט, ער גייט איר נאָך אויף טריט און שריט און באַקומט קינסטלעריש אַרויס איר לעבנס־וואָר. זיין „שפּריז" פון די אַמאָליקע שטעלדיקע נעבעכדיקע אויס־געקרומטע הייזלעך מיט די געשפּאָלטענע דעכער, ביז די ניו־יאָרקער לאַנג־לאַנגע עוועניוס מיט זייערע וואָלקנקראַצערס איז אַ גרויסער און געוואַגטער. בימקאָ האָט אָבער נישט געהאַט קיין קפיצת הדרך — ער האָט יאָרן־לאַנג געלאָזט אין זיך גייסטיק אויפגיין די נייע איסט־סיידער ווירקלעכקייט, ביז זי איז געוואָרן רייף פאַר זיין פּען. זיין ערשטע גרעסערע אַמעריקאַנער דער־ציילונג האָט ער אויפגעשריבן אין יאָר 1929, ד. ה., נאָכן אָפּזיין אַכט יאָר אין ניו־יאָרק.

די רייפקייט באַשטייט אייגנטלעך אין דעם, וואָס ער האָט די נייע ווירק־לעכקייט לכתחילה אויפגענומען אַזוי ווי זי איז אים דערשינען. שפּעטער האָט ער זי איבערגעקאָכט אין זיך און לסוף זי „אַרויסגעוואָרפן" ווי אַן אייגענע רעאַליסטישע וויזיע. שוין דער פאַקט אַליין, וואָס בימקאָ שטרייכט בולט אונטער די נעגאַטיווע זייטן פון דער איסט־סיידער סביבה און לאָזט אַפילו שפּירן זיין האַס צו איר, באַטייט — אויסגעשפּראָכענע שרייבערישע פּערזענלעכקייט.

פאַרשטייט זיך, אַז אין דער נייער סביבה האָט זיך אויך געמוזט בייטן בימקאָס שפּראַך און, צומאָל אויך זיין סטיל. די טונקל־טאָניקייט פון שאָפּ־לעבן מיט זיין געפּרעסטן ריטם וואָלט נישט פאַרטראָגן די באַרעדעווו־דיקייט און אויפגערוימטע מאָלערישע מעטאַפאָרישקייט פון פאַמעלעכדיקן שטעטל־נוסח. ס'שטעלט זיך דעריבער ביי בימקאָן איין אַ נייער שפּראַך־

ריטם און אַ גייער פּראָזע־נוסח, וואָס דרינגט אוממיטלבאַר אַרויס פֿון דער שאַפּ־וואָריקייט. (הגם דער סינטאַקס איז דאָ נאָך אַלץ ליידער, פֿאַרבליבן כאַ־אָטיש). אַ פּראָזע, וואָס לאָזט זיך שוין נישט „קיצלען" פֿון די אַמאָליקע לי־ריזמען, נאָר געגעגנט האַרטער צו דער גרויער איסט־סיידערווירקלעכקייט. בימקאָס נייער שרייב־נוסח און מער וואָריקער סטיל איז צו אים נישט געקומען מיטאַמאָל ווי אַ פּלוצימדיקער איבערברוך. ער האָט אַדורכגע־מאַכט עטלעכע גילגולים אין די פֿאַרשידענע נאָוועלן און דערציילונגען און איז געוואָרן אויף זיין שטייגער אויסגעקריסטאַליזירט, באַקומען אַן אייגן פּרצוף־פּנים ערשט אין דער גרויסער דערציילונג א. נ. „איסט־סייד".

דער שאַפּ ציט אַריין דעם מענטש מיט אַלע אברים פֿעסט און פֿאַר־וואַנדלט אים אין אַ שטיק געוועב, וואָס לאָזט זיך אויטאָמאַטיש פֿירן דורך דער מאַשין. דער שאַפּ מיט זיין שוויץ־רעזשים אַנגעטריבן דורכן הינטישן פֿאָרמאַן שאַפֿט אַ הינטישע אַטמאָספֿער. ס'זענען אָבער אויך פֿאַראַן כמו־שאַפּס, וואָס געהערן צו נאָכנישט הויך אַרויפֿגעאַרבעטע באַסעס. דאָרט ווערט דער אַרבעטער נאָכנישט אינגאַנצן מענטשלעך אויסגע־ליידיקט און האָט נאָך אַ וועלכע ס'איז מעגלעכקייט אַ ביסל פֿרייער אָפּצו־עטעמען מעג זיין אַפֿילו מיט געדעמפּטער לופֿט. דאָס זענען „פֿאַרצייטישע" שאַפּעלעך, אַ פּרוזדור צום איבערגאַנג אין די „אמתע" גינהום־שאַפּס. אין דעם פֿאַרצייטישן שאַפּ פֿון פֿאַרצייטישן באַלעבאָס אַרבעטן פֿאַרצייטישע יידן, וואָס האָבן אויפֿן חשבון פֿון אייגענעם געזונט פֿונדעסטוועגן איינגעהאַלטן די מינימאַלע גרענעצן פֿון מענטשלעכער חשיבות. אַ מוסטער אויף דעם גע־ביט איז פּ. בימקאָס דערציילונג „דער שאַפּ, עליע רבילע און די יידעלעך זיינע". שוין אין דעם לאַנגן קעפּל פֿון דער דערציילונג איז פֿאַראַן אַן אָנ־דייט, אַז דער שאַפּ איז קיין שאַפּ נישט, דער באַלעבאָס איז נישט קיין באָס, נאָר אַ רבילע און די אַרבעטער זענען נישט קיין געוויינלעכע ארבעטער, נאָר היימישע יידעלעך.

„אַז דער שאַפּ איז געלעגן אויף איינע פֿון די צעקרימטע געסלעך אין וויליאַמסבורג, האָבן זיינוול, פֿייוול, דזשעק און די אַנדערע נישט געוואוסט, אַז זיי אַרבעטן אין אַ שאַפּ. דאָס נידעריקע אָפּגעקראָכענע הויז האָט פֿון דרויסן גיכער אויסגעזען ווי עפּעס אַן אַלטע, צעפֿאַלענע חורבה, וואָס שטייט אויף היגערשע פּיסלעך, און וואָס דאַרף נישט מער ווי ס'זאָל עמיצער מיט אַ כוסה אין קאָפּ, פֿאַרבייגייענדיק, אַ בריקע טאָן אין דעם מיטן פֿוס איינ־מאָל און נאָך אַמאָל, אַז די ווענט זאָלן זיך צעפֿאַלן, דער דאַך אונטערגעבן

און אַראָפּזעצן אויף דער ערד. נאָר אַזוי ווי ס'האָט זיך אָבער אַזאַ שיכּור נישט געמאַכט, און אויב יאָ — איז אים די האַלב־צעפּאַלענע חורבה, ווי אַ סך אַנדערע אויף דעם געסל — קנאַפּ אָנגעגאַנגען".

דאָ דאַרף מען זיך דערוויל פּסיכיש וויניק איבערשטעלן, מ'קאָן נאָך איינהאַלטן אַ ביסל זעלבסטשטענדיקייט, די שטעטלדיקע טראַדיציעס און היימישלעכע געוואוינהייטן.

„זיצנדיק אינווייניק, אין די קליינע ברעקלעך שטיבעלעך, האָט זיך זיי נאָר אויסגעדאַכט ווי זיי וואָלטן געזעסן ביי זיך אין דער הייב, ביים היימישן ווערקשטעל, צו וועלכן זיי זענען געווען צוגעוואוינט פֿון קינדערוויז־אָן. געדרילעוועט דעם ביינוול, אַ ציִ, אַ שלעפּ און אַ שטאָך... אַ ציִ, אַ שלעפּ און אַ שטאָך... אָן אַ באַזונדערן געאייל, און אַזוי ווי נישט געשפּירט קיין רוט איבער זיך... עליע רבילע האָט גלייך מיט זיי יעדן אין דער פֿרי אַראָפּ־געוואָרפֿן ס'רעקל, פֿאַרשאַרצט די אַרבל פֿונעם העמד, און מיט אַלע אינ־איינעם זיך געפּאָרקעט. און אויב ס'איז ביי זיינוולען, פֿייוולען, דזשעקן, צי ביי וועלכן פֿון די אַנדערע, — אַוועק אַ היים דער קאָפּ: „מאָזלען, אַ ברוסט, גאַל־שטיינער, צי עפּעס אַנדערש דאָרטן..." און ס'זענען דאָ אין שאַפּ נישט מער געבליבן ווי די בלויזע פֿאַר פֿיס אַראָפּגעהאָנגען, אַ פּלייצע, וואָס האָט זיך אַזוי מסוכן ווייט אַריבערגעבויגן ווי דער טיש וואָלט געשטאַנען אָפּגע־רוקט אויף אַ גוטע אייל און די הענט געווען דרויסן פֿון אַלעם, נישט געטאָן גאָר..."

עליע רבילע ווערט אויף אַ ווײַלע אויפֿגעקאָכט און שרייט, אַז ס'איז ביי אים נישט קיין שאָפּ, נאָר אַ חדר, אַ מושב זקנים. באַלד ווערט אָבער דער כּעס איינגעשטילט און אַלע צעלאַכן זיך ברייטלעך. בימקאָ באַקומט אַרויס ס'האַלב גראָטעסק־שפּיל צווישן דעם „שטרענגן" באָס און זיינע משטיינסגעזאָגט „אַרבעטס־הענט", די שטעטלדיקע צעלייגער. היימישע יידן אַרבעטן ערלעך אויפֿן אַלטן שטייגער און דרימלען איין ביי דער אַרבעט. דער באַלעבאָס דאַרף על פּי שׂכל שרייען און זיך כּעסן אויף זייער אונטערנ־אויוונדיקן „סאַבאָטאַזש", וואָס קאָן — די שעה זאָל נישט זיין — מאַכן אַ תּל פֿון דער גאַנצער פּעקטאָרי. אָבער ס'רבילע האָט נישט קיין כּוח און מוט צו זיין שטרענג לגבי היימישע יידן, באַקלאָגט ער זיך אומבאַהאָלפֿן, מיט אַן איינגעזייפּט שמייכעלע, אויף זיינע וואַזשנע „ברויט־געבער"... ווען ער וואַרפֿט זיי פֿאָר, אַז ביי אים אין שאָפּ אַרבעט מען נישט נאָר מ'שלאָפֿט.

ענטפערט אים איינע פון די בעלי מלאכות אויפגעטראָגן — „שלאָף אויכעט עליע, ווער לאָזט דיך נישט? אינאיינעם אַריין וועט זיין געשמאַקער". עליעס כעס צעפלאַקערט זיך ווי אַ שטרוי...

די „יידעלעך"־אַרבעטער קלערן אויף דעם תמצית פון דעם היימישן שאַפּ:

„דאָס איז דאָך די גאַנצע חכמה, וואָס ס'אי קיין שאַפּ נישט. ס'זאָל זיין אַ שאַפּ, אַ באָס, אַ פאַרמאַן מיט אַלע זיבן גליקן, וואָלט מען דאָ אין אים געזעסן? און אויב מ'נעמט פאַר ליב די שטאַל, די רויט־פאַרשמירטע ווענט, איז ווייל מ'גייט אין איר אַריין און אַרויס ווי ביי זיך אין דער היים..."

אָבער ווייטער האָט די „שטאַל"־אידיליע נישט געקאָנט דויערן. ס'איז ביי עליע רבילע דערגאַנגען צו אַן איבערברוך. במשך פון צוואנציק יאָר האָט ער פון דער „שטאַל" אָנגעקליבן געננג קאַפּיטאַל און איצט וויל ער שוין אַוועק פון פאַררויכערטן ווילליאַמסבורג, עפענען אַ לייטישן שאַפּ אין ניו־יאָרק, אין די העכערע גאַסן, ווערן אַן אמתער באָס פון אמתע אַרבע־טער.

מיט אויסגעבונדענער קענטשאַפט פון דער לאַגע און סביבה און מיט אינטימער אַריינטואונג שילדערט בימקאָ די נייגעשאַפענע לאַגע. עליע קאָן שוין מער נישט פאַרטראָגן זיין כמו־באַסישקייט אין „שטאַל"־שאַפּ, וואָס ליגט ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענעם ווילליאַמסבורגער העק. פון דער אַנדערער זייט קומט אים אָבער זייער שווער אָן וועגן דעם צו מעלדן זיינע „יידעלעך"־אַרבעטער. צוזאַמען אויפגעוואַקסן, צוזאַמען געלעבט, צוזאַמען געאַרבעט, און איצט רייסט ער פלוצים מיט זיי איבער, גייט אַוועק פון זייער הויף, זייער סביבה, זייער לעבנסשטייגער און טראַגט זיך גאָר איבער אין „פרעמ־דע" גאַסן, כדי דאָרט ראַשיקער צו שאַרן נייע געלט־אוצרות. ער קרעקט זיך מיט יעדן וואָרט, כאַפּט זיך אַרויס מיט אַ פאַרבאַרגענעם געדאַנק און ציט זיך באַלד צוריק. ער פילט עפעס אַקעגן זיי אַ חברשע פאַרשעמונג. ער פאַר־ענטפערט זיך, אַז ער קאָן זיך נישט איינעקשנען און בלייבן שטיין אויפן אַלטן אָרט. די צייט רופט אין די „פרעמדע" גאַסן. ער טוט דאָס נישט פון אייגענעם ווילן, די אלגעמיינע באדינגונגען צווינגען אים דערצו. די וועלט גייט פאָרויס, די אינדוסטריע אַנטוויקלט זיך, מ'קאָן נישט פאַרבלייבן איי־ביק אין דער „שטאַל".

„... אויב אָנהאַלטן, שטיין אויף די פיס, איז פאַר די אייגענע מי און מאַטער — כאָטש זיין ביי וואָס. און נישט קריכן פויל, נישט האָבן אין מויל,

שלעפּן ווי אַ היימישער פּויער ס׳פּערד און וועגעלע, נאָר פֿליען, ווי דער שטייגער דאָ איז אין אַן אויטאָמאָביל... און טויזנטער זאָלן בליצן פֿאַר די אויגן... רעק זיך אָנלייגן ווי דער ווינט לייגט־אָפּ יעשען די בלעטער פֿון דיביימער — הויפּנס מיט רעק״...

אינעם דעצידירנדיקן געשפּרעך צווישן עליע רבילע און זיינע ״יידעלעך״ וועגן ליקווידירן די אַלטע ״שאַפּקע״ מיט איר נעציקייט און געדיכטער פֿינצטערניש שפּילט זיך אָפּ אַ לעבנס־דראַמע. מענטשן ווערן מיטאַמאָל אויסגעריסן פֿון אַ פּאָזיציע מיט וועלכע זיי האָבן זיך אין משך פֿון צענדליקער יאָרן ענג צונויפֿגעלעבט. דאָס באַטייט פֿאַר זיי ממש אַ וואָלקנבראָך. זיי שרעקט די צוקונפֿט, זיי האָבן מורא פֿאַר דעם אומבאַקאַנטן און פֿילן ווי דער באָדן שאַרט זיך זיי אַוועק פֿון אונטער די פֿיס.

״זיי זענען אַזוי געשטאַנען, ווי ס׳פֿאַלט פֿאַר איינעם אַראָפּ אַ שטיק געזעמס פֿון אַ וואַנט און האַרט צו די פֿיס, וואָס מיט אַ האָר, אַ קוק, אַ ווענד מיטן אויג — האָט ער אויך געקאָנט פֿאַלן איבערן קאָפּ און ס׳זאָל נישט בלייבן קיין שריד ופּליט פֿון געביין. עפּעס האָט זיך דאָ אויפֿגעהויבן פֿאַר זיי אַ ווינט, זיך אַ דריי געטאָן פֿאַר די אויגן אין אַ רעדל ווי ער דרייט זיך אַמאָל צונויף אויפֿן וועג, בלייבט אַריינגעקלעמט פֿון אַרום און אַרום און שטעלט זיך אויף ווי אַ שטאָרץ צום הימל, פֿון גאָרנישט. ס׳איז זיך עפּעס צעפֿאַלן: אַ הויז, אַ געהייז, וואָס איז אויפֿגעבויט געוואָרן דורך יאָרן און מיט גרויס מסירת נפֿש און וואָס מ׳האָט געהאַלטן און מ׳וואָלט דערפֿאַר געגאַנגען ביז אין בלוט ווי פֿאַר אַ באַשטענדיקע אייביקע זאַך — און ס׳איז ראַפּטאם צעפֿלויגן געוואָרן אויף שטיק־שטיקלעך...״

בימקאָ ברענגט דאָ פּלאַסטיש אַרויס פּלוצימדיקע אינעווייניקסטע פֿאַרלוירנקייט פֿון מענטשן, וואָס לויטן געמיט געהערן זיי שוין צו אַן אָפּגעלעבטער וועלט. דער עלעמענט פֿון פֿאַנטאַזיע קומט צום אויסדרוק אין זען מענטשלעכע פֿאַרלוירנקייט אין געשטאַלט פֿון אַ פֿאַרדרייטן אַריינגעקלעמטן ווינט, וואָס שטעלט זיך מיטן שטאָרץ צום הימל — ״פֿון גאָרנישט״...

ס׳רייסן זיך מיטאַמאָל איבער די אַלטע פֿריינטשאַפֿט־פֿעדים, וואָס האָבן זיך אין לויף פֿון צוואַנציק יאָר געצויגן צווישן די ״יידעלעך״ און זייער ״רבילע״ פֿון צענצעמין. כהרף־עין פֿאַרשווינדט די לאַנגיעריקע היימישקייט און חברישער צוטרוי. נישטאָ די נעכטיקע אויסגעקאָכטקייט; די באַלעמעלאָכעס דערזען פֿאַר זיך מיטאַמאָל אַ ווילד־פֿרעמדן באָס, וואָס פּראַוועט איצט כּלערליי ציגיינער־שטיק, אַבי זיך אַרויסצורייסן פֿון אַ וועלכער ס׳איז

אחריות פֿאַר „זײַנע" ײדעלעך. מ׳גלייבט אים איצט נישט אַפֿילו קיין וואָרט. עס שטעלט זיך פּלוצים איין אַ קלאָסן־באַוואוסטזיין, וואָס איז ביי זיי ביז איצט געווען „פֿאַרטונקלט"...

„... צוואַנציק יאָר און מער האָט ער געצויגן און געזויגן דערפֿון אויף אַזוי פֿיל בריתן — געהרגעט זאָל ער ווערן! חתונות, אויסגעגעבן קינדער אין פֿריידן, און מיט איינמאָל איז פֿון דעם גאַנצן קוואַל געוואָרן אַ פּוסטע שטאָל? אויסגעטריקנט? ס׳איז נישט מער ווי ער וויל זיך נוקם זיין און אָפּרעכענען מיט זיי פֿאַר זייער, ווי ער וואַרפֿט זיי אַלע מאָל אָפּיר — צעקראָ־כנקייט". זיי האָבן פֿאַר אים געאַרבעט, אויסגעריסן געוואָרן אין דער נאָסער שטאָל און פֿאַר זיך נישט אָנגעזאַמלט אַפֿילו קיין פֿאַר הונדערט טאָלער הינטערן קושן... ער טרייסט זיי, אַז ער וועט זיי מיטנעמען אין נייעם שאָפּ, אָבער זיי ווילן דערוועגן גאָרנישט הערן. זיי האָבן צווישן זיך אָפּגעמאַכט יד־אחת „מ׳זאָל אים איינפּאַקן"...

ס׳האָט אָבער נישט געהאָלפֿן — די „ײדעלעך" זענען באַין ברירה גע־גאַנגען אין עליעס נייעם שאָפּ אויף „יענע" גאַסן. זיי ווייסן, אַז אין נייעם שאָפּ ווערט מען אויס מענטש, מ׳פֿאַרלירט די נשמה, מ׳ווערט אַ פּינטעלע. אָבער פֿאַרפֿאַלן — ס׳איז נישטאָ קיין אויסוועג, פֿאַר פּרנסה־וועגן מוז מען אַליין ווערן אַ פּינטעלע... דאָ קען מען נישט דרימלען, דאָ מוז מען מיט־האַלטן דעם האַסטיקן טעמפּ. נישט עליע רבילע איז דאָ דער באָס, נאָר אַ הינטיש אויסדרעסירטער פֿאָרמאַן, וואָס האָט נישט קיין שום איינזעעניש מיט ...לטער אָדער סטאַזש.

„זײַנוולען, פֿייוולען, דזשעקן און די אַנדערע האָט דער משוגע צום טויט צעשריגנער פּלענט אַ שלעפּ געטאָן און צוגעפּאַסיקט צו זיך ווי מיט רי־מענס איבערן לייב. זיי זענען געווען געכאַפּט פֿון די מאַשינדלעך, וואָס האָבן נישט געברויכט מער וואַרטן ביז מ׳וועט זיי דאָרט אַ טופּע טאָן אונטן מיטן פֿוס — „אַ נו, גיט זיך דאָרט אַ ריר, פֿוילע פֿאַרשלאָפֿענע קעץ!" — גאָר געלאָפֿן אַליין, פֿון זיך אַליין געלאָפֿן, פּונקט ווי מ׳וואָלט זיי עפּעס איינ־געגעבן אַזאַ זיסן משונהדיקן געטראַנק, אַז די קעפּלעך זאָלן זיך ביי זיי פֿאַרדרייען און זיך נישט וויסן אָפּצושטעלן פֿאַר שעהן און שעהן".

צוואַנציק יאָר האָבן די אַלט־געוואָרענע „ײדעלעך" מיט איינגעבויגענע רוקנס געאַרבעט פֿאַר עליע רעבעלע און פֿון זייער מאַרך האָט ער עס אויס־געבויט דעם נייעם גרויסן שאָפּ. איצט קוקט דער מאָגערער פֿאָרמאַן קרום אויף זייער פּאַמעלעכע אַרבעט; ס׳קומט אים אויס צו קריכעריש. זיי קענען

נישט מיטמאַכן דעם האַסטיקן טעמפּ פֿון דער מאַשין־אַרבעט און בלייבן נישט איינמאָל הינטערשטעליק. דער פֿאָרמאַן קאָן דאָס איינפֿאַך נישט איבערקאָכן און שיקט די אַלטע לייט צוריק אַ היים, ווייל מיט זייער „קריכע־רישער” אַרבעט דעמאָראַליזירן זיי דעם גאַנצן שאַפּ. לכתּחילה פֿילן זיי נישט די טראַגישקייט פֿון דער עלטער פֿאַר וועלכער ס'פֿאַרהאַקן זיך כּסדר אַלע טירן. זייער ערשטע רעאַקציע איז אויפֿגעצאָרנטקייט. היתּכן, ווי דערוועגט זיך עס אַ ייד אַוועקצונעמען דעם ביסן ברויט פֿון מויל ביי זיינע ידידים, וואָס האָבן יאָרן לאַנג אים געהאָלפֿן צונויפֿשאַרן אוצרות. זיי ווילן זיך מיט אים טרעפֿן און אים אין אָפֿענעם פּנים אַלץ אַריינזאָגן. זיי פֿאַרשטייען, אַז די אחריות פֿאַלט אויף עליען און נישט בלויז אויף דעם פֿאָרמאַן. אין זייער ציינקריצערישן הומאָר לאַכן זיי פֿון עליע און חוזקן אויך פֿון זיך אַליין:

„העי, עלעשי! מיינסט מ'ווייסט נישט, אַז ס'איז דיין קעפּעלע? האָסט אויף אונדז אָנגעשיקט דאָס דאַרע מענטשל, דעם פֿאָרמאַן, און אַליין זיך פֿאַרשטעקט הינטער זיינע פּלייצעס. אַרויסגעשטעקט די צונג, נישט געהאַט קיין לב אָפּצולאַכן פֿון אונדז. די קנייטשלעך אין פּנים געפֿעלן אים נישט... כע־כע... מ'וועט זיי באַלד לאָזן פֿאַרציען מיט צווענגלעך, צוגלעטן מיט די גליענדיקע פּרעסלעך. די באַקן צוריק זיין ווי סאַמעט, גלאַטיק, און נישט אַזוי שמאַטעדיק...”

איז דאָס אַן אייגנאַרטיק אויפֿנעמען די ביטערע בשורה וועגן דער אייגענער עלטער, וואָס נעמט ביים מענטש אַוועק אַלע זכיות און נאָכמער די מעגלעכקייטן צו באַטייליקן זיך סיי אין בוי־פּראָצעס און סיי אין געניסן פֿון לעבן. געוויינטלעך לעבן מענטשן איבער טראַגיש די צייט פֿון זקנה, מ'שפּירט אין זיך דאָס כּסדרדיקע אויסטרוקענען פֿון די לעבנס־זאַפֿטן. מ'דערפֿילט פּלוצים די אייגענע איבעריקייט אויף דער וועלט; מ'וועט פֿון אומעטום אַרויסגעשליידערט ווי אַן אויסגעריבענע שמאַטע. אַ פּויליש ווערטל זאָגט: „אַלטקייט איז נישט קיין פֿרייד און דער טויט איז נישט קיין חתונה” (סטאַראָשטש ניע ראַדאָשטש, שמיערטש ניע וועסעליע). אָבער בימקאָם „יידעלעך”, וואָס ווערן פֿאַרטריבן פֿון שאַפּ צוליב זייער זקנה־אומגעלומפּערטקייט, צוליב זייער נישט קאָנען צופּאַסן זיך צום האַסטיקן טעמפּ פֿון דער נייער מאַשין, נעמען עס גאָר אויף מיט אַ גאַליק שמייכעלע. ס'טייטש מיט וואָס איז זיך דאָ איבערצונעמען, ס'איז דאָך אַ נאַטירלעכע זאַך. נישט אייביק איז מען יינג. און זייער באָס עליע רבילע איז דען יינגער פֿון זיי? פֿונדעסטוועגן פֿירט ער איצט נאָך גרעסערע געשעפֿטן. אפֿשר זאָלן זיי גאָר

אויף טשעקאַוואַשטש אַנווענדן קאָסמעטישע פֿאַריונגערונגס־מיטלען, זיך אויספּרעסן די בעקעלעך?... אָט־די שטעל אין דער דערציילונג גיט בימ־קאַ איבער מיט שילדערישן חן.

בימקאַ פֿאַרענדיקט די דערציילונג מיט אויסדרוק פֿון סאָציאַלן פּראָ־טעסט. דער באָס וויל גאָרנישט הערן די טענות פֿון זיינע דערצאָרנטע „יידעלעך". אין דער צייט ווען זיי קאָכן זיך וויגט ער זיך גאָר בנעימותדיק אויף דער וויג־שטול אין זיין נייער רייכער היים, וואָס געפֿינט זיך אַרום אושען־פּאַרקוויי...

אָט די אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער נעמען אויף זייערע קאָנפֿליקטן מיטן שאַפּ אויף אַ באַקאַנטלעך היימישן שטייגער, עפּעס ווי אַן אַמאָליקן זייטיקן סכסוך צווישן „געזעל" און „מייסטער". זיי זעען נאָר דעם שמאָלן פּאָס, וואָס פֿאַרבינדט זיי פּערזענלעך, לאַנדסמאַניש, מיט „זייערס גלייכן" פּלוצים אַרויפֿגעאַרבעטן עליע רבילע. זיי דערזעען אָבער נישט דאָס ריזיקע קאַפּי־טאַליסטישע ראָד, וואָס טרייבט אַן מיט אַלעם. זייער סאָציאַלער אויסבליק איז אַן אונטערנאַזדיקער, וואָס דערזעט בלויז אַ פּערזענלעכע עוולה. דער־פֿאַר איז טאַקע זייער פּראָטעסט אַ פּאַסיווער, אַ שטומער. אין זייער מוח בליצט גאָרנישט אויף קיין מחשבה פֿון אָרגאַניזירטן אַקטיוון ווידערשטאַנד.

אין דער דאָזיקער דערציילונג ,איז ערשט בימקאָס אָנהייב צוצופּאַסן די שפּראַך צום נייעם שטייגער, אָבער טאַקע נאָר אַן אָנהייב. אַלטע לייט, וואָס האָבן במשך פֿון לאַנגע יאָרן באַוויזן אויפֿן אַמעריקאַנער באָדן איינצו־היטן דעם יידישלעכן שטייגער, האָבן זיך פּלוצים געטראָפֿן פּנים אל פּנים מיט דעם נייעם שאַפּ־מחבל און זיך באַלד איינגעבראָכן. זיי האָבן דעם איינברוך אויפֿגענומען מיט זייער אַלט געמיט, אַלט־זאַפֿטיקער שפּראַך, געסל־דיקער מעטאַפֿאָרישקייט. דיאַלעקט און תחום־אידיאָמאַטישקייט. פֿאַר אַ פּוילישן ייד איז בימקאָס שפּראַך פּשוט מאכלדיק... אַוודאי מערקן זיך דאָ און דאָרט איינצלנע ענגלישע ווערטער און איסט־סיידער וואָרט־באַ־גריפֿן, אָבער זיי זענען נישט קיין וועזנטלעכער שטער פֿאַר דער שפּראַך־גאַנצקייט. אין די ווייטערדיקע דערציילונגען מערקן זיך שוין באַדייטנדי־קערע שפּראַך־שינוים.



אין די שאָפּ־אונטערנעמונגען ווערט נאַטירלעך געטריבן אַ גרויסע בלוט־עקספּלואַטאַציע. אָבער נישט געקוקט דערויף איז דאָרט מיט אַר־בעט נישט תמיד פּויגלדיק. אָפּט ווערט דער אַרבעטער אַרויסגעשליידערט אויפֿן ברוק אָן צו באַקומען די געלט־אַנטשעדונג. שוין אַ האַלבער יאָרהונ־דערט ווי ס'איז אין אַמעריקע אויסגעבויט געוואָרן אַ גרויסע פּראָפֿעסיאָ־נעלע באַוועגונג, וואָס דאַרף וואַכן איבער די אינטערעסן פֿון אַרבעטער, אים באַזאָרגן מיט אַ שטענדיקן אַרבעטס־פּלאַץ און אים שיצן קעגן אויסנוץ מצד דעם באָס. די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען, די יוניעס, זענען לכתּחילה גע־שאַפֿן געוואָרן דורך דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. מיט דער צייט האָבן זיי זיך באַפֿרייט פֿון דער סאָציאַליסטישער אַפּיטרופּסות און זענען געוואָרן אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציעס מיט זעלבסטשטענדיקע אינטערעסן. אין דער דערציילונג „די יוניע, דער באָס און די אַרבעטער — ווי פֿון איין שטיק" באַמיט זיך דער אויטאָר אונדז אַריינפֿירן אין קרייז פֿון די שאָפּ־יוניע־אינטערעסן. שוין ס'קעפּל פֿון דער דערציילונג פֿאַראַט די אייגנטלעכע טענדענץ פֿון אויטאָר. אויב אַזעלכע קעגנזאַצן בילדן צוזאַמען „איין שטיק" ד. ה. זיי זענען פֿון איין גוס, מוז אונטער דעם אַוודאי שטעקן שקר און שווינדל.

אַ באָס האָט באַשלאָסן איבערפֿירן זיין שאָפּ קיין דזשוירזי און דערי־בער באַפֿרייט זיינע אַרבעטער פֿון שאָפּ. ער ציט זיך איבער קיין דזשוירזי, ווייל דאָרט זענען די אַרבעטס־הענט אַ סך ביליקער. דאָרט דאַרף מען נישט קיין קוואַליפֿיצירטע בעלי־מלאכות, מ'קאָן צונעמען „שיקסעס" און זיי צאָלן אַ דריטל פֿון נאָרמאַלן אַרבעטס־לוין. „... האָט זיך, אַפּנים, דער באָס נישט אָנגעזעטיקט מיט זייער שווערער אַרבעט און ר'האָט דאָס בינטל בעלי־מלא־כות אַרויסגעפֿירט אויפֿן אייז. זיי געלאָזט שטיין און אָן חרפּה פֿאַר די אויגן זיך גענומען אַרויספֿירן די מאַשינדלעך, ביי וועלכע זיי האָבן אַוועקגעלייגט ס'לעבן..."

די אַרבעטער זענען צעשראָקן: ס'שטייט זיי פֿאַר צוזאַמען מיט די פֿאַ־מיליעס צו הונגערן, זיי ווענדן זיך דעריבער צו זייער „מאַמע", צו דער יוניע, אַז זי זאָל די אומבאַהאָלפֿענע מענטשן נעמען אונטער איר שוץ.

„דאָס בינטל אַרבעטער האָט אויפֿגעציטערט ביז צו דער לעצטער האָר אויפֿן קאָפּ און זיך אַוועקגעלאָזט ווי אַ סטאַדע געענדז, ווען מ'שיסט אין זיי אַריין, — מיט אויפֿגעהויבענע פֿליגל — אין דער יוניע. דאָס איינציקע שטיקל שפּינוועבץ זייערס, אין וועלכן זיי האָבן זיך געקענט אָנכאַפּן און

דאָרט אויפֿהייבן אַ געשריי און אַ געוואַי: — „סטייטש, היתכן? די יוניע וועט לאָזן אַרויספֿירן אַ שאַפּ? אירס אַ שאַפּ?״

ס׳שטעלט זיך אָבער אַרויס, אַז די יוניע האָט שטילערהייט געשלאָסן יד־אחת מיטן באָס און געלאָזט אויף הפֿקר אירע מיטגלידער, וואָס האָבן יאָרנלאַנג איר געצאָלט שטייערן. דער באָס האָט זיך מתחייב געווען פֿאַר דעם צו פֿאָדערן פֿון די „שיקסעס״ אין דזשורדזי, אַז זיי זאָלן אומבאַדינגט ווערן מיטגלידער אין דער זעלביקער יוניע און איר צאָלן שטייערן.

איז דאָס אַ שרעקלעכע באַשולדיקונג קעגן דער פּראָפֿעסיאָנעלער באַוועגונג און ברענגט דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפֿט אין אַמעריקע נישט קיין איבעריקן כבוד... איז דאָ ווירקלעך דערגאַנגען צו אַזאַ מאָראַלישער געפֿאַלנקייט? ער זאָגט דאָרט בפֿירוש, אַז די יוניע „סקעבט״ קעגן די אַר־בעטער...

בימקאָ שווינט אויך נישט דעם אַרבעטער אַליין, וועלכער האָט ווײַ־ניק זינען און פֿאַרשטענדעניש פֿאַר דער אַלגעמיינער זאַך, און איז פֿאַר אַ לעקעכל גרייט זיך „אונטערגראָבן״ צום באָס צום שאָדן פֿאַר זײַנע קאָלעגן. בימקאָ דערציילט אויך וועגן אַ פֿאַל מיט אַן אַרבעטער, וואָס האָט שטענדיק מסירת־נפֿשדיק געטראָגן הילף אַלע נויטבאַדערפֿטיקע אַרבעטער. ער איז איצט געבליבן אָן אַרבעט און ממילא אָן מיטלען צום לעבן. ער איז גע־קומען אין אַנדערן שאַפּ און געבעטן אַרבעט. דער באָס האָט זיך איבערגע־נומען מיט דער ביטערער נויט־לאַגע פֿון אַרבעטסלאָזן און באַשלאָסן אים צו געבן אַרבעט, אָבער בתּנאַי, אַז די יוניע וועט געבן אַ דערלויבעניש דע־רויף. די יוניע האָט לכתחילה נישט געוואָלט הערן דערוועגן און בעסער אויף דעם אָרט געוואָלט שטופּן אַן אייגענעם מענטש. לסוף האָט זי מסכּים געווען דערויף. דער הונגעריקער לויפֿט העגדום־פּענדום אין שאַפּ; דער באָס ווײַזט אים זײַן אָרט בײַ דער מאַשין. אָבער זײַנע חברים־אַרבעטער, מיט וועלכע ער איז יאָרן־לאַנג געווען אַ נאָענטער שמעלקע און זיי געטאָן טובות, זענען דערויף נישט אײַנגעגאַנגען און אַפֿילו קאַליע געמאַכט די מאַשין בײַ וועלכער דער „נייער״ האָט געדאַרפֿט אַרבעטן. ס׳האָבן נישט געהאָלפֿן די מוסר־רייד פֿון באָס; די אַרבעטער האָבן זיך אײַנגעשפּאַרט. זיי וועלן דעם הונגעריקן בעל־מלאכה אין קיין פֿאַל נישט צולאָזן צו דער אַרבעט. „מ׳וויל נישט האָבן נאָך אײַנעם צו דער קאָריטע״ — „ס׳וועט זיך נישט קיינער צורירן צום מאַשינדל ביז דער נייער אָפּערייטאָר וועט אַרונ־טערגיין״. די אײַנגעזעסענע זאַטע אַרבעטער האָבן זיך אײַנגעשפּאַרט דעם הונ־

געריקן ברודער־אַרבעטער באַין אופן נישט צולאָזן צו דער מאַשין. אַ פאַר־שעמטער פול מיט פאַרדרוס און האַרצווייטיק האָט דער נייער אָפּערייטאָר פאַרלאָזט די פעקטאָרי.

„ס'פּנים האָט אים געפלאַמט מיט אַ שניידינדיקן פייער, פון וואָס עס האָט זיך געברויכט שיילן אוןביילן, אויפלויפן הויך, ווי אַ רויז זאָל זיך איבער דעם אַריבערציען, אַ רויטע בליענדיקע רויז. אויפן האַרץ האָט אים עפּעס געדריקט, אַ שווערקייט געקלעמט ווי ס'וואָלט זיך עמיץ פון זיי אויף דעם אַרויפגעזעצט. נישט עמיצער, נאָר אַ סך פון זיי, דער גאַנצער שאָפּ אַרבעטער... און אין מוח האָט זיך עפּעס געדרייט אַ מחשבה, אַ ציטיקע, וואָס האָט זיך באַפאַרבט ווי אַ גרינער עפּל אין דער מינוט, ווען די זון כאַפּט אים אַרום און קושט זיך מיט אים".

די דערציילונג איז געשריבן צו צאַפּלדיק, האָט אַ בפירוש פּובליציס־טישן כאַראַקטער, אַ שרייערישע טענדענץ אַרונטערצורייסן דעם אויטאָריטעט פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און מאַכן פון איר אַ מאָראַליש פאַר־זעעניש. דער באָס איז שלעכט, די יוניע — איבערגעקויפט, דער אַרבעטער פאַרדאַרבן (צומאָל אַפילו ערגער פונעם באָס); אַרום און אַרום אַ מאָראַלי־שער מדבר. אין דער זעלביקער צייט אָבער וויסן מיר, אַז אין אַמעריקע זענען אויסגעבויט געוואָרן מוסטערהאַפטיקע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, וואָס זענען אַ שם־דבר אין דער גאַנצער אַרבעטער־וועלט. צוליב דער אָפּע־נער טענדענץ איז די בעלעטריסטישע זייט אויסגעפאַלן שוואַך, איבערגע־טריבענער נאַטוראַליזם, מאַמענטנווייז רעפּאָרטאַזשמעסיק פול מיט אומצענ־זוראַבעלע וואולגאַרע אויסדרוקן. דער טאָן — אַ גערייצטער, אַ פאַרביטער־טער, די טענדענץ — אַ פאַרביסענע, די אַטמאָספער — אַ טונקעלע אָן אַ פּיצל ליכט...



ווען מען גייט איבער צו דער ווייטערדיקער דערציילונג א. נ. „דער טאַטע, דעם טאַטנס קינדער און די יוניעס־שאָפּ", פילט מען בחוש ווי מ'גייט איבער אין אַן אַנדער, מער אויסגעלייטערטער, אַטמאָספער, הגם ס'איז אויך דאָ אַ רייד וועגן דער זעלביקער שאָפּ־סביבה, באָסעס, שאָפּ־טשערלייט.

פּאָרלייט, אַרבעטער, שיפּינג־בויעס און יוניעס. אויך דאָ רוישן די מאָטאָרן, די אַרבעטער שוויצן טרייבן פון זיך אַרויס ס׳חיות און די פּאָרמאַנעס יאָגן נאָכאַנאַנד אונטער — „אויף געברענטע קוילן!״״

אין דער טענדענציעזער דערציילונג „דער באָס, די יוניע און די אַר־בעטאָרער ווי פון איין שטיק״ האָט מען געפּילט אַ נערוועזע פּעדער, וואָס שוימט מיט צאָרן קעגן אומדערלאָזבאַרע עוולות. און אַ קימא־לן האָבן מיר, אַז אַ נערוועזע פּען קאָן אַרויסרופן גרייטשקייט, אויפרעג, כּעס א. ד. גל., אָבער זי איז באין אופן נישט מסוגל אַרויסצוברענגען געלייטערטע לעבנס־בילדער און איז דערפאַר בחזקת סכנה צו דערשטיקן אינעם שרייבער ס׳קינסטלעריש געמיט, ווייל קונסט פאָדערט קודם־כּל — דיסטאַנס. אין דער איצטיקער דערציילונג האָבן מיר צו טאָן מיט אַ סיפּור המעשה אָדער גאָר סיפּור הסביבה, וואָס דער אויטאָר האָט טעמאַטיש באַהערשט און פאַר־דייעט. ער קאָן דאָסמאָל דערציילן און שילדערן מיט געמיט, און הגם אימ־פּולסיוו, דאָך מיט געלאַסענער לעבנס־חכמה, מיט חן און אַפילו מיט אַ קאַפּעטשקע הומאָר. אין אַזאַ גייסטיקן צושטאַנד איז דער קינסטלער ביכולת צו דערזען די פאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך אין שאַפ־לעבן און דערבליקן די דינסטע קנייטשן אויפן מענטשנס פּנים. און כאָטש בימקאָ שרייבט דאָ נישט וועגן קיין אויסגעחלומטער וועלט, נאָר וועגן רעאַלע וואָכעדיקע פּאָרקומע־נישן, האָט זיין אַריינגעפירט ביסעלע הומאָר פונדעסטוועגן אין זיך אַן עלע־מענט פון פאַנטאַזיע. די הומאָראַרטיקע בילדער סוגערירן די אילוזיע פון אַ געאַנטער וועלט, וואָס איז אַנדערש פון „אונדזערער״ ד. ה. דער וועלט, וואָס מיר באַנעמען מיט די חושים.

אויף דעם אונטערגרונט פון דער צעהוידעטער שאַפ־ווירקלעכקייט פירט דער אויטאָר מיט קינסטלערישער וואָר אַרויס אַ האַלב־קאָמיש און האַלב־טראַגיש געשטאַלט, וואָס האָט זיך נאָכנישט גענוג אויסגעלעבט, אויסגע־שוימט, און ווערט פונדעסטוועגן מיט „פרידלעכע״ מיטלען אַוועקגעטריבן פון יעדער מעגלעכקייט צו לאָזן אין לעבנסגאַנג די איינגעשפּייכלערטע אימ־פּולסן.

אַ ייד, אַ שניידער־בן־שניידער און אַ נכד־שניידער האָט ס׳גאַנצע לעבן אָפּגעהאָרעוועט אין פאַרצייטיקע, פינצטערע און נעציקע שאַפּס און לסוף זיך דערשלאָגן צו אַ ביסל קאַפּיטאַל. פון דעם „ביסל״ האָבן שפּעטער זיינע זין געמאַכט אַ „פּולע שיסל״ און געעפנט אַ גרויסן מאָדערנעם שאַפּ מיט טשערלייט און פאָרלייט כּדבעו. די זין האָבן דעם פאָטער באַזאָרגט מיט

אַלדאָס־גוטס און אים געבעטן אויפֿהערן אַרבעטן. אָבער קיינער האָט דאָס ביי אים נישט געקאָנט פּועלן. נאָכדעם אָבער ווי דער שאַפֿ איז איבערגע־גאַנגען צו דער יוניע, איז דעם אַלטן פֿאָטער בפֿירוש פֿאַרבאָטן געוואָרן אַפֿילו צורירן צו אַ וועלכער ס׳איז אַרבעט אין שאַפֿ. אָבער דער אַלטער האָט נישט געוואָלט הערן פֿון פֿאַרבאָט. ער האָט אין זיך געפֿילט גענוג כּוח צו אַרבעטן; דער שאַפֿ איז זיין סטיכיע, דאָ לעבט ער אויף, פֿונדאַנען וועט אים קיינער נישט פֿאַרטרייבן.

„... ער האָט זיך,געבעדך, פֿון תּמיד געריסן עפּעס צו טאָן, ס׳האַרץ אין אים אָפּגעשטעלט — דאָ זיך אַרויפֿצואוואַרפֿן אויף אַ שטיק וואַרע און עס צעטרייבערן דאָרט אָפּנייען אָן אַרבל ביי דער מאַשין. ער האָט געמוזט ליגן איינגעלייגט, שטיין, זיך אַרומדרייען, אַלץ איינס — מיט געבונדענע הענט. און קוים האָט ער זיך יאָ צו עפּעס צוגערירט, ריכטיקער — צוגעכאַפּט, אַרויפֿגעפֿאַלן אויף אַ ראָל טוך ווי אַ הונגעריקער אויף אַ שטיק ברויט, האָט זיך שוין נאָך גיכער אויפֿגעהויבן דער שאַפּ־טשערמאַן, וועלכער איז געזעסן אַרונטערגעפּרעסט ביי דער מאַשין, און בלויז אַ רופֿטאָן צום פֿאָר־מאַן: „מיסטער פֿאָר־מאַן״. האָט שוין יענער געוויסט וואָס דער „קאָל״ באַ־טייט און זיך גלייך גענומען אַרומקוקן איבערן שאַפּ, וואו דער אַלטער טאַטע איז ערגעץ געלעגן אַראָפּגעלייגט צו דער ערד, זיך געעוסקט אין דעם שטיק טוך ווי אַ שינדער איבער אַ טויטער בהמה...״

דער אַלטער פֿאָטער וויל נישט זיין ביי די זין אויף קעסט, ער וויל אויך נישט זיין קיין לויזער אויפֿזעער, וויל בפֿירוש זיין טעטיק, אַרבעטן, זיין איינגעגלידערט אין דער שאַפּ־מחנה, מיטשאַפֿעווען. ער ווערט אָבער פֿון אַלעמען באַזייטיקט לכתּחילה מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל און שפּעטער מ׳ט רוגזה. דער אויטאָר כאַפּט קינציק אויף די שוואַכע זייטן פֿון דער טראַגי־קאָמישער פֿיגור, וואָס וויל נישט זיין אויף דער וועלט קיין איבעריקער, וויל נישט אַראָפּגיין פֿון דער ראַמפּע. מיט קינסטלערישער וואָר פֿאַרפֿלעכט ער אָפּט דעם אַלטן אין העכסט קאָמישע סיטואַציעס, פֿון וועלכע ס׳ווייזט פֿונדעסטוועגן אַרויס אַ שטילער עלנט פֿון אַ נישט־פֿאַרשטאַנענעם מענטש. פֿאַר זיין גרעסטן שונא באַטראַכט ער די יוניע, וואָס האָט זיך אים אַוועק־געשטעלט ווי אַ ביין אין האַלדז און לאָזט אים נישט אַרבעטן אין זיינע קינדערס שאַפּ באשר ער איז אַ טאַטע פֿון די באָסעס. ער רייסט זיך היס־

טעריש צו דער שער און איינן מיט וועלכע ער איז במשך פון פיפציק יאָר צונויפגעוואַקסן. ר'האָט מורא, טאַקע אימת־מות, צו פאַרבלייבן אַ היימזיצער און ניאַנטשן די „בייביס"...

„ער האָט געמעגט בעטן, יאָ, זיי זאָלן באַגליקט ווערן מיט אַן אייגע־נעם שאַפּ און דערפאַר מוזן זיין אין אים אַן איבעריקער". די קינדער בעטן אים, אַז ער זאָל אהיימגיין, זיך אויסרוען, ער וויל אָבער דערפון נישט הערן.

„שטיין אין הויז, ווילט איר, זאָל איך? אַז די ווייבער אייערע זאָלן האָבן וועמען אַריינצולייגן די בייביס און זיך קענען אַרויסכאַפּן אויף גאַנצע שעהן פאַר אַ וואָך? צו וואָס אייער מאַמע, זאָל זיין אָפּגעשיידט — האָט מיך נישט געקענט איינשפּאַנען ביי אייך, אַז איר זענט קליין געווען — וועלן זיי מיך איינשפּאַנען?"

פון איין זייט זענען די אַרבעטער צופרידן, וואָס זיי קענען חוזק פון זייערע באַסעס פאָטער; מ'שטעכט די זין דורכן טאַטן. פון דער אַנדערער זייט הייבן זיי נישט אָן צו פאַרשטיין, וואָס דער אַלטער רייסט זיך אַזוי צו דער שווערער שאַפּ־אַרבעט, וואָס זייגט פשוט אויס דעם מענטשן. פאַרוואָס געניסט ער נישט פון לעבן. הלוואי וואָלטן זיי געהאַט דעם אַלטנס מעג־לעכקייטן, וואָלטו זיי אַפילו נישט אַריינגעשמעקט אין שאַפּ. זיי פאַרשטייען אויך נישט זיין מורא פאַר איינזאַמקייט, זיין נישט האָבן וואו זיך אַהינצוטאָן.

— די שולן זענען לײדיק — וואַרפט ווער אַריין פון די בעל־מלאכות מיט אַ געלעכטערל.

— זיך געמעגט פאַרגינען אַוועקצוזעצן אויף אַן איבעריקע האַלבע שעה. זאָגן אַ שטיקל תהילים, אַז גאָט האָט אים יאָ געהאָלפן מיט אַ גוטער עלטער — ס'וועט גאַרנישט פון אים אָפּקומען...

— געמוזט גוט אָנטרעטן אויפן אל תשליכנו לעת זקנה...

— זיך צייט אָנצוגרייטן... שוין נישט קיין יינגערמאַנטשיקל...

— אם לא עכשיו אימתי? אויב נישט איצט, ווען דען?

צום סוף האָט זיך אַמאָל נאָך „לאָנטש" געמאַכט פאַר די אַרבעטער אַ פרייע האַלבע שעה. דער אַלטער האָט כאָטש בעת די אַרבעטערס רוען גע־וואָלט זיך מיט זיי אויסמישן בחברותא. די אַרבעטער האָבן זיך אַביסל פאַר־ווײלט מיט אַ שפּיל אין „פעטשעלעך" ד. ה. מ'קלויבט אויס איינעם, מ'הייסט אים לייגן איבערן בענקל און עמיצער צימבלט געזונט אַריין. אויב דער גע־שלאָגענער טרעפט ווער ס'איז געווען דער „עמיצער", מוז דער שולדיקער לייגן זיך איבערן בענקל און ער מוז ווידער טרעפן ווער ס'איז דער נייער

שולדיקער א. א. וו. חברה האָבן אויך דעם אַלטן אַריינבאַקומען אין שפּיל און מען האָט אים געהאַלטן אין איין טראַסקן און ער האָט מעשה שקרות קיינמאָל נישט ריכטיק אָנגעוויזן דעם שולדיקן און זיך געהאַלטן אין איין לייגן פֿאַרסניי אויפֿן בענקל ביז עמיצער האָט דערוועגן אָנגעטראָגן די זין אין אָפּיס:

„אויב מ׳וועט נישט באַצייטנס אַריינגיין צום טאַטן, וועט מען אים דאַרט צערעכט מאַכן אַ פּאָר הענט, אָדער אַזוי אויסשטעלן דעם הינטן, אַז ער וועט נישט קענען זיצן וואָכן לאַנג...״

די זין האָבן זיך געוואָלט אַזש באַגראָבן פֿאַר חרפּה...

בימקאָ צייכנט די פֿיגור פֿון אַלטן מיט פֿאַרשטענדעניש, ליבע און אויך מיט רחמנות; די קאָמישע שטריכן פֿאַרשטעלן נישט דעם רירנדיקן עלנט, וואָס שלאָגט פֿון דעם אומבאַהאָלפֿענעם טאַטן. ביי זיין גאַנצער משונהדיקער צעדרייטקייט און ווילדער עקשנות איז דעם אַלטן נישט אָפּצוזאָגן קיין הויכמענטשלעכע אמביציעס און קרישטאָל־ריינער ערלעכקייט. אַלע זיינע יאָרן געלעבט פֿון אייגענער שווערער פּראַצע, וויל ער איצט נישט אָנקומען צו די קינדער אויף לחם־חסד. ער וויל אויך נישט רעזיגנירן פֿון זיין אַר־בעטס־פֿעאיקייט, ער וויל זיך נישט לאָזן ווי אַ ליידיקגייער אַרויסשטויסן פֿון דער ריי. ער וועט נישט איבעררייסן מיט דער שאַפֿ־סביבה, וואָס איז דער תּוך פֿון זיין לעבן. ביז דער לעצטער מינוט ווערט ער זיך מיט די הענט און פֿיס קעגן דעם ווען אַריינטרייבן אים אין דעם היים־ווינקל, וואו מ׳פֿוסטעוועט בטלניש אָפּ די טעג און צום סוף ווערט מען אַ — כ׳זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד — ניאַנקע ביי די אייניקלעך. פֿאַר אָט־דער מעגלעכ־קייט ציטערט ער ווי פֿאַרן טויט, ווייל דאָס וואָלט אינדעראמתן באַטייט פֿאַר אים אַ גייסטיקער טויט. „ס׳זאָל אים, חלילה, נישט אויסקומען אויף זיינע אַלטע אויסגעהאָרעוועטע יאָרן צו נעמען אין שטוב אַ קליין קינדעלע אויף דער האַנט און צוזינגען — איי־איי־לו־לו־שי״...

מיט גרויס אויסגעבונדנקייט, מיט אַ אימפּולסיווער פּען שילדערט בימ־קאָ די פֿאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך פֿונעם שאַפּ־לעבן און באַקומט ס׳רוב אַרויס דאָס סאַמע שאָטנדיקע. אין אָט־דער דערציילונג כאַפּט אָבער בימקאָ אַ ביסל איבער דעם אָטעם און לאָזט זיין פּען פֿירן אין זייטיקע ווינקלען. און פֿון אָט־דער „זייטיקייט״ איז פֿאַר אונדז אויסגעוואָקסן די פֿיגור פֿון אַלטן טאַטן. די אומבאַרעכנטע „אַרבעטאָרישע״ געננג פֿון אַלטן קומען נישט איינמאָל אַרויס קאָמיש און נאַריש; מינוטנווייז קאָן מען אַפֿילו מיינען, אַז דער טאַטע

איז שוין חסר־דעה. אָבער ביי דעם אַלטנס גאַנצער טפשות, האָרצט ער אונדז עפּעס. מיר שמייכלען, ווען ער שעלט די יוניע מיט טויטע קללות, מיר ווערן טיף גערירט, ווען מיר הערן ווי ער איז נאָכן לעצטן ענדגילטיקן דורכפאַל אין שאָפּ — געקומען צו לויפן אין דער יוניע און אויף זיין טיף־פּוילישן דיאַלעקט מיט טרערן אין די אויגן געפּאָדערט זיינע רעכט אויף אַרבעט:

„נעמטס מיך אַראָן אין דער יוניע, יאַך זאָל אָכעט מעגן אַרבעטן! און אויב נישט באַ מאַנע קינדער אין שאָפּ, זענען דאַך פאַראַן נאַך אַנדערע שע־פּער. און יאַך זאָל אויף דער עלטער נישט בראָכן צו נעמען באַ זיי פיידע בחנם״.



דאָ האָט בימקאָ געמאַכט אַ שטיקל ליכטיקע הפסקה, אָבער באַלד כאַפּט ער זיך צוריק אַריבער אין דער שאַפּישער גרויקייט. ער שילדערט ווידער אין דער דערציילונג „אויף צום ערשטן מאַי״ מיט געדיכט־טונקעלע פאַרבן די ביטערע נויט פון די אַרבעטסלאָזע אָפּערייטאָרס און די אכזריות־דיקע הפקרות, וואָס הערשט אין די יוניאָנס. דער באָס טרייבט אַרויס די יוניע־אַרבעטער אויף דער גאַס און נעמט אויף זייער אָרט אַריין איטאַליענע־רינס. די יוניע, וואָס נעמט שוין יאָרן־לאַנג שטייער ביי די אַרבעטער, מאַכט זיך גאָרנישט וויסן דערפון. ווען די אַרבעטער קומען אין דער יוניע זיך קלאָגן, באַהאַלט זיך דער ביזנעס־אַגענט פאַר זיי. און ווען זיי „פּאַקן״ אים אַמאָל רויטלט ער זיך אַפילו נישט... ענדלעך האָט מען אין סוף אַפּריל באַקו־מען אַ ביסל אַרבעט אויף געציילטע האַלבע טעג. די נויט איז גרויס; מ׳איז פאַרשולדיקט איבערן קאָפּ, פרייט מען זיך מיט יעדן האַלבן טאָג אַרבעט ווי מיט אַ געווינס. אָבער אינצווישן רוקט זיך אונטער דער ערשטער מאַי, דער קאַמפּס־יום־טוב פון אַרבעטער, און די יוניע פאָדערט צו „מאַרטשן״ איבער די גאַסן. עטלעכע אַרבעטער קאָנען ביי זיך נישט פועלן זיך אָפּצוזאָגן פון אַ האַלבן טאָג אַרבעט, וואָרן אַ לויט אַרבעט איז ביי זיי דעמאָלט געווען אַ לויט גאָלד... אַ טייל זענען געגאַנגען דעמאָנסטרירן און זיך באַטראַכט פאַר „קרבנות״ פון דער יוניע, אַנדערע ווידער זענען מיט איין טיר אַרויס מכלומרשט „מאַרטשן״ און מיט דער הינטער־טיר צוריק אַריין — אַרבעטן אין ערשטן מאַי. די דערציילונג ענדיקט זיך מיט גאַליקן אויסהויקן די יוניע. די יוניע האָט די אָפּערייטאָרס, וואָס האָבן פאַרשוועכט דעם יום־טוב פון

ערשטן מאַי, יעדן איינעם, באַשטראָפֿט מיט פֿינף טאָלער. די אַר־בעטער פֿאַרענטפֿערן זיך, אַז זיי האָבן געאַרבעט נישט פֿאַר נחת, אָבער ס'האָט אַ קנאַפּע פּעולה.

„וואָס גייט דען דער יוניע אַזוי שטאַרק אין לעבן, וואָס מ'האָט מחלל יום־טוב געווען? סאַי נישטמער ווי פֿינפֿפּערלעך, וואָס זי וויל אַרויסקריגן...״

יעדע דערציילונג אין אַכטן באַנד — פֿאַר זיך גענומען — איז נאָר אַ וואַריאַנט פֿונעם אַלגעמיינעם לעבן אין שאַפּ, וואָס איז לכתחילה פֿאַר די יידישע אימיגראַנטן אין אַמעריקע געווען כמעט דער איינציקער קוואַל פֿון פּרנסה. בימקאָ נעמט שילדעריש אַרום אַלע אַפּשניטן פֿון דעם פֿאַרשידנ־אַרטיקן שאַפּ־לעבן — אַרבעטס־באַדינגונגען, אַרבעטס־מעגלעכקייטן, גע־זעלשאַפֿטלעכקייט, פֿאַרדינסטן, קאָנפֿליקטן, זייטיקע מחלוקותן, באַציאונג צום באָס, צו דער יוניע א. אַז. וו. מיט גרויס געניטשאַפֿט ווייזט ער דעם אַרבעטער אין שאַפּ, אין גאַס, אויף פֿאַרזאַמלונגען און אין דער היים. בימ־קאָ האָט מיט זיין וואַך אויג אַריינגעדרונגען אין אַלע ווינקעלעך פֿון יידישן אַרבעטער־לעבן. אין זיין יעדער שורה שפּירט זיך, אַז דאָס דערציילט נישט קיין צופֿעליקער, דרויסנדיקער אָבסערוואַטאָר, נאָר אַן אינעווייניקסטער מענטש, וואָס שטעקט בראשו ורבו אין דער אַרבעטער־סביבה. ער איז אַזוי ווייט שרייבעריש אַריינגעטאָן אין די שאַפּ־פּראָבלעמען, אַז טיילמאָל דער־לויבט ער זיך אַפֿילו פֿריי צו שפּילן מיט אָט־די מאָטיוון און מ'דאַרף מודה זיין, אַז יעדעס מאָל דעקט ער פֿאַרן לייענער אויף נייע ניואַנסן. אויף אַ גאַר פֿאַרפֿיינערטן שאַפּ־מאָטיוו איז געבויט די נאָוועלע „דער זייגער און זיין מערכה״.

דער פֿאָרמאַן ווילי איז כמעט נאָך אַ יינגל, אָבער האָט שכל פֿון אַ דערפֿאַרענעם און דורכגעטריבענעם מענטשן. אין זיינע באַציאונגען צו די אַרבעטער ווענדט ער מיט גרויס קלוגשאַפֿט אָן אַ טאָפּל־שפּיל. פֿאַלט ער אַמאָל אַדורך מיט זיינע הינטער־פּלענער, מאַכט ער באַלד אַ תּמימותדיקע מינע פֿון אַן אומשולדיק קינד, וואָס פּאַסט זיך זייער צו זיין יינגלעשער צורה, און די אַרבעטער האָבן פּשוט נישט קיין יהנדית זיך צו בייזערן אויף אים. ווערן זיי אַמאָל ווידער אַ קאַפּעטשקע מער צוגעלאָזן צו אים, באַווייזט ער תּיכּף זיינע חריפֿותדיקע שפּיצלעך און דערהויפּט אַ פֿעסטע פֿאָרמאַנישע האַנט און זיי הייבן זיך באַלד אָן ציען צוריק...

„אַז געניזוקט זאָל ער נישט ווערן דאָס יינגל, וואָס דערהרגעט זיי אַלע־מאָל און ביי וואָס ס'זאָל נישט זיין. וואָלט זיך קעגן זיי געשטעלט דער

פֿאָרמאַן, האָבן זיי אים טיף טייער אין דרערד. גיט ער זיך אָבער אַן עצה און שטעלט אַרויס ס׳ייִנגל... און גיי שטעל זיך מיט אַ ייִנגל...״

איינמאָל איז ער געפֿאַלן אויף אַ המצאה און אַריינגעשטעלט אין שאַפּ אַ זייגער, וואָס זאָל אויטאָמאַטיש קאָנטראָלירן די אַרבעטס־צייט פֿון איטלעכן שאַפּ־אַרבעטער. האָט דאָס ממש אַריינגעבראַכט אַ מהומה צווישן די בעלי־מלאכות. עפּעס אַ „פּיגר״ זאָל זיי „נאָכקוקן״ צי זיי פֿאַרשפּעטיקן זיך נישט אַמאָל אויף עטלעכע מינוט אין פֿעקטאָרי און הויך אויסקלונגען יעדע פֿאַרשפּעטיקטע מינוט. זיי האָבן דעם פֿאָרמאַן ווידער געענטפֿערט מיט אַנדערע שפּיצלעך. דער ריוח דערפֿון איז פֿאַרן שאַפּ געווען אַ מינימאַלער, אַ נישטיקער. אָבער פֿאַרן אַרבעטער האָט עס געהאַט אַ פּסיכאָלאָגישע באַדייטונג.

„ס׳איז שוין נישט אַזוי געגאַנגען אין דעם געלט, וואָס מ׳וועט אַראָפּנעמען — דאָס האָט אויך נישט ווייניק געקרענקט — נאָר ווי דאָס צורירן זיך פֿון פֿרעמדע הענט צו דער „פּעי״, זיך לאָזן וואוילגיין מיט איר. אַזוי למשל האָט מען געוואוסט, אַז די דרייסיק טאָלער אַ וואָך זענען דרייסיק טאָלער, זיבן און צוואַנציק זענען זיבן און צוואַנציק. איצט האָט דער זייגער, אַ מיתה אויף אים, הפֿקר געמאַכט דעם „קאָנוועדט״. מ׳זאָל זיך מעגן גריבלען אין אים, אים אַרומשניידן, אַרומטרימען מיט צוויי מינוט, מיט דריי מינוט, פֿיר מינוט, אויף וויפֿיל ער וועט אים האָבן געכאַפּט ביי דער האַנט...

די צדדים האָבן אַזוי לאַנג אַקעגן זיך געטריצט, ביז דער פֿאָרמאַן איז געוואָרן וויכער און געגעבן די אַרבעטער אַ פֿערטל שעה צייט אויף קאָנען זיך עווענטועל פֿאַרשפּעטיקן. פֿון דעמאָלט אָן האָט דער זייגער פֿאַרלוירן זיין באַדייטונג און קיינער האָט זיך שוין נישט איינגעהערט אין זיין קלונגען. — ס׳איז נישט קיין זייגער, נאָר אַ פּגר״.

דער ערשטער טייל פֿון אַכטן באַנד ווערט אָפּגעשלאָסן מיט אַ מאָנאָלאָג א. נ. „קאַרל מאַרקס פֿון דער אַנדערער זייט״. איז דאָס דער סאַמע פֿינצטערסטער אַטעסטאַט, וואָס בימקאָ שטעלט אויס דעם ייִדישן אַרבעטער אין אַמעריקע. זאָל דאָס זיין אמת, אַז דער היגער ייִדישער אַרבעטער איז פֿאַרגרעבט, עגאָיסטיש, גייסטיק פּוסט, ציניש, רעדט שטענדיק נבול־פּה, האָט נישט דעם מינדסטן חוש פֿאַר וועלכע ס׳איז עטישע פּרינציפּן, פֿאַרברענגט די פֿרייע צייט אין האַזאַרדן קאָרטן־שפּיל, און ווייזט נישט אַרויס דעם מינדעסטן מיטגעפֿיל צו די ליידנדיקע קאָלעגן־אַרבעטער. טאָמער פּרואווט עמיצער וועקן ביי זיי ס׳געוויסן, מאָנען מענטשלעכע באַציאונג צו אייגענע

חברים, ווערט יענער באַלד גאַליק אויסגעלאַכט ווי אַ וויסטער בטלן און פֿאַרשריגן ווי אַ יאָלדישער שמינטעליגענט עפּעס — ווייס איך וואָס — אַ „קאַרל מאַרקס” — „אַהאַ, קאַרל מאַרקס האָט שוין עפּעס אָנגעקריגן!” פֿאַר־קערט, די קאַפּיטאַליסטישע באָסעס ווייזן אַרויס מער מענטשלעכקייט, ווי דער פּראָגרעסיווער אַרבעטער־קלאַס. דער איינציקער אידעאַליסטישער אַרבע־טער־אינטעליגענט האַלט אין איין וואָרנען די אַרבעטער, אַז מיט זייערע מיאוסע האַנדלונגען פֿאַרשוועכן זיי דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל און דערני־דעריקן דעם אַרבעטער אין די אויגן פֿון באָס. ער רופֿט צו זיי „הינט! אויס־וואורפֿן! שלאַנגען! עקדישן!” — — — „מיט וועמען וועט זיין צום טיש צו גיין? מיט די באָסעס? און מיט זיי איינפֿירן סאָציאַליזם אויף דער וועלט?”

דער קלימאַקס פֿון דעם מאָנאָלאָג איז דער אומגליקלעכער פֿאַל מיטן קראַנקן אַרבעטער אייזעק. ער האָט אַכצן יאָר צוזאַמען מיט די קאָלעגן אָפּ־געאַרבעט אין זעלביקן שאַפּ. פּלוצים זענען זיינע שפּיצפֿינגער געליימט גע־וואָרן און ר'האָט מער נישט געקאָנט אַרבעטן. די פֿאַמיליע לײַדט נויט, איי־זעקס פֿרוי איז געקומען אין שאַפּ צו דעם מאַנס קאָלעגן בעטן הילף. מיט דעם ענין האָט זיך גאָר פֿאַראינטערעסירט דער באָס. ער איז צוזאַמען מיט אייזעקס פֿרוי אַריינגעקומען אין שאַפּ, געהייסן אָפּשטעלן די מאַשינען ס'זאָל זיין שטיל. ער לייגט פֿאָר צו געבן דעם קראַנקן אַרבעטער אַ „האַלבע פּיי־דע”. דער אָפּיס וועט געבן אַ פּערטעלע און ס'אַנדערע פּערטעלע זאָלן צוצאָלן די אַרבעטער. די אַרבעטער האָבן זיך גענומען גראָב בונטעווען און צומערסט פֿון אַלע האָבן זיך געקאָכט די בענדלדיקע „באָיעס”, וואָס זענען מיטגלידער אין דער „אָבדזשעקשאָן קאָמיטע” — „וואָס הייסט אַרויפֿלייגן אַ טעקס פֿון אַ דיים צו אַ קוואָדער אויף אָרימע ארבעטאָרער און זיי צווינגען דאָס צו געבן?” אַן אַנדערער דריקט זיך אויס גאָר ציניש־געמיין: „וואָס וויל ער? כ'זאָל פֿאַר אים געבן אַ האַלבן טאָלער? זאָל ער מיר אַהיימשיקן ס'ווייב אויף ביינאַכט”. דער אַרבעטער־אינטעליגענט קאָכט זיך, זאָגט זיי מוסר, רעדט צו זייער מענטשלעך און סאָציאַליסטיש געוויסן, אָבער ס'העלפֿט גאָר נישט; ס'רירט זיי גאָרנישט... זיי ווילן אים דורסן „טאַקע נישט מער ווי אַ בטלן, אַ באַנק־קוועטשער, אַ לא יצלח, אַ קוני־לעמל, אַ קאַרל מאַרקס...”

דער מאָנאָלאָג איז געשריבן „פּיפּיק” מיט דער אָפֿענער כּוונה שאַרף „אַריינצוזאָגן”. די זאַך איז אונדז נישט באַקאַנט פֿון דער נאָענט און ס'איז פֿונדערוויטנס שווער דאָ צו אורטיילן. צי איז נישט אַמאָל דער ענין איי־בערגעזאַלצן? צי איז די אַמעריקאַנער יידישע אַרבעטערשאַפֿט באמת מאָ־

ראַליש אינגאַנצן אויסגעלייזדיקט? צי האָט זי טאַקע פֿאַרלוירן דעם צלם אלקים? צי איז די לאַנגיעריקע מאַסן־דערציִערישע, קולטור־אויפֿקלערישע אַרבעט טאַקע געגאַנגען לאיבוד? דער מאַנאַלאָג איז אויפֿגעשריבן געוואָרן אין יאָר 1936. צו יענער צייט האָבן אַמעריקאַנער יידן געשיקט באַדייטנדיקע מאַטעריעלע הילף צו זייערע ברידער קיין אייראָפּע. ס'איז נישט קיין שום ספֿק, אַז אויך דער היגער יידישער אַרבעטער האָט זיך אויף אַן אַנזעעוודיקן אופֿן באַטייליקט אין דער כּסדרדיקער הילף־אַקציע. שוין איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט ווי יידישע באַלעמלאָכעס שטיצן אויף אַן איבערגעגעבענעם שטייגער מאַטעריעל זייערע קרובים און פֿריינט אין אייראָפּע. אויך די איצטיקע ברענטשעס באַטייליקן זיך אין אַ געוויסער מאָס סיי אין דעם קולטור־לעבן אין אַמעריקע און סיי אין דער הילף פֿאַר די אייראָפּייאישע יידן. ס'איז דעריבער שווער צו גלייבן, אַז אַרום און אַרום זאָל אַלץ זיין טייוולאַניש שוואַרץ. ווער זענען בימקאָס אַרבעטער, אויב נישט מענטשן, וואָס שטאַמען פֿון דער טיפֿער פֿאָלקס־געדיכטעניש? די יידישע פֿאָלקסמאַסן האָבן זיך שטענדיק אויסגעצייכנט מיט הויכן אידעאַליזם. בימקאָ איז אַליין אַ פֿאָלקס־שטאַמיקער שרייבער, וואָס האָט אין זיינע שריפֿטן תמיד אַרויסגעוויזן אַ סך אהבת ישראל. ס'איז דעריבער אַ ווייטיק צו זען, דאָס וואָס ער זעט...



דעם גאַנצן צווייטן טייל פֿון אַכטן באַנד פֿילט אויס בימקאָס סאַמע רייפֿסטע אַמעריקאַנישע דערציילונג „איסט־סייד”, וואָס פֿאַרנעמט אַזש 131 זייטן. דאָ פֿאַרלאָזן מיר שוין דעם שאַפּ און באַקענען זיך נענטער מיטן אינטימען היים־לעבן פֿון די שאַפּ־אַרבעטער און זייערע משפּחות (הגם אויך דאָ הערט מען אויף יעדן טריט דעם אָפּקלאַנג פֿון די שאַפּ־פֿאַרהעלטענישן). דער אויטאָר פֿירט אונדז נישט נאָר איבער די ענגע היימען מיט די גראָע שטובן אויף די נידעריקע און הויכע שטאָקן אין די אַלט־מאָדישע פֿינצטער־לעכע הייזער, נאָר אויך איבער די געדרייטע קאָרידאָרן, הויכע טרעפּ און שמאָלע טוכלע הויף. ווייטער פֿירט ער אונדז איבער די שכנותדיקע שפּייז־קראָמען, מילך־געשעפֿטן, יאַטקעס, קענדי־סטאָרס, רעסטאָראַנען, לאָנטש־רומס, קאָפֿי־הייזער, סאָדע פֿאָונטעינס, סטענדס, אייז־קרים־פּאַרלאָרס, שפּי־טעלער, הילף־אינסטיטוציעס א. ד. גל. דאָס איז — האַרט לעבן איסט־רי־

ווער — אַ באַזונדערע מלוכה מיט אַן אייגענעם לעבנס־איינשטעל, אייגענע מנהגים; איר טעריטאָריע נעמט אַרום די גאַסן: גרענד, גאָרעק, מאַנראָו, הענרי, שעריף, קאָלאָמביע, קענאַן א אנד.

„נידעריק, דרום־מזרח זייט פֿון שטאָט, כמעט ווי מיט אַ שפּיץ אינעם „איסט־ריווער” אַריין, אַרום וועלכן דער בעל־הבתישער טייך פֿאַרדרייט זיך מיט גאווה, אַנקומענדיק פֿון גרויסן ים און גאַרטלט אים אַרום פֿון איין זייט דעם מאַנהעטן־אינזל ביז צום לאָנג־איילאַנד סאונד. דאָ אויף דער ליבקער זייט שטאָט, וואו ס׳הייבן־אָן קאַפּוירגיין איינע ביי דער אַנדערער — ווי צענומענע פֿינגער אין אַ האַנט — ברום, גרענד, מאַנראָו, הענרי, טשע־רי (דער סאַמע אָרימסטער טייל), ליכטיקן הייזער פֿינצטערע, אַנגעפּראָפּט ווי די „טשיקן־קופּס” ביז אָן דער בין מיט מענטשן. די הייזער — אַ סך פֿון זיי זענען אַלטע און קאַלטע, אָן באַהייצונג מיט דעם ליבן־גוטן קוילן־„סטאָף” און מיט באַלייכטונג אָנגעוויזן אויף די „סקיי־לייטס”. אַז מ׳קומט אַרויף אויפֿן ערשטן גאָרן, מוז מען זיך נעמען די אויגן אין האַנט אַריין. אויפֿן צווייטן — ברויך די מראה פֿון טאָג זיין אַ שטענדיק גראָע. אויפֿן דריטן — מאַ — איז שוין נישט אַזוי וועיט פֿון הימל. אויפֿן פֿערטן, אויפֿן פֿינפֿטן און אויפֿן זעקסטן שטאָק, ווער ס׳קען קלעטערן — העכער זענען זיי שוין נישט אין דער געגנט — האָט יענער פֿאַר דאָס ליכטיקייט פֿאַר אַלע, וואָס דילטשן אין די נידעריקע שטאָקן און מ׳וואָלט זיי דאָס אַפּילו געקענט פֿאַרקויפֿן”.

דאָ לעבט מען זיך אויס אין אַן אייגענעם שטייגער־קלימאַט, אין אַן איי־געגענער סביבה, שכנותדיקער אויסגעבונדנקייט, בשותּפֿותדיקע זאָרגן, פֿריידן ווי אויך בשותּפֿותדיקע ליבע, שנאה און קנאה. סיי די דאָיקע פּרייוואַטשאַפֿט, סיי די דאָיקע פֿיינטשאַפֿט טראָגן אָבער אויף זיך אַן אייגענעם אומהיימ־לעכן לאָקאַלן קאָלאָריט. דאָס איז א נייער גלגול פֿון דער אַמאָלקער היי־מישלעך צונויפֿגעלעבטער קאַסרילעווקע, וואָס האָט אָבער, שיפֿנדיק אי־בערן ים, פֿאַרלוירן דעם יידישלעכן גייסט פֿון ידידות און מסירת־נפֿש. בכלל פֿאַרלוירן דעם גרויסן גלויבן און גייסטיקן ווידערשטאַנד־כוח, וואָס האָט זיי אין דער „אַלטער” היים צונויפֿגעהאַלטן במשך פֿון לאַנגע דור־רות. אין קאַסרילעווקע האָבן די בלאָע הימלען וואָרעמלעך געהילט די ני־דעריקע יידישע הייזלעך. האָט טאַקע דער קאַסירליק געלעבט אין שטענ־דיקער גייסטיקער נאָענטשאַפֿט מיטן רחמנא לבא בעי. דערפֿאַר זענען אָבער די גראָע הימלען איבער דילענסי־און הענרי־טריט הויך, קאַלט און פֿרעמד;

זיי גיבן דעם איסט־סיידער גאַרנישט און אויך ער אַליין זוכט אין זיי גאָר־נישט... מעגלעך, אַז דאָס איז נישט דאָס סאַמע „אָביעקטיוו" בילד, אָבער אַזוי דערשיינט איסט־סייד פאַר בימקאָס קינסטלערישער אויפנעמלעכקייט.

יאָ, דער איסט־סיידער איז געווענדט מיטן פּנים צו דער ערד, געווייער — צו ערדישקייט, פון וועלכער ס'איז אים גאָרנישט אַפּצורייסן. גייט אים בימקאָ נאָך אויף טריט און שריט פון אַלע זיינע טאָג־דאגות, כאַפּט אויף יעטוועדע ווענדונג און רעאַקציע און ווייזט זיי אונדז לויט זיין אינ־דיווידועל־שילדערישן טעמפּעראַמענט. בעצם איז בימקאָס „איסט־סייד" שילדעריש, אָבער אויך נישט פריי פון דערציילערישן עלעמענט. ער שיל־דערט פּלאַסטיש דעם גאַנצן אַרום מיט אַלע זיינע אַטמאָספער־פּרטים, אָבער ער הייבט דער עיקרשט אַרויס דאָס סאַמע פּערמאַנענטע אין דעם איסט־סיידער לעבן. און ס'איז זיך לייכט פאַרצושטעלן, אַז צוליבן דוחק אין גייס־טיקע האָריזאָנטן דאַרף דאָס פּערמאַנענטע אין דער איסט־סיידער ווירק־לעכקייט זיין דאָס מגושמדיקע, רויע, און תאווהדיקע. געניוער: תאווה צום עסן, תאווה צו קליידער, ליידן צוליב איבערגעזעטיקטקייט, אַביסל ליבע־דורשט, געלט־גייציקייט, ס'צערטלען זיך מיט אייגענע חולאתן און מורא פאַרן טויט. דאָס „איבעריקע" איז נאָר פּרפּראות לגענוס... אייגנטלעך זענען דאָך דאָס די גרונט־עלעמענטן פון לעבן און קיין שום טאַלאַנטירטער שריי־בער איז זיי נישט מסוגל אויסמיידן. אָבער אין אַ נישט־פאַרגרעבטער סביבה ווערן זיי סובלימירט אין אַנציענדיקע רוחניות, דאַקעגן בימקאָ ווייזט זיי אונדז אין זייער פולער ערדישער נאַקעטקייט. מ'קאָן זאָגן, אַז ער זעט זיי ממש אונטערן פיזיאָלאָגישן אַספּעקט.

ס'הייבט זיך אָן מיט אַ געוויינלעכן טאָג־איין טאָג־אויסיקן געשפּרעך, וואָס עס פירן צווישן זיך אינדערפרי אין אַ גראָסערי דריי פעטלייביקע ווייבער: מיסעס פלאַכט, מיסעס פלעכט און מיסעס פליכט. פאַרוואָס עפּעס אַ מאָדנע ענלעכקייט אין זייערע נעמען פון וועלכע ס'איז שווער אויפצוכאַפּן דעם קלאַנג־אונטערשייד? — מסתמא דערפאַר, ווייל דער אויטאָר וויל דער־מיט אונטערשטרייכן דאָס איינפאָרמיקייט פון די כלערליי מגושמדיקע מיסעס, וואָס זענען טיפּיש פאַר איסט־געגנט. זיי קאָנען הייסן אַזוי אָדער אַנדערש, אָבער זענען אין תוך איין און די זעלביקע מיסעס מיט אַלגעמיינע איסט־סיידישע מעלות און חסרונות. אַ חוץ זייטיקע רכילותלעך וועגן ווייבלעך, וואָס פירן געהיימע ליבעס, גייט דאָ דער הויפּט־שמועס וועגן עסן, וועגן „שוואַכן" אַפּעטיט, וועגן די פולע קוישן שפּייז־פּראָדוקטן, וואָס מ'האַנדלט

איין יעדן פּרימאָרגן אין גראָסערי, און צום סוף מוז מען, צוליב שפּע, אַ טייל דערפון אַרויסוואַרפן אויפן מיסט.

„אַז די דריי ווייבער פון אונטערן „רוף" הייבן זיך צוריק אַרויף צום העכסטן שטאַפּל, גיט יעדע פון זיי, אַזוי גוט די יונגסטע, די דינסטע מיסעס פּליכט, ווי די שווערסטע מיסעס פּלאַכט — אַ פאַל־אַוועק פון די פּיס און נעמען פּרייכן ווי די שטאַפּ־געענדז. וואָס איז דער חידוש? אַז פון בלויזן אַרויפגיין קען מען בלייבן אָן אַ האַרץ, אָן אַטעם. און ווי זאָל זיין, אַז זיי האָבן נאָך אַזוינע שווערע „בעסקעטס" אַרויפצוטראָגן? זיי קענען זיך אָבער נישט פאַרגינען לאַנג אַזוי צו פּרייכן, ווייל די שטיבן, וואָס האָבן נאָך האַלב געדרימלט ביי זייער אַרויסגיין — זענען שוין איצט נישט בלויז אויף, נאָר אויך ברייט אויף די פּיס".

און דאָ הייבט זיך אָן פאַר די מאַמעס אַ גאַר שווערע אַרבעט מיט כּלערליי קונצן „אַריינצונאַרן" אין די איבערגעזעטיקטע קינדער שיטערע אייערלעך, באַנאַנעס, סוויט־קרים, פאַרינע, טאוסט, טאָמייטאָ־הערינג, שפּראָטלעך, קייק א. ד. גל. מיט גרויס הנאה צעשרייבט זיך בימקאָ וועגן די געשמאַקע מאכלים, וואָס האָבן פאַר די איבערגעשטאָפּטע איסט־קינ־דער שוין פאַרלוירן יעדן טעם. אַז די דערוואַקסענע טאַכטער בונטעוועט זיך קעגן צו־פיל עסן, ווייל זי וויל נישט „נעמען אויף דער וואַג", איז מען עס איר נאָך מוחל, זי ברענגט דאָך צושטייער צו דער פּרנסה. אָבער מיט די יינגערע „ממזרים" צערעמאָנירט מען זיך נישט און מען בייט אין זיי אַריין איבערגעוואָלט, נישט קוקנדיק אויף די בפירושע פּראָטעסטן.

„שוירלי פאַרגייט זיך אין וויינען. פון די אייגעלעך לויפן געדיכט ריי־טשקעלעך טרערן און עס שלינגט די לעפל פאַרינע מיט וואַרימער מילך, ביז ס'גיט איר אַ פאַרקלעם ערגעץ ביים האַרצעלע און בוך — אַראָפּ־געבראָכן אַלץ און אויף אַ מאָל צוריק אין טעלער אַריין. דעמאָלט שטילט זיך שוין די גוטע מאַמע איין — „אויסברעכן זאָל זי, נאָר דאָס אַראָפּנעמען!" צום אַוועקגיין אין סקול בעט זי איר איבער מיט אַ ניקל".

אָט־די סצענע — פאַר זיך גענומען — באַשריבן פיזיאָלאָגיש אַביסל צו־געגנוי, רייצט אַוודאי נישט דעם לייענער מיט איר באַזונדער גוטן גע־שמאַק. אָבער ווען מ'נעמט זי אינעם גאַנצן המשך פון „איסט־סייד", איז זי אַ צושטייער צו דעם אַלגעמיין פּרעסערישן כאַראַקטער פון דער געשיל־דערטער מיליע. פון דער „אַלטער" היים ווייסן מיר גראָד דאָס קאַפּויערדי־קע. דאָרט האָבן אָפּגעריסענע, אויסגעהונגערטע און אויסגעמאָגערטע קינ־

דער געצויגן פֿאַרצווייפֿלט די מאַמע ביים פֿאַרטעך און געמאַנט אַ טרוקן שטיקל ברויט. די אומגליקלעכע מאַמע האָט זיי הילפֿלאָז געטריבן פֿון זיך. מעגלעך, אַז רעמיניסצענצן פֿון די אייגענע קינדער־יאָרן טרייבן דעם אויטאָר אַמאָל מיט נישט איבערקלייבערישע מיטלען בולטער צו מאַכן די חלשותדיקע שטאָפּ־סצענע. און אפֿשר קומט דאָ אויך צום אויסדרוק דעם אויטאָרס נאָך זינט יענע יאָרן פֿאַרדרענגטער פּראָטעסט קעגן דער אומגערעכטער וועלט.

צוליבן „געטרייען" אמת, מיט וועלכן בימקאָ שילדערט אויספֿירלעך דעם לעבנס־טאָג אין איסט־סייד, קאָן זיך דעם צופֿעליקן לייענער אפֿשר אויסווייזן, אַז ר'האָט דאָ צו טאָן מיט פֿאָטאָגראַפֿיע, אָדער — אין בעסטן פֿאַל — מיט אַ נאַטוראַליסטישן „איבערגעבן" דיווירקלעכקייט. אָבער דאָס וויטערדיקע אַריינלייענען זיך אין דער גרויסער דערציילונג, דאַרף איבערצייגן, אַז מ'האָט דאָ ווייט נישט צו טאָן מיט קיין פֿאָטאָגראַפֿישער פּינקטלעכקייט און ס'קאָן אויך נישט זיין קיין רייד וועגן גלאַט־נאַטוראַליסטיש „איבערגעבן" פֿאַקטן. וואָרן וואָלט אַזוי געווען אין דער אמתן, וואָלט עס גיכער געווען אַ האַנטווערק איידער אַ קונסטווערק.

נאָכאַמאָל — בימקאָס „איסט־סייד" איז בלי־ספֿק געבויט אויף טאָג־טעגלעכער ממשותדיקייט. אָבער ער איז אין תּוך נישט איר קאָפּירער, איר געטרייער אָפּשפּיגלער. ער איז גיכער דער אָפּשפּיגלער פֿון זיין אייגענעם אינעווייניקסטן זעלבסט, וואָרן אין דעם וואָס ער שילדערט און וועגן וואָס ער דערציילט גיט ער זיך גופֿא. כאָטש בימקאָ אידענטיפֿיצירט זיך נישט מיט דער איסט־ווירקלעכקייט און כאָטש ער שטעלט אײן אַ באַשיימפּערלעכן דיסטאַנס צווישן זיך און זיינע „העלדן", איז פֿונדעסטוועגן צו גלייבן, אַז ער האָט פּאָטענציעל געטראָגן אין זיך די איסט־פֿיגורן, די איסט־כאַראַקטערן, וועלכע ער האָט ערשט אין שרייבן אַקטואַליזירט. און איבערצייגעוודיק איז געטעס וואָרט: „ווער ס'שילדערט די נאַטור, שילדערט נאָר זיך און די פֿיינקייט ווי אויך די שטאַרקייט פֿון זיין געפֿיל". ס'איז זיך דעריבער שווער פֿאָרצושטעלן, אַז אין פּראָצעס פֿון שאַפֿן זאָל בימקאָ האַלטן אין איין קאָנפֿראָנטירן דאָס אויפֿגעשריבענע מיט דעם „אָריגינאַל", וואָס ער האָט באַאָבאַכטעט אין דער ווירקלעכקייט. ניין, ער האָט לאַנגע שטעלן בפֿירוש געשילדערט פֿון זכרון, און זכרון ביי אַ פּראָזאַיקער איז שוין שרייבערישע פֿאַנטאַזיע. אַן אַלטער פּראָפֿעסאָר אין אַ קונסט־אַקאַדעמיע, אַ טעאָרעטישער פֿירשפּרעכער פֿון דער רעאַליסטיש־אימ־

פּרעסיאָניסטישער ריכטונג אין דער קונסט, האָט אַמאָל דערקלערט זיינע גרויסע תלמודים: „וואָס מ'קאָן נישט מאָלן פון קאָפּ, קאָן מען איבערהויפּט נישט מאָלן. מיר מאָלן נישט די נאַטור ווי זי איז, נאָר ווי זי דערשיינט פאַר אונדז, ד. ה. מיר מאָלן פון געדעכעניש".

פאַנטאַזיע, וואָס דרינגט אַרויס פון דער פולבלוטיקער רעאַליטעט, איז נישט מינער אין איר קינסטלערישן ווערט איידער ס'פאַנטאַסטישע, וואָס קומט פון צוגעטראַכטע, קאָמבינירטע סיטואַציעס, „געגומען" פון דער אומ־רעאַלער וועלט.



פּ. בימקאָ האָט זיך דאָ נישט פּירגענומען צו דערציילן וועגן אויסטער־לישע געשעענישן אָדער וועגן גרויסע האַנדלונגען. ער האָט זיך אָבער יאָ פירגענומען אונדז פּסיכיש אַריינצופירן אין דער געדיכטעניש פון דער איסט־אַטמאָספערע. דערפאַר זענען דאָ נישט פאַראַן קיין שאַרף־קאָנסטראַסטירטע פאַרבן. ס'איז גיכער אַ צוזאַמענשפּיל פון די־פערענצירטע קאָלירן אין וועלכע ס'דאָמינירט דער גרוי־טונקעלער פּאָס. דער חיתוך הכתב איז דאָ אַזוי־צו־זאָגן אַ ברייט אָטעמדיקער. נישט גע־קוקט אויף דער „נאַקעטער" פאַקטור איז דער שילדערונגס־ריטם אַ קאָנ־טינואַציע פון שטימונגען און האַלב־טאָניקייטן, וואָס רייסן זיך אויף אַ ווײַלע איבער און פעדעמען זיך נאָכדעם ווידער אין אַן ענדלאָז קײַלעכל. די פאָרקומענישן ציען זיך נישט לענג־אויס, נאָר קרייזן זיך פאַמעלעך אַרום דער אייגענער אַקס פון איבערקאָכן איינס און ס'זעלביקע.

צוויי שכנים שאַפּ־אַרבעטער מיסטער פלעכט און מיסטער פלאָכט טראָגן זיך אַרום מיט קראַנקע מאָגנס. דער הויז־דאָקטאָר זאָגט, אַז ס'איז פאַר זיי נישטאָ קיין שום הילף, סיידן ס'מעסער, ד. ה. זיי זאָלן זיך לאָזן אין שפּי־טאָל אָפּערירן. מ'וועט זיי אויסשניידן אַ „שטיקל" מאָגן און זיי וועלן צוריק געזונט־ווערן. זיי קאָנען זיך אָבער נישט אַנטשליסן, האָבן מורא פאַרן אָפּע־ראַציע־טיש. זיי דרייען זיך אַרום מיט גרויסע יסורים און דער הויז־דאָק־טאָר גיט זיי פון צייט צו צייט באַטויבנדיקע מיטלען כדי אויף אַ ווײַלע איינ־צושטילן די ווייטיקן. זיי אַרבעטן נישט און די משפּחות לעבן פון „רעליף". אָבער די מיסעס פלעכט און פלאָכט האַלטן זיך אין „רעליף" פאַר גאָר גרוי־סע יחסנטעס. ס'טייטש זייערע מענער זענען נישט גלאַט קיין לײדיקגייערס,

נאָר בפּירוש קראַנקע. זיי ווילן אַרבעטן, נאָר קענען נעבעך נישט. די ווייבער לאָזן זיך נישט טאָן קיין עוולה. די מיסעס פּלעכט פּאָדערט שוין אום זומער פֿאַר זיך אַ ווינטער־מאַנטל, אַ קאָוט. נישט קשה, דער „רעליף״ האָט געגעבן עצה... דער קאָוט, אַליין קאָן זיך מיסעס פּלעכט דערויף נישט פֿאַרדינען, וואָרים זי האָט אַ קראַנקן מאַן מיט קינדער.

„ווי אַזוי — צעלייגט זי פֿאַר איר אַ טענה — אַז ס׳מיידל אירס, שייני מאַכט אַפּילו נישט געבוג אויף ליפּסטיק, אויף פּאודער מיט די אַנדערע שמירעכצער, וועט זי קאָנען אַוועקרייסן פֿאַר איר אויף אַ קאָוט?... און אויב יאָ, וואו איז זי, ס׳מיידל אַליין? איז זי נישט בילכער?... און אויף צוויי קאָוטס — פֿאַר זיך און פֿאַר איר — קען זי זיך אַפּילו נישט נעמען אין זינען אַריין... אויפֿן מאַן אירן האָט זי קנאַפּ וואָס צו דיפּענדן, ער איז קיין מאַן נישט. ס׳הייסט, ער איז יאָ אַ מאַן נאָר נישט צו דער אַרבעט... ער טראָגט זיך אַרום מיט אַ מאַגן, און דער הויז־דאָקטאָר פֿון גאָווערניר־שפּיטאָל האָט פֿאַר אים אײן רפֿואה — דאָס מעסערל״.

די צייט פֿון טאָג ווערט דאָ געמאָסטן צווישן „ברעקפֿעסט״ און „סאַ־פּער״; מ׳לעבט מיט דעם נאָכטעם פֿונעם געגעסענעם און פֿאַרטעם פֿון דעם וואָס מ׳וועט ערשט עסן. די גאַנצע צווישנצייט ווערט אויסגעפּילט מיט רייד וועגן קראַנקע און געזונטע מאָגנס. פֿון דעם קראַנקן מאָגן האָט מען נישט־קשהדיקע יסורים, אָבער דער גרעסטער ווייטיק נעמט זיך דערפֿון, וואָס מען מוז זיך אָפּזאָגן פֿון געזונטע בעטעמטע מאכלים און זיך בלויז שפּייזן מיט אַ לויז אייעלע, צעמאָלענע קוקעריזי, פּלעווועס, אויפֿגעבלאָזענעם קאָרן און וואַסער מיט מילך. און דאָ פֿאַרשמעקן כסדר „געזונטע״ מאכלים, אַז ס׳נעמט אַזש גאָווערן פֿון מויל. רבש״ע ווי לאַנג איז דער שיעור זיך צו שפּייזן בלויז מיט קי־בעבע:

„... קוים קומען זיי אָבער אַרויס אויף דילענסי־סטריט און די אַלע פֿרעסאַרניעס אירע נעמען זיי אַרום, איז ווי מ׳זאָל זיך נישט פֿאַרדרייען קומט אַלץ אויף די אויגן אַן אויסגעפּרוירן פֿענצטער מיט רויע שטיקער רויט־פֿלייש, וואָס זענען גרייט אויפֿן וואונק פֿאַר זיי זיך צו לייגן אויפֿן פֿייער. ווידער — געבראָטענע אויסגעשטאָפּטע קאָטשקעלעך, אויסגעקאָכטע הינער, פּילמיסקעס פֿיש, טעפּ יויך, געהירלעך, צעריבענע ברוינע לעבערס... מען מוז זען ווי מענטשן זיצן נישט, נאָר ליגן איבער די טישלעך, עסן נישט נאָר פֿרעסן דאָס אין זיך אַריין, אַרבעטן געשיקט מיט די גאָפּל־מעסער ווי די דזשאָנגלערס אין אַ צירק״.

„און אפשר איז שוין בעסער דער טויט, איידער מ׳זאָל ברויכן צוקוקן ווי יענער עסט, און אַליין נישט טאָרן צושמעקן צו גאָר? אַזוי ווי מ׳וואָלט נישט געבאַקן פאַר זיי, און פאַר זיי נישט געקאָכט".

מעגלעך, אַז דער „גרינער" אויטאָר, וואָס קומט פון דער אויסגעהונגער־טער אייראָפּע, איז אַליין פאַרכליניעט געוואָרן פון דער היגער שפע, און קאָן זיך נישט איינהאַלטן יעדעס מאָל פון אויסרעכענען געניי די כּלערלי־מאכלים, וואָס מ׳האָט אין דער אַלטער היים נישט אומעטום געזען. ער טוט דאָס ממש מיט אַ באַלעקנדיקער הנאה:

„הערילע, דער מיסעס פלאָכטס זינדעלע, נעמט נישט קיין אַנדערן קעז צום מויל — מ׳זאָל אים דערשטיקן — ווי דעם ריכטיקן און מיט די אימפּאָרטירטע לעכער. שייני, דער מיסעס פלעכטס טעכטערל, ווען זי זאָל וויסן, אַז מ׳וועט זי צעהאַקן אויף שטיקער, וועט זי זיך נישט צורירן צום טיש, אַז ס׳וועלן נישט ליגן אויף אים עפּעס אַזוינע ווייסלעכע צעפּאַלענע שטיקלעך, וואָס אַז מ׳וויל — איז עס יאָ קעז, און אַז מ׳וויל איז עס כּמו קעז, — — — דער מיסעס פלאָכטס מיידעלע,ביידע סקול־קינדער, שטאָפּן די מאַמעס, ווי געוויינטלעך, מיט ווייסן פעטן קרים־קעז, וואָס טריפט פון אים איבער די פינגער... און זיי אַליין, די אַלטע ווייבער, האַלטן זיך ביים אַלטן היימישן ווייסן אויסגעקנאָטענעם קעז, וואָס דאָ הייסט ער — פאַרמערישער קעז".

ביים לייענען די פּרעסערישע שילדערונגען הייבט זיך אָן דרייען דער קאָפּ און מ׳ווייסט נישט צי געפינט מען זיך אין אַ יידיש־באַלעבאַטישער שטוב, אָדער גאָר אין אַ רעסטאָראַן... ווער זענען עס פון דער היים אָט־די פלעכטס, פלאָכטס און פליכטס? — ס׳רוב זענען זיי דאָך באַלעמעלאָכעס, געוועזענע קרעמער, אָפּגעקומענע סוחרים, מעקלער א. ד. גל. זאָגט זיך דאָך אין דער זעלביקער דערציילונג, וועגן דעם מיסטער פלאָכט דעם גראָבן זולל־וסובאניק, אַז אין דער היים איז ער געווען אַ טאַטנס אַ קינד און צו עלית התורה פלעגט מען אים ברייטלעך אויפרופן ר׳ צבי דוב ברב יצחק מאיר, אין דער „אַלטער" היים איז כּמעט ביי יעדן פון זיי אין שטוב גע־שטאַנען אַ ספרים־שענקל, וואָס האָט — אַזוי צו זאָגן — גייסטיק עמאַנירט אויף דעם משפחה־צונויפלעבן. אין דער יידיש־אַמעריקאַנישער שטוב אָבער עמאַנירט גאָר דער משפחהדיקער צוזאַמענלעבנס־כוח — פון דעם אָנגע־

פּאַקטן אייזבאַקס „וואָס שטייט ווי אַ מאָנסטער, אַ געשפּענסט מיט אַ גע־שוואָלענעם בויך ווי ביי אַ באָס, וואָס האָט עטלעכע הונדערט אַרבעטאָרער־אַרבעטן אויף זיך“...

בלאָזט טאַקע אַרום און אַרום אַ שוידערלעכע גייסטלאָזיקייט. מיר דער־קענען פּשוט נישט אונדזערע אַמאָליקע האַרציקע שטעטלדיקע יידן. וואָס איז פון זיי דאָ שפּעטער געוואָרן? — דער אויטאָר פּילט אָפּנים, אַז דער לייענער קאָן ווערן געפּלעפּט פון אַזאַ איינזייטיק געשילדערטער מגושׁשמדי־קייט. ער גיט דעריבער אָנצוהערן, אַז דאָ איז אַ רייד פון וועגן אַלטן טייל פון ניו־יאָרק, וואָס איז צומערסט באַזעצט פון די סאַמע ערשטע יידישע אימיגראַנטן, וועלכע זענען על פּי רוב באַשטאַנען פון אַ פּראָסטלעכן עלע־מענט. דאָ האָט מען געבויט ס'לעבן בליציק אין קעגנזאַץ צום „יינגערן“ ניו־יאָרק, וואָס האָט זיך שוין געבויט דערנאָך פּיל רואיקער און געזעצ־טער. דערביי גיט ער צו — „...זענען זיי דאָ אָבער אויך נישט וויניקער ווי יענע אָן דעם שיינעם פּנימל, פול מיט תורה“.



מיסטער פלעכט און מיסטער פלאָכט האָבן שוין מער נישט געקאָנט איבערטראָגן די וויטיקן פון מאָגן און נאָכמער די וויטיקן פון נישט קע־נען „אַריינכמאָליען“ אַ געבראָטן קאַטשקעלע אין מויל אַריין. זיי האָבן ענד־לעך ביידע באַשלאָסן גיין אין שפּיטאָל, זיך לאָזן אָפּערירן — „שניידט, טרייבערט!“ אָבער אין דער לעצטער מינוט האָט זיך מיסטער פלאָכט דער־שראָקן פאַרן מעסער און איבערגעלאָזט דעם מיסטער פלעכט אַליין אין שפּיטאָל. מיט געציילטע ווערטער גיט בימקאָ איבער די געשפּאַנטע שפּי־טאָל־אַטמאָספער, דעם שטילן געגיי אויף די שפּיצפינגער, ס'ווייסע אויס־אָטעמען, דערהויפּט די שווערע ריחות פון קאַרבאָל, יאָד, גאַז און כלאָ־ראָפאָרם און אויך דעם געשפּענץ פון מעגלעכן טויט, וואָס טראָגט זיך לויז־לעך איבער די שפּיטאָל־זאַלן.

אַריינדרינגלעך איז געשילדערט די סצענע פון ביקור־חולים אין שפּיטאָל. נאָך דער אָפּעראַציע זענען די קרובים און שכנים זיך צונויפגעקומען באַ־זוכן אין שפּיטאָל דעם חולה מיסטער פלעכט. צווישן די באַזוכער איז אויך געווען דער נישט דערגאַנגענער פּאַציענט מיסטער פלאָכט, וועלכער האָט מיט די אייגענע אויגן געזען ווי מ'דערלאַנגט דעם חולה אויף אַ טעלער

אַ ברוסטל פֿון קאַלבפֿלייש.מיט אַ וואָך צוריק איז דאָס פֿאַרן מיסטער פֿלעכט געווען איינפֿאַך סם־המות. מיסטער פֿלאַכט איז אַרויס פֿון די כּלים; הייסט עס, אַז ס'מעסער קאָן טאַקע מאַכן אַ סוף צו אַלע קרעכצענישן און מ'קאָן טאַקע מאַכן אַ סוף צו אַלע קרעכצענישן און טאַקע אויף אַן אמת זיך אונטערלענען ס'האַרץ מיט אַ סטייק... דאָס איז פֿאַר אים געווען אַ ווייטער חלום, וואָס איז דאָ פּלוצים געוואָרן אַ וואָר...

„דענצמאָל איז שוין ביי פֿלאַכטן געפֿלויגן פֿייער פֿאַר די אויגן, ס'פּנים געווען צעפֿלאַמט, העט איבער די אויערן און אונטער דער צונג אים געבריט די סלינע ווי זי וואָלט אים אויפֿגעקאָכט. — „הע? פֿיר יאָר האָט דער מענטש דאָס נישט גענומען אויף די ליפּן... געלעבט אויף וואַסער מיט מילך... צעמאַלענע קוקעריזי, פּלעוועס... אויפֿגעבלאָזענעם קאָרן... פּאַפּד־רייז, ווי זיי רופֿן דאָס... און נאָך ביי דעם אויך געהאַט פּלענטי צו זאָגן... און דאָ, אויפֿן פֿערטן טאָג זעט ער זיך שוין מיט אַ שטיקל קאַלב־ברוסטל, און דער מאָגן מוז מילטשען? איז ער דאָך נישט אין קיין שפּיטאָל, נאָר אין אַ גן־עדן!״ — — „ער וויל מע זאָל אים שוין אָפּערין! ער גייט ניש מער אַוועק פֿונעם האָספּיטאַל... ער בלייבט דאָ איבער...״

מיסטער פֿלעכט איז אַרויס אַ געהיילטער און מיסטער פֿלאַכט האָט זיך געלייגט אין שפּיטאָל־בעטל. די אָפּעראַציע איבער מיסטער פֿלאַכט איז אָבער געווען אַ שווערע, קאָמפּליצירטע; זיין צושטאַנד איז געוואָרן געפֿערלעך.

די פֿריינט פֿון חולה האָט מען דערלויבט צו יעדער צייט קומען אין שפּיטאָל. מיט קינסטלערישער וואָריקייט שילדערט בימקאָ די ערב־טויט סצענע פֿון מיסטער פֿלאַכט. זיין בעטל איז אַרומגערינגלט מיט פֿאַרצווייפֿלטע קרובים און שכנים; מ'שמועסט זיך אויס שטיל, בלחש, אויפֿן וואונק. דער חולה זאָל זיך, חלילה, נישט אָנשטויסן, אַז זיין לעבן איז אין סכּנה. ווידער דער שווער־געפּרואוווטער מיסטער פֿלעכט טרייסט אַלע מיט זיין מבינות־זאָגעריי: „ער ברויך נאָר איבערקומען די ערשטע דריי טעג". די אַרומיקע ווייסן אָבער, אַז דער קראַנקער דאַרף, נעבעך, האָבן גרויס רחמים. פֿלאַכט אַליין ווייסט נישט ווי ווייט געפֿערלעך ס'איז זיין לאַגע. מ'האָט אים מיט פֿאַרשידענע איינשפּריצונגען מעגלעך געמאַכט, אַז ער זאָל נישט פֿילן קיין יסורים, און ווידער פֿון די באַזוכערס רואיק־געמאַכטע פּנימער קען ער גאָרנישט אַראָפּלייענען... פֿונדעסטוועגן גייט פֿאַר אים אינערלעך אויף די טויט־וויזיע...

„זיין קאָפּ, פֿילט ער, אַרבעט אַ ביסל צו שאַרף, אויפֿגערוימט, פּונקט ווי ביי איינעם, וואָס גיסט אַריין אַ היפּש אָרנטלעך ביסל... נאָר דאָס מוז אַוודאי

זיין פון די אומצייליקע פלעשלעך, וואס מ'לאזט אים אַרונטער מיט די נאָד־לען ס'זאָל אים האַלטן ווי אונטערן גלעזל... און אַזוי צערוישט... אוז אפשר, ס'זאָל אויך אַוועקנעמען די יסורים?... ווי אַזוי קען מען דאָס אָבער דערגיין?... ווארן, אַז מ'קען צעשניידן און מ'זאָל נישט פילן, קען דאָך אויך ווי טאָן, — מ'זאָל נישט פילן. און אויב אַזוי, האָט דאָך טאַקע אַ ברירה נישט גוט צו זיין מיט אים...״

די ערב־טויט־וויזיע פון אַ קראַנקן איז דער סאַמע דערהויבנסטער און באַגלייך מיסטעריעזער מאָמענט אינעם מענטשנס לעבן. דאָס איז אַ מאָמענט, ווען מ'פילט ווי די לייב־געפעסן ווערן צעשטערט און פאַר דער פאַרבאָרגע־נער עסענציאַנעל־גייסטיקער נקודה עפנט זיך אַ וועג זיך צונויפגיסן מיט דער געאַנטער אייביקייט. דאָס איז אַ נישט־געזאָגטער וידוי, אַ נישט־געשרי־בענער חשבון הנפש פון די אָפּגעלעבטע יאָרן, וואָס לויפן איצט בליציק אַדורך דעם זכרון פונעם מענטשן, וועלכער האַלט זיך אין אויסלעשן. יעדער מענטש לעבט עס איבער אויף זיין שטייגער, לויט דער מדרגה פון זיין אינטעליגענץ, לויט דער הויך פון זיין גייסט. אין אָט־דער טויט־וויזיע שפיגלט זיך וועזנט־לעך אָפּ דער גאַנצער מענטש מיט אַלע זיינע אַדורכגעמאַכטע לעבנס־עטאַפּן.

טיף אין זיך שיידט זיך מיסטער פלאַכט זעליש מיט דער וועלט. אָט וואַרפט ער צאַרטע, שטומע בליקן אויף זיינע קינדער; ס'וואַרעמט אים ס'ערב־טויט־באַוואוסטזיין, אַז די שפורן פון זיין לעבן ווערן נישט אָפּגעמעקט. זיי־נע קינדער וועלן מיט זיין בלוט שפינען וויטערדיקע דורות און ער וועט זיך גייסטיק אין זיי איינוועבן, ממילא וועט ער מיט זיי מיטלעבן. באַלד בליצט ווידער ביי אים אויף אַן אַנדערער געדאַנק: אפשר איז דער טויט גאָרנישט אַזוי נאָענט ווי ס'ווייזט זיך אים אויס? און אפשר איז דער טויט בכלל נישט קיין יש נאָר הוילע איינבילדונג?... עפּעס דערגייען צו זיין געהער פלעכטס ווערטער וועגן דריי מעת־לעת, וואָס מ'דאַרף קענען איבערהאַלטן און נאָכדעם קומט די גענעזונג. „... איז ווי ווייט איז דאָס נאָך ביי אים אינגאַנצן ביז אויפן דריטן טאָג? מאָרגן אַרום צוועלף איז ער פעליק. וועלן פונקט זיין די צוויי און זיבעציק שעה ווי מ'האָט אים גענומען אויפשניידן... און ביז מאָרגן צוועלף דעם זייגער, הייסט עס, גייט דאָס אַלץ אויף אים — דאָס בייזקייט פון בלוט, דער געשריי פונעם שניט, אַלע שווערע כוחות... און נאָך צוועלף, כי־כע, אַז דאָס אַלץ וועט אים נישט האָבן בייגעקומען און ער וועט נאָך דאָ זיין, וועט דאָס אַלץ אָנהייבן גיין אויף צוריק...״ ער האַלט פאַרביסן מלחמה מיט די „ווערים״ און „שרצים״, וואָס זענען אים באַפאַלן. ער פילט זיך נישט

לגבי ווען מען עס איז שולדיק; דעם טויט — ווען ער זאָל אַפּילו קומען — באַטראַכט ער נישט ווי אַ שטראָף פֿאַר וועלכע ס׳איז זינד. ווען ער וואָלט געזונט געוואָרן, וואָלט ער ווייטער געלעבט ס׳זעלביק געגוספּול זולל־וסובאַ־דיק לעבן ווי ביז צו דער קרענק. „אַ שטיקעלע קאַלב־ברוסטל מיט אַ געבאַ־קענער, אויפֿגעבראַכענער קאַרטאָפֿלע, אַ מעליקע, אַז ס׳מעל וועט זיך פֿון איר שיטן, דערצו עטלעכע שטיקלעך גרינלעכע ספּאַראַגן...״ ווייטער שטייגט זיין פֿאַנטאַזיע „העכער״, ער זעט: שוואַרצן רעטעך, רומענישע קאַרנאַצלעך און גראַשיצע. מעדיצינער קאָנען דאָס אפֿשר לייכט אויסטייטשן ווי אַ פֿיזיאָ־לאָגישע רעאַקציע פֿון אַן אויסגעזויגענעם אָרגאַניזם. אָבער, ווען זיין נשמה איז אים שוין געלעגן אויף דער שפּיץ נאָז, האָט מען געקאָנט דערוואַרטן פֿון אים אַנדערע זעאונגען און אַנדערע האָפֿענונגען. מיט דעם האָט פּ. בימקאָ אינגאַנצן דעספּיריטואַליזירט דעם איסט־סיידער־מענטש און אים שרייבעריש פֿאַרזיגלט, ווי אַ מענטש, וואָס איז נישט איינגעוואָרצלט אין קיין שום גייס־טיקער ספֿערע. און ס׳איז דאָך פֿונדעסטוועגן נישט געמאָלט, אַז אַפּילו דער סאַמע פֿינצטערסטער ייד אויף איסט־סייד זאָל נישט פֿאַרמאָגן קיין וועלכעס איז יום־טוב־פֿינטעלע און נישט האָבן קיין שום זעלישע באַדערפֿענישן...



בימקאָ זעט די איסט־סייד איינזייטיק, געדיכט־טונקל אָן אַ ברעקל ליכט אָבער דערציילט וועגן דעם מיט אַ בייסיק שמייכעלע. אינמיטן דער טו־מלדיקער וועלט־שטאָט ניו־יאָרק איז אויסגעשניטן עפּעס אַ שוואַרצער קאָנ־טינענט, וואו מענטשן לעבן נאָר מיט די אינסטינקטן; מ׳דערלאָזט נישט צו זיך דעם מינדסטן שטראַל פֿון מענטשלעכקייט. אַלע זענען מיט רויע אימפּולסן אַריינגעטאָן אין הוילער גשמיותדיקייט. מ׳בוקט זיך אומאויפֿהערלעך פֿאַר זיין מאַיעסטעט דעם סטייק; ער איז איינער, און ווייטער קיינער... דער דורכאויס מאַטעריאַליזירטער באַנעם קומט צום אויסדרוק אויף אַלע געביטן, אַפּילו אויפֿן געביט פֿון טויט. דער טויט פֿון אַן אייגענעם שוידערט געווינטלעך אויף די נאָענטע און האַלט זיי אין מעגלעך לאַנגן טרויער. אויך אויף דער איסט שוידערט אויף דער טויט, אָבער דער אויפֿשוידער איז אַ בליציקער; ער פֿאַר־שווינדט נאָך גיכער ווי ר׳איז געקומען. פֿלאַכטס טויט האָט נאַטירלעך „אויפֿ־געוודערט״ די שכנים, שאַפּ־מיטאַרבעטער און די לאַנדסלייט. זיי זענען אַלע געקומען אין דעם א. ג. טויטן־הויז צו דער לוויה. אָבער בימקאָ זעט נישט

דעם חסד של אמת, וואָס די מלווים זענען געקומען אָפּגעבן דעם נפֿטר. ער האָלט אין איין בייסיק אונטערגראָבן זיך צו דעם עולם און איין דעמאַסקירן די צביעותדיקע „קדושה" פֿון די מלווים און אַפֿילו פֿון דעם א. ג. טויטן־הויז. ער זעט נישט אין ערגעץ קיין שפּור פֿון מענטשלעכן ערנצט.

„דער לוויה־עולם איז גאַנץ געמיטלעך צעשיט איבערן טראָטואַר, פֿאַר דעם געוועלב, וואָס איז נישט מער ווי דורך אַ צופֿאַל אַן אָרט פֿאַר טויטע און האָט אַלצאיינס אויך געקענט זיין אַ רעסטאָראַן. און ווער ווייסט אויב מ'וועט נישט מאָרגן־איבערמאָרגן דערפֿון אַרויסוואַרפֿן די פֿאַר בענקלעך, אַראָפּקראַצן די געלע, בלאָע,גרינע פֿאַרב מיטן מגן דוד פֿונעם פֿענצטערל און ס'וועט מגילגול ווערן אין אַ „וועדזשעטייבל מאַרקעט".

ס'קומט עפּעס אויס ווי דער עולם איז געקומען נאָר כּדי צו דערפֿילן אַן אומאויסמיידנדיקן „חוב" אַקעגן דעם פֿאַרשטאָרבענעם. מ'האָפּט ווי אַמ־גיכסטן זיך אָפּצופֿערטיקן דערמיט, און גיין געשווינד צוריק צו די ביזנעס. בעתן וואַרטן געציילטע מינוטן מאַכט מען אַ זויער פּנים און מ'הייבט אָן ברייטהאַרציק דעם טויטן נאָכזאָגן שבחים. אָבער ווען ס'פֿאַר־ציט זיך אַביסל לענגער, פֿאַרשווינד שוין דער טרויער ווי מיטן רויך. מ'הייבט אָן ווערן אומגעדולדיק און מורמלען, אַז דער פֿאַרשטאָרבענער איז גאָרנישט געווען קיין גרויסער צדיק, אַז מ'זאָל דאַרפֿן פֿאַרשוואַרצט ווערן ביי זיין לוויה.

„די שטייענדיקע אין דרויסן איז דערוויל נמאס געוואָרן צו שטיין. טאַקע פֿון איין שאָפּ, אַ גוטער שכן און אַ לאַנדסמאַן, אָבער דאָס קויפֿט אים נאָך אַלץ נישט אויס, אַז מ'זאָל צוליב דעם ברויכן פֿאַרשוואַרצט ווערן אַ גאַנצן טאָג. קיין רב איז ער דאָך נישט געווען! קיין שאלות נישט געפּסקנט. מ'האָט אָנגעהויבן אַרויסצוקומען צווישן זיך מיטן אמת אַזוי צו זאָגן דעם טויטן אין די אויגן איידער די ערד האָט אים נאָך צוגענומען. „וואָס פֿאַר צימעס קלערט מען דאָס פֿון אים צו מאַכן? מ'גייט אים איינפּעקלען אין זייערן? וואָס פֿאַר אַ שבחים מ'זאָל אים נישט נאָכזאָגן, וועט מען מער ווי אַן אָפּערייטאָר, אַפֿילו נאָכן טויט, פֿון אים נישט מאַכן — מ'זאָל אים אַפֿילו צערייסן אויף שטי־קער.... און צוליב דעם, וואָס מ'וויל אים איינרעדן אַ קרענק אין בויך, אַז ער איז געווען גרינג אויף דער האַנט, זיך געוואָרפֿן מיט אַן איבעריקן האַלבן טאָלער, ברויך מען מוטשען די וואָס לעבן נאָך? זיי האַלטן שעהן אויף דער

גאַס? ס'וועט דאָך אויסקומען אַראָפּצוגיין פֿון דער סעמעטערי גאָט דער לע־
בעדיקער ווייסט ווען״...

אַביסל מער מענטשלעכקייט ווייזט שוין אַרויס די יוגנט, וואָס איז נישט אַזוי פֿאַרגרעבט ווי די עלטערן. זיי פֿאַרהאַלטן זיך ווערדיקער ביי דער לוויה; שפּעטער באַמיט זיך דער יתום הערילע אויפֿן בעסטן אופֿן צו האַלטן ער־לעך זיין פֿאַראלמנהטע מאַמע. אָבער אויך צווישן דער יוגנט וואַרפֿט מען זיך פֿון מאָל צו מאָל איבער מיט ציניש פֿראַזעס. זי איז אַרבעטסלאָז, להוט נאָך אַ טאָלער און דאָס מאַכט זי אַביסל ציניש.

כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער גאַנצער דערציילונג איז איר אייגנאַרטיקער סוף. לויט איר ביזאַיצטיקן גאַנג, וואָס איז פֿון מאָל צו מאָל נישט פֿריי פֿון נאַטוראַליסטישער אוממיטלבאַרקייט, איז געווען צו דערוואַרטן, אַז זי וועט ענדלעך אָפּרייסן מיט איינעם פֿון אירע קרעפֿטיקע שטייגער־בילדער. פּונקט ווי מיר זענען אין איר אַריינגעטרעטן אָן אַן אָנהייב, וועלן מער זיך שיידן מיט איר אָן אַ סוף. דער לייענער האָט פּשוט נישט דערוואַרט צו באַקומען אַ וועלכן ס'איז „אידייאישן״ סך־הכּל. דער אויטאָר האָט אָבער לסוף געגעבן אַ בילד, וואָס זאָל קלאָר מאַכן דעם גרונט־געדאַנק פֿון דער דערציילונג .ער פֿאַרענדיקט מיט אַ סצענע אין אַ רומענישן קעלער־רעסטאָראַן. ביי די „צע־נעמענדיקע״ ריחות פֿון סטייקס, באַרוישונג פֿון שטאַרקן וויין, איינגעוויגט דורך אַ רומענישן וואַלאַך, האָבן זיך מיסטער פֿלעכט און מיסטער פֿליכט גע־לאָזט וואוילגיין מיט אַ לאַנגן סוף־דברדיקן שמועס.

פֿאַרן רומענישן אָפּערייטאָר גייט אויף ס'בילד פֿון זיין אַלטער היים, זיינע פֿאַרפֿלויגענע קינדעריאָרן צווישן וואַרעמע פּעטערס, מומעס, שוועסטער־קינדער און גלאָט קרובים. יאָ, ער געדענקט ווי מ'האָט זיך אין דער היים באַמיט זיס מאַכן ס'טרויעריק לעבן מיט חלומות וועגן אַמעריקע, וואָס וועט זיי ברענגען אַ הילף. דער רומענישער וואַלאַך און די פּאָר אויסגעבענקטע גלעזער וויין וועקן אין זיין פֿאַנטאַזיע בילדער פֿון זיין געבורטס־שטעטל, שכנים, קרובים, באַקאַנטע, וואָס זוכן זייערע באַגליקטע אַמעריקאַנער פּע־טערס. יאָ, זיי מיינען, אַז דאָ שאַרט מען גאָלד אויף די גאַסן, אַז דער טאָלער איז די ווירקזאַמסטע רפֿואה פֿאַר אַלע חולאַתן. נישט מער דער אַמעריקאַנער פּעטער· דער „מיליאָנטשיק״ איז אכזריותדיק אַריינגעטאָן אין זיין עשירות, האָט אינגאַנצן פֿאַרגעסן זיינע אָרימע קרובים. און דאָ זיצט ער גאָר מיט זיין „מיליאָנערסקן״ שכן אין רעסטאָראַן און לאָזט זיך וואוילגיין. אין זיין פֿאַר־

שיכּורטן קאָפּ גייט וויליאַמסבורג אַ טענצל מיט יאַס. ער דער אַרבעטסלאָזער אָפּערייטאָר, וואָס וואוינט אויפֿן פּינפֿטן שטאָק און לעבט פֿון דעם „רעליף״, זעט זיך גאָר אין אייגענעם דמיון ווי אַ רייכער אַמעריקאַנער פֿעטער, אַ גרויסער בעל טובֿה, טרייער פֿאַרזאָרגער פֿון זיין בידנער משפּחה אין אָרי־מען רומעניע. ס'דאַכט זיך אים, אַז אָט־אָט עפֿענען זיך די טירן פֿון לוסטיקן רעסטאָראַן און ס'וועלן זיך אַריינשלייכן זיינע רומענישע קרובֿים פֿול מיט טענות. אָבער ער וועט אַוועקנעמען די האַנט און אַלעמען איינטיילן הילף מיט דער פֿולער האַנט. ער זעט ווי ס'שפּאַנט אַריין:

„... די כאַליאַסטרע פֿון טאַטעס און פֿון דער מאַמעס צד, אַרומגעוויקלט מיט זעק און מיט טאָרבעס אויף די פּלייצעס... נאָר ווי דען אין אַטלעסענע יופּעס?... ער רופֿט יעדן פֿון זיי באַזונדער צו צום טיש. קודם־כּל אַ גלעזל... איידער דו מאַכסט נאָך אויף ס'מויל, יאַנטשע, קער איבער ס'גלעזל אין האַלדז אַריין! און דערנאָך, אַז ס'האָט דיר וואויל באַקומען, — מה בקשתך? ווילסט ראַטעווען אַ קראַנקן זון?... וואָס פֿעלט אים?... לונגען?... אַ האַרץ?... דאָ האָסטו אַ הונדערטער, אַ לענגלעכדיקן, אַן אויסגעצויגענעם, פֿרישן פֿר־נעם אויוון אַרויס... און נעם אים קיין בוקאַרעשט אָדער קיין ווין, יאָ, וואו מ'נעמט מער, — צו אַ דאָקטאָר... כ'וועל באַשטיין מיט וויפֿיל מ'וועט ברויכן און זען פֿאַר אים קריגן פֿרישע לונגען. לאָז אים אַריין שטעלן אַן אַנדער האַרץ... און דו, אַרטשע, מיט וואָס ביסטו געקומען, מיט אַ טאָכטער, אַ בוגרת?... כ'האָב מיר געריכט אויף איר, כ'זאָל אַזוי געזונט זיין... פֿאַר־וואָס האָט זי נישט געזאָלט אַלט ווערן, יאָ, דו ציסט דיין גאַנצע חיונה פֿון קלייבן שמאַטעס מיט ביינער?... גיי אַוועק מיט אים צום לאַנד־שדכן און לאָז איר שדכנען דעם בעסטן שידוך... פֿאַר וויפֿיל נדן מ'זאָל נישט הייסן געבן — הונדערט טויזנט לעי... אַ מיליאָן... מ'קען מיך דערמיט נישט אָפּ־שרעקן... זי האָט אַ פֿעטער אין אַמעריקע אויף גאָרעק סטריט און נאָך אויפֿן פּינפֿטן שטאָק דערצו צו דער בעק״.

די לענטע ציט זיך ווייטער־ווייטער וואָס אַ מאָל פֿאַרביקער; די ביל־דער זענען טראַגישע. זיי באַקומען ביי אים אַרויס אינעווייניקסטן טרויער. וואָס לייגט זיך אויף זיין פּנים מיט אַ בייסיק שמייכעלע. יאָ ער איז דאָ אַן אָפּערייטאָר דרייט ביי רעדל פֿון אַ מאַשין און ס'שיטן זיך פֿון איר רענדלעך, אימפּעריאַלן, גאָלד־שטיקלעך...״ די פֿאַנטאַזיע צעשפּילט זיך — ס'מעלדן זיך נאָך קרובֿים.

„...כ׳וועל דיך, ליובעניו, אויך נישט באַוואולהנען... ביסט דאָך דער מאַמעס אַ פּעטער, נייַן?... וואָס טוט דיר ווײ, אַ פוס?... ווילסט אויף אַ קוּ־ליעז?... פאַרוואָס האָסטו אויך נישט געזען צו האָבן אַ טאָכטער, אַ בוגרת?... וואָלט זי זיך אויך דערוואַרט אויף א מנה יפה און געקענט אָפּלעקן אַ בייג־דעל... ווי?... זי האָט זיך נישט געקענט דערוואַרטן און געוואָרן אַ הור?... סאָרי, מאַי באָי... נישט געקענט קומען פריער... געהאַט ביטערע סעזאָנען... — — — גיי לאָז דיר מאַכן אַ קוליע... און די בעסטע... לאָז דיר מאַכן צוויי — איינע אויף אין דער וואָכן און איינע אויף שבת, אַ שבתדיקע קוּ־ליע..."

אין אַט־די שענק־„פאַנטאַזיעס" איז פאַראַן אַ סך חשבון הנפש, הומאָר געפּאָרט מיט ביטערן סאָציאַלן פּראָטעסט. דער מיסטער פלעכטס קרעטשמע־ודזי, אויפגעקומען אין זיין מאַטעריעלער אומבאַהאָלפנקייט, האָט פיל מער טראַגישן אויסדרוק איידער דעם מיסטער פלאַכטס טויט־וויזיע אין שפּי־טאָל... אָבער ס׳נעמט אַ סוף צום „זיסן" חלומען, די וואָר רייסט זיך אַריין מיט געוואָלט. זיין בייזיצער, מיסטער פלאַכט, דערמאָנט אים, אַז ס׳איז צייט אויפהערן שוועבן צווישן די וואָלקנס; די וועלט איז אויך אַ וועלט, מ׳דאַרף פון איר הנאה האָבן. די דערציילונג ענדיקט זיך מיט מיסטער פליכטס אַן אויסערגעוויינלעכער אכילה־סצענע, ממש אַ פרעס־אָרגיע, וואָס דאַרף זיין אַן ענטפער אויף מיסטער פלעכטס הילפלאָזע געוויסן־פאַנטאַזיעס... מיסטער פליכט האָט זיך אַזוי שטאַרק איבערגעפרעסן, אַז צומאָרגנס האָט מען אים געפונען אַ קאַלטן אין בעט. די שכנים האָבן זיין פרעס־טויט אויפגענומען גוטמוטיק, שיער נישט מיט אַ ציניש שמייכל:

„ער האָט דאָס געמאַכט ווי אַ חכם. זיך פאַרשפּאָרט דרייען אַ קאָפּ מיט אַ האָספּיטאַל, מיט שניידן, מיט אַ נאָמבער, אַ רעסיט, מיט נאָדלען, מיט דאָופּ און סתם רפואות".

ביים לייענען „איסט־סייד" זעט מען באַשיימפּערלעך די געדיכטקייט מיט וועלכער דער אויטאָר ברענגט אַרויס די גאַנצע פּאַסקודסטווע פון דאָרטיקן לעבן. אָבער אין דער זעלביקער צייט פילט מען אויף די אייגענע ליפּן דעם אויטאָרס שמייכעלע. מאָמענטנווייז קאַריקאַטוריזירט ער אַפילו זיינע פּאַרשוינען, כדי דורכן שקצישן שאַרזש בולטער צו מאַכן זייער גאָט־לאָזיקייט. יאָ, מענטשן פרעסן דאָרט טאָקע עפּעס חוץ לדרך הטבע, אָבער

דאָס איז אַ סימן נישט נאָר פֿון גייסטיקער נאָר אויך פֿון מאַטעריעלער ביד־נעקייט. ס'לעבן איז אַזוי פּוסט, אַז ס'גאַנצע דאַברע־מזל לייגט מען משטיינס־געזאָגט אַריין אין דער אכילה.

„פֿליכט האָט נישט געקוקט קיין גליקן. דער פּראָפֿעסאָר האָט ביי אים גע־אַרבעט מיט די הענט און מיט די פֿיס. איינע האָט די אַנדערע געזען אַרויס־צוהעלפֿן... ער איז געשטאַנען איבער אים, דער זולל־וסובא, ווי אַ הייצער מיט אַ שאָפֿל ביים צעגליטן אויוון פֿון אַ קעסל אויף אַ שיף, און וואָס ס'איז אַרויפֿגעקומען אויפֿן טיש — איז עס אַריין! אַ סטייק — אַריין! אַ גראַשיצע — אַריין! אַ פֿלעשל סאַטוירן, ווייס ווי קרישטאָל — אַריין! ער האָט גאָרנישט געהאַט אַזאַ גרויס מויל און עס איז אויך נישט געווען אַזוי ברייט צעעפֿנט. עס האָט זיך בלויז געזען אַ שמאָל שפּעלטעלע ווי ביי אַ פֿיש. — פֿאַר די ברעקלעך, וואָס ער האָט בנעמותדיק געשניטן מיט אַ קאַלטע לונג־און־לעבער פֿון די פֿליישן...”

ס'זענען אין דעם פֿאַראַן אַלע עלעמענטן פֿון קאַריקאַטור און דער־הויפּט פֿעדעמען זיך די הייס־פֿאַרכאַפּנדיקע פֿרעסערישקייט און ס'קיל־גע־לאַסענע שלונגען נישט לשם שטילן דעם הונגער, נאָר לשם דער קונסט פֿון עסן, וואָס איז בעצם אַ זאַך, וואָס פֿילט אויס אַ גרויסע צעגעניצטע ליידי־קייט. דער קאָמישער טריומוויראַט פֿלעכט־פֿלאָכט־פֿליכט קומט זיך „האַר־מאָניש” צונויף אויפֿן באָדן פֿון מאָגן־פּסיכאָלאָגיע. פֿון דער זייט גענומען איז טאַקע „איסט־סייד” אַ טראַגיש לוסט־שפּיל, וואָס טרויעריקער אַלץ — הייטערער.

פּ. בימקאָ איז אַן אורשפּרינגלעכער טאַלאַנט, אָבער נישט אַלעמאָל גייט עס ביי אים געפּאָרט מיט געזונג ליטעראַרישער קולטור. אין זיין צומאָל פּרימיטיוון צוגאַנג צום שילדערן געשעענישן, דערמאָנט ער נישט איינ־מאָל אין י. מ. וויַסענבערגן. ס'איז דעריבער נישט קיין חידוש, וואָס וויסנ־בערג האָט זיך עפּנטלעך וואַרעם אָפּגערופֿן אויף בימקאָס ערשטן באַנד דער־ציילונגען „רעקרוטן”. צוו. אַנד. האָט דערוועגן וויסנבערג געשריבן: „... עס ווערט אָבער דערפֿאַר נישט וויניקער מערקווירדיק דאָס בוך ווי אויך דער ייִנגער אויטאָר פּ. בימקאָ. מיר האָבן אין אים אַ שיינעם, קרעפֿטיקן און נאַ־טירלעכן טאַלאַנט. איך זאָג דאַדורך נאַטירלעכער, ווייל עס זענען שטענדיק דאָ ביי אַלע פֿעלקער און אויך ביי אונדז — נישט נאַטירלעכע...” (יידישע

זאַמלביכער״, ז. 79). ווייסנבערג אָנערקענט, אַז בימקאָס רעאַליסטיש שיל־דערן איז איינגעהילט אין דעם „וואָס מען רופֿט קינסטלערישע לופֿט״ (דאָרט).

יאָ, אויך די איסט־סיידער שילדערונגען פֿאַרמאָגן קינסטלערישע אָט־מאָספֿער און אויך דאָ קומט צום אויסדרוק בימקאָס נאַטירלעכער טאַלאַנט. אָבער דער דוחק אין אינטעלעקטועלן עלעמענט פֿאַרשמעלערט אַביסל בימ־קאָס טעמאַטישע האָריזאָנטן.

י. מ. ווייסנבערג איז געווען אַ פרימיטיווער פֿאָלקסמענטש, זיין קינסט־לערישע סטיכיע איז אים געשטיגן איבערן קאָפּ. ער האָט זיך צו אַלעם באַ־צויגן מיט חשד, קיינעם נישט געטרויט און תּמיד געזוכט דעם אונטערשלאָק פֿון יעדער זאַך. וועה ווייסט צי מ׳וויל אים נישט דאָ אַמאָל מיט עפּעס אָפּ־נאַרן, פֿירן אין באָד אַריין. ער האָט זיך נישט געלאָזט באַגנוגן מיט דרויסנ־דיקער דעקאָראַציע, שטענדיק געוואָלט דערגיין וואָס עס טוט זיך אונטער די קוליסן. מיט אַ באַזונדערער הנאה האָט ער דעמאַסקירט די „פֿאַרפּוצטע״ וועלט, אַרויסגעבראַכט איר באַהאַלטענעם שמוץ. מיט אַ ספּעציעלן פֿאַרדאַכט האָט ער זיך באַצויגן צו באַלעבאַטישע לייט און דערהויפּט צו אינטעליגענטן, צו די לייט „וואָס קאָנען גוט אין די ביכער״. זיין שנאה צו די באַלעבאַטישע „לייטלעך״ און „אינטעליגענטלעך״ שטאַמט מסתּמא פֿון אַ דערוויַיל נאָכנישט אויפֿגעקלערטן קאָמפּלעקס. ס׳איז אָבער צו גלייבן, אַז ביים אויפֿדעקן ס׳אינעווייניק פֿאַרדאַרבן לעבן ביים באַלעבאַטיש ווייבל דבורהלע, ביים חסידישן ייִד ר׳ יואל און דעם וואוילקענעוודיקן ייִנגערמאַן אין דער „טיפֿער איבּיקייט״, באַקומט ווייסנבערג אַן ערגעצדיקע פּסיכישע קאָמפּענסאַ־ציע...

אויך פּ. בימקאָ, ווייסנבערגס תּלמיד, איז אַ פֿאָלקסשטאַמיקער שריי־בער, אַ נאַטירלעכער טאַלאַנט, און נישט איינמאָל וואַקסט זיין קינסטלערי־שע סטיכיע אים אַריבער. ער באַציט זיך מיט אַ נאָך מער פֿאַרשאַרפֿטן חשד צום אַרום. אויך ער גלייבט נישט אין דעם, וואָס מ׳וויזט אים, ער וויל מיט די אייגענע אויגן זען דעם אונטערשלאָק — ס׳איז ביי אים ממש אַ שריי־בערישע פּאַסיע צו דעמאַסקירן די וועלט פֿון שווינדל און אָפּנאַרעריי. און ער טוט דאָס מיט גרויס שרייבערישער הנאה און צומאָל מיט אַ וואולגאַר וואָרט, שפּירנדיק דערביי, אַז ער דערפֿילט אַ גרויסן סאָציאַלן חוב. ס׳טרייבט אים דערצו זיין ערלעך געפֿיל פֿאַר גערעכטיקייט. להיפּוך צו ווייסנבערגן דעמאַסקירט ער נישט בלויז די „פֿיינע לייטלעך״ און כּלערליי „אינטעלי־

גענטלעך", וואָס ווילן רייטן אויפֿן רוקן פֿון דעם פֿאָלקסמענטש. פֿאַרקערט ער דעקט אויף די מאָראַלישע צעפֿוילטקייט גראָד פֿון פּראָסטן מענטשן, פֿו־נעם פֿאַרגרעבטן פֿאַרשוין, וואָס האָט זיך מיט זיין ווילדקייט ברייטלעך צע־לייגט אויבן־אָן. ער וויל דווקא אויסרייניקן ס'שמוץ פֿון די אייגענע רייען; אַרויסברענגען די רשעות, ציניזם און טעמפּקייט פֿונעם שאַפֿ־אַרבעטער, וואָס וויל נישט זען ווייטער פֿון דער אייגענער נאָז. און פֿאַרקערט ווייזט ער גאָר אַרויס גרויס דרך־ארץ פֿאַרן ערלעכן אינטעליגענט. ער שילדערט זייער סימפּאַטיש דעם איינציקן אידעלן אינטעליגענטן אַרבעטער, וואָס קען נישט פֿאַרטראָגן די מאָראַליש־פֿאַרדאָרבענע שאַפֿ־אַטמאָספֿער. ער רעדט מיט וואַרעמקייט וועגן בעני, וואָס האָט איבערגעריסן מיטן שאַפּ, וועגן דעם זעלביקן בעני, וואָס די שאַפֿ־אַרבעטער האָבן פֿאַרשריגן ווי אַ לעקעשע־וואַטן בטלן, ווי אַ... „קאַרל מאַרקס" פֿון דער אַנדערער זייט...

ס'וואָלט געווען אַ סך בעסער, ווען פּ. בימקאָ זאָל ביי זיין טאַלאַנטירט־קייט אויך וויסן דעם סוד פֿון צימצום. טאַלאַנט שטאַמט שפּראַכלעך פֿונעם גריכישן וואָרט — טאַלאַנטאָן — ס'צוגעוואויגענע. נאָר דעם טאַלאַנט איז אַנטפּלעקט געוואָרן די מאָס און וואָג פֿון וואָרט. וואָס קולטיווירטער אַ טאַ־לאַנט איז, אַלץ מינער לאָזט זיך דער שרייבער באַהערשן פֿון איבערפֿליסיקן וואָרט, מכל־שכן פֿון שרייבערישער באַרעדעוודיקייט.



בסך־הכּל מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק איז ס'יידיש לעבן אין אַמעריקע דערגאַנגען צו אַ היסטאָרישן קרייצפּונקט. מ'איז לפּנים געשטעלט געוואָרן פֿאַר אַ נסיון: צי זאָל מען ווייטער פֿלעגן די אַלטע יידישקייט, וואָס מ'האָט אַריבערגעבראַכט פֿון דער אַלטער היים און איר נאָר צוגעבן נייע לעבנספֿאָרמען, אָדער פֿאַר יעדן פּרייז זיך גייסטיק פֿאַרזעלבסטשטענדיקן אויפֿן אַמעריקאַנער באָדן? איידער מ'האָט זיך אַליין געגעבן דעם ענטפֿער, האָט זיך שוין אין דער לופֿט געשפּירט אַ געדראַנג ווי אַמגיכסטן זיך צו באַפֿרייען פֿון די „אַלטפֿרענקישע” איינפֿלוסן, וואָס קומען פֿון יענער זייט ים. דער ייִנגער דור איז געוואָרן אָפּגעפֿרעמדט פֿון דער טראַדיציאָנעלער יידישקייט (עפּעס וואָס דערוועגן גענאַשט פֿון די לערביכער), און פֿון דער נייער יידיש־וועלטלעכער קולטור האָט ער לכתּחילה נישט באַקומען אַפֿילו אַ לעק. די אַרויפֿגעאַרבעטער עלטערן ווידער האָבן זיך אָנגעהויבן פֿאַרקוקן אויף זייערע קינדער און פֿון שלום־בית־וועגן האָט מען זיך כּסדר צוגעפּאַסט צו די קינדער און ממילא געוואָרן גייסטיק אויסגעליידיקט. די יידישע היים האָט פֿאַרלוירן איר אַלטן לעבנס־נוסח און דער אַלגעמיין־יידישער שטייגער איז געוואָרן סנאָביש סטיללאָז.

איז געקומען די צווייטע וועלט־מלחמה מיט איר אַלע גרוילקייטן. ס'האָבן פּלוצים אָנגעהויבן קומען ביטערע ידיעות וועגן די ווילדעסטע מיתות משונות, וואָס די דייטשישע רוצחים טוען אָן די יידן אין פּוילן, ליטע און רוסלאַנד. האָט דאָס מיטאַמאָל אויפֿגעוועקט די שטים פֿון יידיש בלוט. מ'האָט דערזען דעם אייגענעם עלנט און דערשפּירט אַן אינסטיקטיווע נייטיקייט זיך גייסטיק אָפּצושיידן פֿון דער „גויישער” וועלט און אַריינטרעטן אין אייגענעם יידישן „איך”, וועלכן מ'האָט שוין געהאַט בידים פֿאַרטאַכלעוועט...

מיט דעם מאָמענט, וואָס די פֿאַרייניקטע שטאַטן זענען אַריינגעטרעטן אין דער מלחמה, איז פּלוצים דער מאַטעריעלער וואוילשטאַנד אין אַמעריקע געוואָרן באַדייטנדיק בעסער. ס'איז איבערנאַכט אויפֿגעקומען אַ גאָלד־פֿיבער; מ'האָט זיך טייוולאָניש געיאָגט וואָס פֿולער אויסצונוצן די מלחמה־„פּראָספּעריטי”. אָבער באַגלייך מיטן טאַנצן אַרום דעם עגל הזהב האָט מען אויך אין דער שטיל געוויטיקט איבער דעם שוידערלעכן חורבן פֿון

ייִדישן לעבן אין אייראָפּע און זיך געטרייסט דערמיט, וואָס די אייגענע זײַנען געפֿינען זיך אויפֿן מלחמה־פֿראָנט און נעמען מיט געווער אין האַנט נקמה פֿאַר דעם אומשולדיק פֿאַרגאָסן ייִדיש בלוט. אויפֿן אונטערגרונט פֿון אָטדי מלחמה־איבערלעבענישן און אויפֿגעוועקטע ייִדישע שטימונגען איז געבויט פּ. בימקאָס גרעסערע דערציילונג א. נ. „דאָ און דאָרטן" (פֿאַרעפֿנטלעכט אין „זאַמלביכער" 7, ניו־יאָרק, 1948).

אויך דאָס מאָל ברענגט פּ. בימקאָ בילדעריש אַרויס די גײַסטיקע פּוסטקייט פֿון ייִדיש־אַמעריקאַנישן לעבן, דעם דוחק פֿון אויפֿריכטיקן מיטגעפֿיל מיט אונדזערע ברידער אין אייראָפּע און נאָכמער — ס'בלינדע יאָגן זיך נאָך עשירות. אויף דעם פֿיבער־וועג צו רײַכקייט פֿאַרלירט מען אַלדאָס בעסטע, וואָס מ'האָט אַהערגעבראַכט פֿון דער אַלטער היים.

דער עלטערער דור האָט געזיפֿצט איבער דעם גרויסן ייִדישן אומגליק אין אייראָפּע, און פֿונדעסטוועגן לכתּחילה נישט געוואָלט, אַז אַמעריקע זאָל אַרײַנטרעטן אין דער מלחמה, אַז ס'פֿײַער זאָל זיך אויך אַריבערכאַפּן אַהער און, חלילה, צעשטערן די אײַנגעפֿונדעוועטע שלווהדיקע פּאָזיציעס. דערפֿאַר דער ייִנגער דור, וואָס איז פֿון קינדווײַז אָן געווען ווײַט פֿון ייִדישקייט, און איז מיט גאָרנישט געווען פֿאַרבונדן מיט דער אַלטער היים, איז געוואָרן פֿלוצים אָנגעצינדן, אַרויסגעוויזן אַ סך ייִדיש מענטשלעכן שטאָלץ און ממש געברענט מיט מלחמה־דאָרשט.

„אַזוי ווי שמחה בינעם מיט ווײַב האָבן געחלשט (און ווער נישט?), אַז דאָס פֿײַער פֿון דער מלחמה זאָל זיך דאָרט לעשן און נישט דערגרייכן צו די היגע ברעגעס, — אַזוי ווידער האָט דער זון זייערער, סעמעלע, געברענט, אַז ס'זאָל זיך יאָ עפּעס דאָ פֿאַרקאָכן און ער זאָל ברויכן צוטאָן אַ האַנט. ווער־ווער, אויב נישט ער? ער איז יונג און קאָן אָפּשטופּן אַ מויער, אַז ער זאָל זיך אָנשפּאַרן אין איר מיט אַן אַקסל. ווען ער דאָ שטיין מיט די יונגען אויפֿן ראָג גאַס, וואַרפֿן דעם אויף יענעם, יענעם אויף דעם און אַזוי הויך לאַכן, אַז מ'זאָל הערן אויף די גאַסן, ווען מ'שלאָגט ייִדן? ווען ייִדיש בלוט גיסט זיך ווי וואַסער. האַלטן אָפּן ס'מויל און דאָס אַזוי אַראָפּשלונגען? אויף וואָס איז ער דאָ אײַנגאַנצן דאָ? דאָס דאַרף דאָך זײַן זײַן מלחמה! אײַ, וואָס דער טאַטע זוכט אים אַראָפּצוקלאַפּן פֿון די פֿליגל—„דער גרויסער פֿלאַקןשיסער מײַנער, ער וועט זיי דערציילן אַ מעשה!" כאָטש ער אַליין איז אויף דער חתונה. ער האָט דאָרט אַלע זײַנע ברידער, אַ שוועסטער מיט זייערע קינדער, שאָף און רינדער, נאָר אפֿשר איז ער אים ליבער און וויל אים

צוליב זיי נישט איינשטעלן? ווער קען אַריינקריכן צו אַ טאַטן אין האַרץ אַריין? וויסט ער דאָך פֿון איינעם, וואָס אַ קינד איז אים, נישטאָ געדאַכט, געשטאָרבן, האָט ער מער געוויינט נאָכן קינד ווי ווען דער טאַטע מיט דער מאַמע זענען ביי אים אַוועק. וואָס איז דאָ צו רעדן? מ׳קאָן אַ סך וויסן וואו דער ריס איז גרעסער? און פֿאַרוואָס זאָל ער אים יאָ וועלן ריזיקירן? זיי וועלן זיך אַ סך דערשרעקן פֿאַר די ברייטע אַקסלען זיינע? וואָס איז זיך דאָ צו נאַרן? ער האָט אַ ברירה נישט צו האָבן די וועלט און נישט יענע — ביידע וועלטן. אים, חלילה, פֿאַרלירן און זיי דערמיט קיין טובה נישט טאָן. ר׳וועט זיך דאַרפֿן אויפֿעסן אַ לעבעדיקן״.

אָט־די דערציילונג, וואָס צייכנט זיך אויס מיט אַ מער געלייטערטער בילדערישער פּראָזע, איז ווידער אַ פֿאַרמעסט צו שילדערן נישט אַזוי וויט דעם דרויסנדיקן גאַנג פֿון די געשעענישן, ווי די אַלגעמיינע אַטמאָספֿער, די מלחמה־לופֿט ווי אויך ס׳אינעוווייניקסט יידיש צאַפּלען זיך און רעאַגירן אויף די אויסטערלישע שיקזאַל־ברעכונגען, וואָס רייסן זיך איבערגוואַלט אַריין אין היסטאָרישן גאַנג פֿון אונדזער אומה איבער דער וועלט.

קודם־כּל רעאַגירט דערויף די אימפּולסיווע יוגנט. די פּלוצים אויפֿגעוועקטע יידישע יוגנט לעבט איבער אַ גייסטיקן קריזיס. די אכזריותן, וואָס די וועלט ווייזט אַרויס לגבי יידן אין אייראָפּע, מאַכט מיטאַמאָל צונישט די פֿאַרביקע חלומות וועגן מעגלעכן יידישן צונויפֿגיסן זיך מיט די אַרומיקע פֿעלקער. מ׳דערשפּירט די וויסטע לײדיקייט, וואָס האָט גענומען בלאָזן פֿון אומעטום און מ׳הייבט אָן זוכן אַ וועלכן ס׳איז אָנשפּאַר־פּונקט אין דער אייגענער יידישער סביבה, פֿון וועלכער מ׳האָט זיך ביז איצט געהאַלטן אין איין דערווייטערן. פֿאַראיינס דערגייט שוין צו אַ טיפֿערן חשבון הנפֿש, פֿון וועלכן ס׳בליקט אַרויס די אינעווייניקסטע צעריסנקייט פֿון אַ דור, וואָס איז צוליב אַ פֿאַרליגנערישטער דערציאונג געוואָרן גייסטיק אויסגעוואָרצלט. ס׳קומט אויס ווי דער יינגער פֿאַרלייכטזיניקטער דור האָט מיטאַמאָל דערשפּירט אַ זעלישן הונגער, מ׳הייבט אויף אַ רעוואָלט קעגן דער עלטערנס גאַטלאָזיקייט און מען מאָנט אָן אייגענעם לעבנס־תּוכן. בפֿרט לאָזט זיי נישט רוען ס׳קאָשמאַרע בילד פֿון יידישן אומקום אין אייראָפּע. זיי פֿילן צוליב דעם אַ פֿאַרשעמונג; אַלע איינגעשפּייכלערטע כּוחות שפּאַרן זיך אויסצושטרעקן אַ הילפֿס־האַנט די אומגליקלעכע אויף יענער זייט ים.

„סעמעלע איז פֿאַרביסן. ער וואָלט זיך גערן געלייגט שלאָפֿן און אויפֿ־

כאַפּן דאָרטן וואו זיי זענען. זיך אָוועקשטעלן צווישן זיי, אויסשפּרייטן די הענט און זען — ווער ס׳וועט צוגיין עפּעס שלעכטס טאָן זיינע יידן. ס׳זאָל אימיצער אויף זיי אויפהייבן אַ האַנט! ער קען ווייניק די יידן דאָרטן. פון־וואַנען זאָל ער זיי קענען? נאָר פון הערן זאָגן, פון דעם וואָס דער טאַטע זאָגט און די מאַמע זאָגט זאָלן יענע יידן זיין די סמעטענע, און די היגע דאָ די זויערמילך. אויף יענע יידן זאָל זיך האַלטן די וועלט. און איצט, אַז מ׳וועט זיי אומברענגען — אויף וועמען וועט זי זיך האַלטן? עס אַרט אים נישט, אַז זי וועט זיך מער נישט האַלטן, אַז זי וועט זיך דאַרט, אנשטאט אויף די יידן, — האַלטן אויף די דאָרטיקע גויים. אָבער וואָס פאַר אַ וועלט וועט דאָס זיין? נישט קיין יידישע! דאַרף ער זיך דאָך גיין שלאָגן פאַר אַ יידישע וועלט, אַז ס׳זאָל בלייבן אַ יידישע וועלט. וואָרעם, אַז די יידישע וועלט וועט זיך נישט האַבן מער אויף וואָס צו האַלטן, וועט זי איינפאַלן. ס׳וועט בלייבן אַ גוישע וועלט, וואָס וועט ער טאָן אויף אַ גוישער וועלט?

פאַר אַן אַמעריקאַנער בחור איז אָבער דער וועג צו זיך דער סאַמע שווערסטער. ער האָט נישט פונוואַנען צו שעפּן קיין יידישע לעבנסזאַפטן, וואָרן אַרום און אַרום איז אַלץ געפּעלשט און פאַרליגנערישט. ס׳נאַציאָנאַ־לע איז ביי אים דערוויל אַ בלינדער באַגער, וועלכן מ׳דאַרף ערשט גע־דאַנקלעך באַלייכטן. זוכט ער כּלערליי וועגן זיך צו דערשלאָגן צום שורש־דיקן פינטעלע פון דער ירושה־יידישקייט, וואָס ער טראָגט אין בלוט.

„איז ער קיין ייד נישט? אפשר נישט אַזאַ ייד ווי זיין מאַמע זאָגט — אַז ער זאָל גיין אין שול אַריין און האַלטן שבת. אַז דער טאַטע זיינער גייט נישט און האַלט נישט פון אים, שטייט פרייטיק־צו־נאַכטס און אויף צו־מאָרגנס, שבת — אַ גאַנצן טאָג אין געוועלב... שבת איז דער בעסטער טאָג, די גאַנצע וואָך האַלט זיך אויפן שבתדיקן טאָג — וועט ער אים אָוועקגעבן דער שול? משוגע! און אפשר שטייט ער, ווייל ער מוז שטיין? אַ נישט, וועט קיין געוועלב נישט זיין? די געוועלבער זענען אַזוי געדיכט, אַז זיי קוקן נאָר אַרויס אויף דעם, אַז ער זאָל משוגע ווערן און דאָס צומאַכן; עס וועט זיי אַריינפליען אַ געבראָטענע טויב אין מויל אַריין".

ס׳ראַנגלען זיך צוויי דורות, צוויי מענטאַליטעטן. דער פאָטער שמחה בינעם איז דורכאויס סוחריש, הענדלעריש, ער האַלט אין איין סדרן אין געוועלב די שאַכטלעך, קענדלעך און זעקלעך. מיט שרעק פרעגט ער אויס יעדן קונה, צי ס׳איז אמת, אַז אַמעריקע וועט אינגיכן, חלילה, אַריינטרעטן אין דער מלחמה. ער קאָן דורכדעם, באַהיט גאָט, נאָך אַראָפּ פון מעמד. זיך

יאָרנלאַנג מיט מי און מאַטערניש אויסגעבויט אַ שיינע קראָם מיט אַ נישט־קשהדיקן פדיון, און דאָ זאָל מען גאָר גיין אין מלחמה... ווידער דער זון סעם האָט גאָר אַנדערע טראַכטענישן — ער זעט ברייטער און אויך ווייטער. די נישט־יידישע דערציאונג האָט אין אים פאַרפלאַנצט רעספּעקט צו פיזישן כוח און ווי נאָר די מלחמה איז אויסגעבראָכן האָט ער זיך שוין געזען ווי אַ זעלנער. ס׳האָט צו אים געשמייכלט ס׳בילד פון דער מאַרשירנדיקער אַר־מיי, דער אָפּהילך פון ריטמיש־זעלנערישן טראָט. און אָט־די גראָב־זעלנע־רישע ענערגיע וויל ער פאַרווענדן פאַר אַ מאַטאָר, וואָס דאַרף פירן צו ליכ־טיקע וועגן, צו פאָלקס־אויסלייזונג. ער וויל אָפּוואַשן די בלוט־פלעקן פון זיינע פאַרשעמטע ברידער. עס אַפּעלירן צו אים אַלט־היסטאָרישע פּאַטענצן, וואָס זענען נאָכנישט אַקטואַליזירט געוואָרן. אַ שטים פון די הימלען רופט צו אים: — „שטעל אויף די פלייצעס, אייניקל פון די חשמונאים — פאַר זייער קיום און פאַר זייער תּורה. זייער קיום איז אויך דיינער, זייער אָטעם איז אויך דיינער. דו אָטעמסט מיט זייער אָטעם. און אַז זיי וועלן נישט האָבן מיט וואָס צו אָטעמען, וועט ער דיר אויך אויספעלן״.



דער עלטערער דור איז געקומען קיין אַמעריקע אָנגעפּראָפּט מיט שטעטלדיקער יידישקייט און איז דאָ אינגאַנצן אויסגעוועפּט געוואָרן. ער האָט זיך פולשטענדיק איבערגעגעבן דעם געיעג צו „מאַכן אַ לעבן״ איצטער מאָנען די קינדער ביי די עלטערן יידישן תּוכן, אָבער די עלטערן האָבן אַליין נישט וואָס צו געבן זייערע קינדער... זייער אייגנטלעכער ציל פון קומען קיין אַמעריקע איז דאָך געווען — מאַטעריעל זיך אַרויפצואַרבעטן און נאָכדעם מאַכן די קינדער פאַר „לייט״ לויטן אַמעריקאַנער נוסח. און דאָס איז זיי צו־מערסט געראָטן.

די מלחמה איז אויסגעבראָכן, די וועלט איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט פלאַמען, און פאַר אונדזערע יידעלעך (געזונט זאָלן זיי זיין!) האָט זיך ווידער געעפנט אַ מעגלעכקייט צו לאָזן אין האַסטיקערן גאַנג דעם ביזנעס־מאָטאָר. בימקאָ איז אין דעם פאַל געטריי זיך זעלבסט. ער האָט נאָך בעת דער ערש־טער וועלט־מלחמה אין זיינע נאָוועלן פאַרביטערט דערציילט ווי אַזוי אַ גע־

וויסער מין „יידעלעך" אין פוילן האָבן זיך קנאַפּ־וואָס איבערגענומען מיט דער וועלט־שריפה און זיך איינגעאַנצן אַריינגעלאָזט אין די ווילדע מלחמה־געשעפּט־לעך. היינט איז דאָך אַן אַנדערע מלחמה; עס שטייט אין קאַן די וויטערדיי־קע עקזיסטענץ פון אונדזער פאָלק. דער זון סעמעלע איז געגאַנגען וויזן גבירות אויפן שלאַכטפעלד, און דער טאַטע פירט דאָ סטראַטעגיע אויפן פעלד פון מסחר. ער איז געוואָרן איינרייסעריש.

„שמחה בינעם האָט זיך איינגעגעסן אין געוועלב, וואָס האָט אויפגע־לויכטן מיט יעדן שאַכטעלע, אין וועלכן ס'זאָל נישט זיין קיין זאַלץ, קיין אַרבעס, נאָר ברילאַנטן. נאָר אַ משוגענער האָט געקאָנט אויסטראַכטן, אַז ער האָט אַ שפּייז־געוועלב. וואָס גייט אים אָן נאָך ווי אַ שאָטן פון זיין טאַטן, פון זיין יידן און איז ווי אַ ריפּ פון זייער לייב. אַז ער האָנדלט גאָר מיט ברילאַנטן. טיי, קאַווע, אייל — דאָס זענען אַלץ ברילאַנטן".

שמחה בינעם איז נישט קיין אויסנאַם, אַלץ איז דאָ אַרומגעכאַפּט מיט אַ וואַנזיניקן ביזנעס־געיעג. זיינע נאָענטע לאַנדסלייט, ישראל דעם וואַל־קערזשס, לייב קירזשנער און איטשע ברוך דער שניידער האָבן איצט אויך „אויפגעמאַכט אַן אויג". פריער איז ביי זיי געווען בלויז גרויס דער יצר־הרע פון עסן. איצטער אָבער איז אויך גרויס געוואָרן די תאווה צו קליידער, פוטערוואַרג, צירונג און הייזער. מ'האָט זיך איצט, אין מלחמה־צייט, געזוכט אָפּצונעמען אַלטע עוולות. ביי אָנקוקן יעדע זאַך ווערן די אויגן גרויס און זוכן אַלץ איינצושלונגען. מ'זאָגט פון זיך אַרויס ס'חיות איינצושאַרן וואָס מער טאָלערס... אין דעם געטומל זענען נישט צו יעדן איינעם דערגאַנגען די בלוט רופן פון פוילן. אמת, מ'האָט זיך צונויפגעזאַמלט ביים פייערן דעם אָנדענק פון אַ געפאַלענעם זון אויפן מלחמה־פראָנט. מ'האָט אויסגעהערט פייערלעכע פאַטריאָטישע דרשות, באַטראַכט און באַוואונדערט דעם גאַל־דענעם שטערן, אָבער פיל ווייטער איז עס נישט געגאַנגען...

די יידישע קאַטאַסטראָפע „דאָרטן" האָט לכתחילה אַלע „דאָ" אויפּ־געשווידערט. מ'שעכט אויס ס'ביסל יידן, אייגענע, נאָענטע, לייבלעכע שוועס־טער־ברידער. ס'לעבן „דאָ" מיט דער מלחמה־פראָספּעריטי האָט אַלעמען פאַרפּעצט מיט שפע; די נערוון זענען געוואָרן אַ ביסל צוגעטעמפּט. דאָס טרויערן איבער יענע „דאָרט" האָט „דאָ" אַריינגעבראַכט וויטיקלעכע צע־שטרייטקייט אין דעם היגן זעטיקן שטייגער צוגעגעבן אַביסל פיינלעכע פי־קאַנטעריע. מ'האָט אָנגעפּילט די שולן, זיך אַראָפּגעדאַוונט פון האַרצן, פאַר־גאָסן אַ ביסל טרערן. אָבער ביסלעכווייז האָט דער טרויער־רייץ אָנגעהויבן

צו פֿאַרשווינדן. „דאָ״ קאָן נישט לאַנג געדייען קיין עצבות־צושטאַנד, ווייל אַלץ אַרום רופֿט צום לעבן. די שולן פֿון די באַזונדערע שטעט האָבן איינ־געאָרדנט טרויער־פֿאַרזאַמלונגען פֿאַר די קרבנות פֿון זייערע שטעט. אָבער שבעה־שטימונג פֿאָרט זיך עפּעס נישט מיטן היגן „אָקעי״. גאָר איינגיכן האָבן טאַקע די שולן צוריק אָנגעהויבן פּוסטעווען. מ׳האָט אָנגעהויבן ווערן גלייכגילטיק און די לאַנדסמאַנשאַפֿט־סאָסייטיס האָבן זיך ווידער אָנגע־הויבן פֿאַרנעמען מיט קראַנקן־בענעפֿיטס, בית־עלמן, קרקעות א. ד. ג. דער ענין פֿון די אייראָפּייאישע יידן איז געוואָרן „געטייבלט״, אַראָפּגענומען פֿון טיש... ווען עמיצער האָט פּלוצים דערמאָנט: „גע־וואַלט, וואָס שלאָפֿט מען? מ׳ליידיקט דאָרט אויס די שטעט פֿון יידן?״ האָט מען אים באַלד אָפּגע־פּטרט מיט אַ פֿאַרטיקן תּירוץ — „ווי לאַנג איז דער שיעור? ס׳קריכט שוין מיט זיי פֿון האַלדז״.

דער אויטאָר שמייסט אויף זיין שטייגער די „דאָיקע״ יידן פֿאַר זייער זיין אַריינגעטאָן אין אַ מגושמדיקן לעבן, פֿאַר זייער נישט ערלעכע באַצי־אונג צו די אומגליקלעכע „דאָרטן״. ער טוט עס אָבער נישט אַזוי „אָפֿן״ פּובליציסטיש, ווי אין אַ טייל דערציילונגען פֿון אַכטן באַנד. דאָ איז ער מער איינגעהאַלטן, בעלעטריסטישער.

אין דער שטיל האָבן מעגלעך יידן געזיפֿצט, געוויטיקט, אָבער צו־ליבן רוישיקן מסחר־געיעג און אויסטערלישן הו־הא־פּראָספּעריטי איז אַלץ פֿאַרדרעגט געוואָרן ערגעץ אין דער טיף. אָבער אַ פּנים אין דער נאַטור גייט קיין שום זאַך נישט פֿאַרלוירן. די פֿאַרדרענגטע געפֿילן פֿונעם כּלל האָבן זיך צונויפֿגעזאַמלט ביי אַ יחיד און זענען דורך אים אויף אַ היסטע־רישן שטייגער אַרויסגעבראַכט געוואָרן אויף דער אויבערפֿלאַך. ביי דעם אַ ביסל „צעדרייטן״ יחיד, האָבן זיך פֿאַרשאַרפֿט די וועלט־שפּירונגען און ר׳האָט באַקומען וויזיע. ר׳האָט דערזען די טיפֿע אָפּגרונטן, וואָס עפֿענען זיך פֿאַרן ידישן פֿאָלק. פֿון דעם איצטיקן מלחמה־גאַנג, וואָס רעגנט מיט פֿייער און שוועבל סיי אויף יידן, סיי אויף די יידנס שונאים, האָט ער בפּירוש אַרויסגעשפּירט איר וועלט־דערלייזערישע און ממילא פֿאָלקס־דערלייזערישע שליחות. ס׳האָט דעריבער אָנגעהויבן פֿון אים „עפּעס״ אַרויס־צו רעדן, ווי אַ „מגיד״ ביי אַ מקובל.

ווער איז אָט־דער יחיד? אַ פֿאַרדביקהטער ייד? אַ פֿאַסטער? איינער וואָס וויל דורך סגופֿים אין אַ לעבן פֿון קדושה זיך מתדבק זיין מיט ד׳־

הימלען? ניין, דאָס איז אַ פּשוטער ייד, אַ פּראָסטער, אַ חי־וקים, אַ באַרשטנ־מאַכער, וואָס וואוינט אין דער יידישער געדיכטעניש, זאַפּט אין זיך איין זייערע טאָג־טעגלעכע דאגות און האָפֿענונגען.

„אַ באַקאַנטער ייד מיט אַ פֿאַרשניטן בערדל, אַ שכן פֿון אַנטקעגנאַי־בער, וואָס פֿאַרקויפֿט באַרשטן, האָט פּלוצלונג געקריגן ס'לשון. ער האָט גערעדט פֿאַר פֿייער און וואַסער, געשיט מיט תורה, מיט רייד, וואָס מ'האָט זעלטן פֿון אים געהערט — און געגאַפֿט. אָט־דער באַרשטן־ייד, וואָס קאָ־טעוועט די ווייבער? און ס'האָט זיך ביי אים אויפֿגעמאַכט אַזאַ קוואַל? און פֿון וואָס? פֿון דעם וואָס מ'ברענגט דאָרט אום די יידן — געזאָלט ווערן אַזוי נתעלה? די שכינה אויף אים אַראָפּגענידערט? ער האָט אָפֿן געזאָגט, אַז די מלחמה איז אַ יידישע, און אַז אַמעריקע איז אַריין אין איר (וואָס צו אַ ייד אַ שוטה, האָט געקענט אַריין אין קאָפּ?) צוליב דעם קיום פֿון אונדזער אומה, אַז אונדזער פּנים זאָל, חלילה, נישט ווערן אָפּגעמעקט פֿון דער ערד..."

און מערקווירדיק, דעם באַרשטנמאַכערס שטימע האָט וואונדערבאַר גע־טראָפֿן צום נשמהדיקן פֿאָלקס־מענטש. ס'איז אויף אַ רגע פֿאַרטונקלט גע־וואָרן די אַמעריקאַנישע ניכטערקייט און דעם באַרשטנמאַכערס צעגליט וואָרט איז געוואָרן באַגלייבט ממש ווי אַ תּורה.

ס'פּלאָנטערן זיך צוויי פּעדימער. פֿון איין זייט שטייגט די מלחמה־פּראָדוקציע מיט סכּנת־נפֿשות; קינד און קייט איז אַריינגעטאָן אין די היציקע ביזנעס, אַלץ איז פֿאַרשמייעט. פֿון דער אַנדערער זייט ווערט מען אויפֿגע־ציטערט פֿון די וואָס אַמאָל שוידערלעכערע ידיעות וואָס קומען־אָן פֿון פּוילן. די שטעט ווערן דאָרט אויסגעליידיקט פֿון יידן. דער יידישער עולם אין אַמעריקע איז הילפֿלאָז. אי ר'קען זיך נישט אָפּזאָגן פֿונעם ביזנעס־יצר־הרע, אי ר'קען מיט גאָרנישט טרייסטן די פֿאַרפּייניקטע יידן אין פּוילן. אָט־די טאָפּלטע אוממאַכט שאַפֿט אַ ציניש־ווייטיקלעכע לאַגע, פֿון וועלכער ס'איז זיך נישט לייכט אַרויסצובאַקומען. איז ביים עקזאַלטירטן באַרשטנמאַ־כער ווידער אויפֿגעקומען אַ „משוגענער" געדאַנק — ער וויל זיין צו־זאַמען מיט די פּוילישע יידן בעת זיי גייען אין קאַלכאויוון אַריין. ער וויל מיט זיי זיין באַנאַנד אינעם אומגליק, בעת זיי גייען מקדש השם זיין. ער וועט זיך נישט לאָזן אַרויסשטויסן פֿון דער קדושה. דאָס וואָס ער געפֿינט זיך איצט אויף דער אַמעריקאַנער ערד און איז אויסגעהיט פֿון אַ טויטן־לאַ־גער, איז אַ ריינער צופֿאַל. ער האָט גריילעך געקאָנט פֿאַרבלייבן אין פּוילן,

דאָרטן אומקומען, און אנשטאט אים האָט דאָ, אויף די ניו־יאָרקער גאַסן, גאָר געקאָנט שפּאַנען אַ ייד, וואָס איז אַריינגעפאַלן קיין טרעבלינקע... ער מוז זיך פּסיכיש צונױפגיסן מיט די שטראַלנדיקע יידן פון טרעבלינקע און מיידאַנעק, מיטמאַכן צוזאַמען זייער יעטוועדן האַרץ שלאָג.

ווי־זשע מאַכט מען דאָס, ווען דער אַטלאַנטישער אוקינוס טיילט אים אָפּ פון פאַרפייניקטן יידיש פאָלק? — אָבער פאַר אַ הייסן באַגער איז נישטאָ קיין שום שטער. דער גייסט איז ביכולת צו באַזיגן די סאַמע ווייטסטע דיס־טאַנסן. מיטן כוח פון ווילן קאָן ער פון סעקאַנד־עווענױ ווי אַ געגאָפּלטער בליץ דערגרייכן צו די קאַלכאויאוונס אין טרעבלינקע. ער וועט ברוח זיך אָפּרייסן פון אַמעריקאַנער אַרום און במחשבה זיך איינגאַנצן איינלעבן אין יידיש פוילן, זיך ממש אידענטיפיצירן מיט די דאָרטן געטריבענע, געשענ־דעטע און דאָך שטראַלנדיקע יידן. ער וועט פון זיך אַפילו אַראָפּוואַרפן די אַמעריקאַנער בגדים און נעמען אויף זיך דעם טיפּיש יידיש־פוילישן לבוש. אפשר וועט ער דערמיט ביי די אַמעריקאַנער יידן וועקן ס'געוויסן לגבי די פוילישע יידן, ממילא לגבי זיך אַליין...

„בלויז דער באַרשטן־ייד איז געבליבן געטריי דער שול, זיין שטאָט און די יידן פון פוילן. ער האָט אויפגעהערט צו קאַטעווען די ווייבער מיט די באַרשטן און זיך אָנגעטאָן אַ לאַנגע קאַפּאָטע, אַזוינע ווי די יידן טראָגן אין פוילן, אַ קליין היטעלע אויפן שפּיץ קאָפּ, אַ פּאָר שווערע שטיוול, אַ ברייטן ארבע כנפות מיט ציצית ביז צו דער קני. און צו דעם הילך זיך שוין ממילא געלאָזט אָנוואַקסן אַ באָרד".

אַזוי זענען אויס אונדזערע זיידעס און טאַטעס, וואָס זענען איצט אי־בערגעענטפערט געוואָרן דעם דייטשן טייוול אין די הענט. ווען ער גייט איבער די גאַסן שוידערט ער אויף יעדן איינציקן, וועקט ווייטיקלעכע מחשבות.

„אַ יידינע פון פוילן געקענט געבן אַ שטעל־אָפּ צוליב דער קאַפּאָטע זיינער, קליינעם היטעלע און דער גרויער באָרד, ווי ער וואָלט אַ זעץ גע־טאָן איבערן קאָפּ מיט דעם און אויסשרייען: „אוי, טאַ־טעו!" ווי דאָס אָפּ־געוואוינטע און ווייטע, וואָס האָט געטליעט ביי איר ווי אונטער אַ קופּע אַש, וואָלט מיטאַמאָל אַראָפּגעפאַלן האַרט צו אירע פיס".

דער ייד אין דער פוילישער קאַפּאָטע מיט אַ היטעלע און ברייטלעך צעוואַקסענער באָרד איז בעצם געווען די געוויסן־אַרויסשטראַלונג פון דער פאַרטועענער ניו־יאָרקער יידישער באַפעלקערונג. ער איז אין די געדיכט־

באײדישטע איסט־גאַסן גיך געוואָרן אַ שם־דבר. אומעטום שאַרט ער זיך ווי אַ שאָטן וואו מ׳זייעט אים נישט, דאָרט וואַקסט ער אויס. צעווײנט זיך פּלוצים אַ צעווייטיקטע מאַמע, וואָס האָט באַקומען אַ ידיעה וועגן איר זונס טויט אויפן שלאַכטפעלד. ס׳זאַמלט זיך אַרום איר אַן עולם מיטזיפצער און מיטוויינער. פּלוצים באַווייזט זיך דער באַרשטן־ייד מיט אַ צעריסן פּנים און צעפּלאָמטע אויגן. ער שטראָפט דעם עולם: „וואָס איז ס׳געשריי אַזוי גרויס? זיי זענען בלויז געקומען אַהער אויף צו עסן, טרינקען און לעבן אַ גוטן טאָג? זיך איינקויפן הייזער? געשעפטן? און נישט געוואוסט, אַז מ׳וועט אויך דאַרפן געבן מעשר? וואָס איז דאָ ס׳געשריי אַזוי גרויס?״

דער באַרשטנמאַכער איז אין פאָלקס־מויל מגולגול געוואָרן אין אַ כמו־מיסטיש געשטאַלט. מ׳האָט געגלייבט, אַז פון זיין באָרד שפּריצט פייער. ער ברענגט אויך זיין פלאַם אין שול אַריין. נישט נאָר פאַר יידן האָט ער געהאַט שטראָף־רייד, אויך פאַרן רבש״ע האָט ער געהאַט גאָר האַרטע דיבורים, זיך מיט אים געקריגט, הלמאי ער פּרואווט אַזוי שווער זיין פאָלק ישראל.

„וואו וועט ער נעמען אַנדערע יידן, אַז ער וועט די לאָזן פאַרשניידן? ווער וועט זיך וועלן צו אים צוהערן אין אַ וועלט פון כולו רוצחים? און באַלד וועט ער קריגן בעלנים, וואָס זאָלן וועלן זיצן און לערנען זיין תורה? וואו וועט ער זיי גיין אַרומזוכן צווישן די פּוילישע פּויערים? רוסישע כאַכלעס? מאָלדאָוואַנער אין רומעניע? אונגאַרישע ציגיינער? ס׳וועט באַלד אימיצער פון זיי וועלן זיין ווי די צאן קדשים? וואָס וועלן זיי טון מיט די שענקען? — זיי פאַרברענען? אָדער אויסטוישן דאָס פּלעשל אויף אַ בלאַט גמרא?״ און באַלד האָט די באָרד גענומען אַזוי רודערן, אָנגענומען אַזאַ געראוויש ווי פליגל זאָלן פאָכן...״

גראַד אינעם פּראָסטן באַרשטנמאַכער, וואָס האָט אַמאָל געשלאָגן די ווייבער, האָט ס׳אומגליק אויפגעוועקט דאָס עסענציאָנעל־יידישע, וואָס לעבט אין די פאָלק־טיפענישן. די בלוטיקע טראַגיק פון אַ פאָלק, וואָס געפינט איר פירשפּרעכער אין דער „צעצונדענער באָרד״, וועלכע טענהט זיך אויס מיט כביכלן וועגן די גרויזאַמע פלאָגענישן מיט וועלכע ער פאַרפייניקט זיין אויסדערוויילט פאָלק, איז אין דעם פאַראַן שוידערלעכער ווייטיק, אָבער אויך נאַיווער פאָלקס־חן.

דאָס מאָל האָבן מיר שוין נישט צו טאָן בלויז מיט אַן איינזייטיק שאָטנהאַפטיק שילדערן ס׳איסט־לעבן, נאָר אויך מיט פּאָזיטיוו־ליכטיקע שטריכן פון יידישער דערהויבנקייט. אַוודאי איז זיך נישט צו באַפרייען פון דעם

איינדרוק, אַז אין דער „באָרד" שטעקט משיחישע אָדער גאָר נביאישע סטי־ליזאַציע. אָבער עמיצער האָט אַמאָל געזאָגט, אַז סטיליזאַציע באַטייט נישט קיין ליגן, נאָר אַ קאָנטראַסטירטער אָרט באַווייזן דעם אמת...



„דאָ און דאָרטן" איז בעצם אַ רעאַליסטישע דערציילונג, געשריבן זויבער אַן די פֿריערדיקע שפּראַך־גרילציקייטן, הגם מיט דער זעלביקער פֿריערדיקער סינקטאַטישער צעשויבערטקייט. ער איז ווייטער קריטיש־שנייַדיק ביים אַרויסברענגען די חסרונות פֿון די איסט־סיידער יידן. ער וואַרפֿט זיי כּסדר פֿאָר, אַז זיי זענען צופֿיל פֿאַרנומען מיט זיך, האָבן נישט קיין געדולד מיטצולעבן מיט יענעמס אומגליק. בנוגע דער אַלטער היים, זענען זיי מיט איר פֿאַרבונדן מער לויטן זכרון, איידער מיטן געפֿיל. דערפֿאַר דאַרף מען זיי כּסדר דערמאָנען...

אין די פֿריערדיקע אַמעריקאַנישע דערציילונגען איז בימקאָם דעמאָס־קירונג אָפֿט שאַרף־ברוטאַל. דאָ איז ער, הגם געגנוג אימפּולסיוו, דאָך מילדער, אינטימער און ממילא — עכטער. אַוודאַי איז דאָ נאָכנישט פֿאַראַן יענע איידעלע נחתדיקייט, וואָס עס פֿאַרלאַנגט זיך פֿון אַ רייפֿן קינסטלער. אָבער צוריקגעשמועסט — צי קאָן מען דאָס פֿאָדערן פֿון איינעם, וואָס שרייבט ביים אָפּשיין פֿון די טרעבלינקע־פֿלאַמען?... ביים שילדערן די חורבן־איבערלעבענישן ביי מענטשן, וואָס דאַרבן דאָ, קאָן פֿאַר אַ יידישן שרייבער באַין־אופֿן נישט גילטן וואַרדסוואַרטס באַקאַנטע קריטעריע פֿאַר קונסט — „עמאָציעס אויפֿגעלעבטע אין באַרואיקטקייט". די עמאָציעס זענען דאָ אַרויסגעבראַכט געוואָרן נאָך אין אַ געגנוג קאָכיקן צושטאַנד, און וועגן פֿולשטענדיקער באַהערשטקייט, שילדערישער מנוחהדיקייט, קאָן נאָך דערווייל נישט זיין קיין מדובר.

יאָ, ס'איז שוין געזאָגט געוואָרן, אַז מיט דער אַלטער היים לעבט מען שוין דאָ נישט לויטן געפֿיל, נאָר מיט זכרון. דער זכרון לאָזט זיך אָבער בטבע נישט צופֿיל אויסנוצן, ממילא דאַרף מען אים נאָכאַנאַנד מינטערן. מ'דאַרף דערצו נוצן אויסטערלישע רייץ־מיטלען...

ס'געדענקען זיך די אַמאָל שטאַרק־באַלעבטע וואַרשעווער יידישע גאַסן. הונדערטער באַקאַפּאַטעטע, באַבערדיקטע, באַפּאהטע און באַלייבטצודעקלטע יידן־פֿאַרקויפֿער פֿלעגן אין מיטנגאַס שטופּן זייערע חסדלעך־וועגעלעך, אַנ־

געפּראַפּטע מיט כּלערליי פּראָדוקטן. זיי פֿלעגן הייזעריקלעך אויסלויבן זייערע סחורות און ברייטלעך איינלאַדן קונים. מענטשן, טאָג־איין טאָג־אויס איינגעווייִנטע מיט דעם בילד, האָבן זיך אויף זיי אַפֿילו נישט אומגעקוקט. ביז ס'האָט זיך געפֿונען אַ פּיפּיקער „חסדל״, וואָס האָט זיך מעשה פּורים „אויסגעשליירט״ אין אַ צילינדער, פֿראַק, שטיף העמד, פֿאַרביקן קראַוואַט א. ד. גל. און אין אַזאַ „הילוך״ געשטופּט ס'וועגעלע איבער די בלאָטיקע שטיינער. דאָס האָט גערוסן די אויגן ביי די דורכגייער; יידן האָבן זיך אָפּגעשטעלט און דעם „צילינדער״ געגעבן צו לייזן געלט... ער האָט געזשאָבעט... בעתן באַדינען די קונים האָט דער „צילענדער״ געהאַט אַ טויט־ערנצטע מינע, אָבער ביי זיך אין האַרצן האָט ער געלאַכט פֿון דער „קלוגער״ וועלט, וואָס קאָכעט זיך אין מאַסקאַראַדן...

אויף די ניו־יאָרקער גאַסן האָט מען געקאָנט זען ס'זעלביקע „שפּיל״, נאָר מיט מער טראַגישקייט און לויט אַ קאַפּריערדיקן רעקוויזיט. גלאַט־ראַזירטע און פֿיין־געקליידעטע יידישע דזשענטל־לייט האָבן טאָג־איין טאָג־אויס געלייענט אין די צייטונגען ידיעות וועגן אומברענגען יידן אין אייראָפּע. פֿון אָנהייב איז מען דערפֿון געוואָרן אויפֿגעטרייסלט, נאָכדעם האָט מען זיך ביסלעכווייז צוגעוואוינט און דערוועגן פֿאַרגעסן. די יידישע גאַסן האָבן דאָ גיך צוריקבאַקומען זייער נאָרמאַל פּנים. איז פּלוצים געקומען אַ ייד, אַ באַרשטנמאַכער, אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די אַמעריקאַנער קליידער, זיך „פֿאַרשטעלט״ פֿאַר אַ פּוילישן ייד מיט אַ קאַפּאָטע, קאַשקעטל, ארבע כּנפֿות און דערמיט גערוסן די אויגן ביי די גלאַט־ראַזירטע דזשענטל־לייט. די „באָרד״ האָט זיי אַרויסגעריסן פֿון גלייכגילט, דערמאָנט וועגן דעם וואָס עס קומט פֿאָר מיט יידן אויף יענער זייט ים.

דער „צילענדער״ האָט טיף אין האַרצן געלאַכט פֿון זיינע קליענטן. די „באָרד״ ווידער האָט מסתמא אין זיך ביטער געוויינט איבער זיינע פֿלאַטאָנישע קאָסטימער... דער „באָרדס״ צוקן און ספּאַזמען זענען די איסט־סיידער שאַנד... דער וואַרשעווער „צילינדער״ איז אַ אומעטיק־פֿאַרסישער־אָנשטעל, די ניו־יאָרקער־„באָרד״ איז — גורל־שווידער...

בימקאָ איז אין תּוך אַ רעאַליסט, און ווען ער פֿירט אַרויס אין זיינס אַ רעאַליסטישער דערציילונג דעם צעפּלאָמטן באַרשטנמאַכער, איינעם, וואָס אַנטלויפֿט פֿון דער ווירקלעכקייט און לעבט מיט זיינע אילוזאָרישע זעאונגען, איז דאָס נאָכנישט קיין מיסטיק. גיכער קאָן מען דאָס באַטראַכטן ווי אַ רעאַליסטיש־סימבאָלישן אָפּווייך. דער באַרשטנמאַכער, ווי אַן אימאַגינירטער

זעער וואַקסט אוממיטלבאַר אַרויס פֿון דערווירקלעכקייטס־פֿאַנטאַזיע. מיס־טיק לעבט אָבער ס׳רוב אין זכות פֿון איר אייגענער אירראַעליטעט; קוים לאָזט זי זיך אויסטוישן אויף רעאַליטעט און פֿאַרלירט איר אירראַעלן זכות־הקיום, הערט זי שוין ממילא אויף צו זיין מיסטיק. אַנדערש אַז עס מיטן האַלו־ציגירטן באַרשטנמאַכער. ער שטייגט אַרויס עפּעס ווי אַן איבערבוי אויף די ממשותדיקע געשעענישן, פֿאַרוואַנדלט אין אַ סימבאַליזירטע רעאַליטעט. קוים נעמט מען ביי אים אַוועק דעם רעאַליסטישן אונטערבוי, ווערט זיין וויזיע אינ־גאַנצן אויסגעלאָשן. צוליב די זעלביקע רעאַליסטישע טעמים קאָן זיין פּלי נישט זיין צו הויך; זיין געשטעל איז טראַגיש־גראָטעסק און זיין גביאיש־משיחישע „פּראַקטיק״ איז — מעלאָדראַמאַטיש. דאָס איז אָבער אַ מעלאָדראַ־מאַטישקייט געוויקלט מיט קדושה, פּיין און שגעון.



דער גאַנצער סכום אַלגעמיין־יידישע אידייען, וואָס ווערט דראַמאַטיש אויסגעפּעכט אין „דאָ און דאָרטן״, איז שילדעריש באַזירט אויף אַן אינטים־יחידיש לעבן פֿון אַ יידישער אימיגראַנטישער משפּחה. דער קליינער שמחה בינעם, אַ חסידישער בחור, איז צוזאַמען מיט אַנדערע יידן געקומען קיין אַמעריקע. פֿון זיין רוישיקער משפּחה זיידעס, באָבעס, עלטערן, פֿעטערס און מומעס האָט ער איינער זיך אָפּגעריסן פֿון דער אַלטער גזע, געפֿאָרן איבערן ים, כּדי אין דער נייער וועלט זיך אויסבויען אַ נייער היים. איז אים פֿון אָנהייב אַלץ אָנגעקומען שווער, זיך געוואַלגערט צווישן פֿרעמדע, גע־שפּירט זיך עלנט און שטאַרק געבענקט אַ היים.

„די בליטן אין אים האָבן פֿון דעם נאָך מער זיך צעיושעט, פּונקט ווי ביי איינעם, וואָס ס׳קומט אים שווער אָן אַ גוט באַטעמטער ביסן, און ער רופֿט אַרויס אָן אַ שיעור כוחות — אים צו קענען אַראָפּשלינגען. די אויס־געצויגענע לויזע הערעלעך, וואָס זענען, געוויינטלעך, ביי אַזאַ יינג בחורל אַ זעלטנקייט, — זענען ביי אים אויפֿן קאָפּ געקראָכן אַהערצו, אַהינצו ווי לעבעדיקע. אין די אויגן — אַזוינע העלע בליקן, וואָס לויכטן אויף אַלץ אינ־איינעם, גליען, שפּריצן מיט פֿונקען. די אָרעמס ציען זיך ווי ביימלעך אויפֿן ווינט, ווילן אימיצן אַרומנעמען מיט גליענדיקער בענקשאַפֿט, נאָך איידער מ׳איז ערגעץ דערפֿאָרן, ביז ס׳נעמט אים שפּאַרן אַ קינדיש ווינען — אוי ווי שווער ס׳איז צו זיין עלנט און אַליין״.

ר׳האָט זיך דאָ ווי ס׳איז איינגעאָרדנט, חתונה געהאַט; מיט דער צייט האָט ס׳ווייב אים געשאָנקען צוויי קינדער — אַ זונעלע מיט אַ טעכטערל. געזעלשאַפטלעך האָט ער זיך באַלד איינגעגלידערט אין דער היימישער, לאַנדסמאַנישער סביבה. ס׳גאַנצע יידיש לעבן אין אַמעריקע איז צעקעסטלט אויף לאַנדסמאַנישע סאָסייטעס, שולן און בתּי עלמנס: „אנשי מעזריטש״ „אנשי קויל״ „אנשי צויזמער״ א. א. וו. אין די ערשטע יאָרן איז ער זעליש ווי מיט אַ נאָפּל־פּאָדעם געווען צוגעבונדן צו דער אַלטער היים, געלעבט כסדר מיט היים־טראַכטענישן און היים־חלומות. אָבער מיטן פּונאַנדערוואוקס פונעם אייגן משפּחה־לעבן, איז ס׳בילד פון דער היים געוואָרן וואָס אַמאָל בלאַסער און בלאַסער. ער האָט נישט געוואָכט אינטים איבער זיינע קינ־דערס דערציאונג, זיי געלאָזט גיין אין די אַלגעמיינע סקולס און ווייטער זיך מיט זיי נישט אינטערעסירט. ר׳איז געווען אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין מסחר און גאָרנישט געשפּירט ווי זיין השפּעה איבער די אייגענע קינדער גליטשט זיך אים אַרויס פון די הענט. דער זון איז הויכוויקסיק, ברייט־פּלייציק־גויש, ממש „אַן עשו אין דער משפּחה״, די טאָכטער איז קליין און שמאָל, אַ דראָבנע פּיצל. ביידע הויזן נישט גייסטיק אין דער היים...אָבער אין מלחמה־צייט איז דער זון סעם געוואָרן יידיש אויפגעוועקט; ער איז מיטן גאַנצן ווילן אַריינגעטרעטן אין דער אַרמיי כּדי נקמה צו נעמען פאַר יידישע עוולות. ס׳מיידל האָט ווייטער געלעבט מיט די געדאַנקען פון בראָדוויי; אין דער היים איז נישט היימלעך... פון פראַנט איז געקומען די ביטערע בשורה, אַז סעם איז געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד. דער נאָמען פון געפאַלענעם ווערט אויפן טאָוול באָערט מיט אַ גאָלדענעם שטערן. בימקאָ דערציילט דערוועגן מיט אַ בייסיק שמייכעלע:

„דאָס גאָלדענע שטערנדל באַקומט איצט סעמי, דער יידישער בחור פון דער גאַס. דאָס איז שוין דאָס דריטע. דאָס ערשטע האָט אויסגעכאַפּט דער פּוילישער וואַצעק־פּלאַצעק, אין אים האָט זיך מתקנא געווען דער איטאַליענישער טאָני אַרינאַני. איצט קען אויף דער גאַס איינער אויפן אַנ־דערן נישט האָבן אַ שלעכט האַרץ — דער איטאַליענער אויפן פּאָליאַק, צי דער פּאָליאַק אויפן ייד. אַז ס׳האָט דאָ ווער וועמען אונטערגעשטעלט אַ פיסל״.

שמחה ביגעם איז פון זונס העלדישן טויט געוואָרן אינגאַנצן איינגע־בראָכן, נישט געזען פאַר זיך קיין שום ציל אין לעבן. ער האָט לכתחילה גע־מיינט, אַז ער וועט דאָ ווייטער קענען פלעכטן די רינגען פון זיין אַלט־יחוס־

דיקער משפּחה. גאָט האָט אים געגעבן אַ זון, וואָס איז אין קעגנזאַץ צום קליינעם טאַטן, געווען הויכוויקסיק און ברייט־ברוסטיק. איצטער איז ער פֿון דער אַלטער היים געוואָרן אָפּגעשניטן גייסטיק און פֿיזיש.

„... אַ זון, וואָס מיט אים האָט ער געזאָלט די זכיה האָבן — זאָל זיך אָנהייבן אַ נייער דור, אַ דור מיט ברייטע פּלייצעס, אומגעלייגטע האָר אויפֿן קאָפּ, דעם זיידנס מסירת־נפֿש און ווער ווייסט וועמענס גבורה... און ס'איז נישט געווען באַשערט, אַז דער נייער דור זאָל פֿון אים אויפֿגיין... גאָט דער לעבעדיקער ווייסט, צי ער וועט נאָך בכלל אויפֿגיין?...״

שמחה בינעם האָט זיך געשראָקן, מעגלעך, אַז ער האָט זיך מיט עפּעס פֿאַרזינדיקט, געהאַלטן אין איין בעטן ביי די קונים מחילה — „אויב כ'האָב וועמען עס איז פֿון אייך אַ רעה געטאָן זאָל עס מיר נישט גערעכנט ווערן״.

געבליבן איז שמחה בינעמען בלויז ס'טעכטערל, וואָס געפֿינט נישט קיין מנוחה אין דער היים. זאָל דאָס טאַקע זיין די איינציקע טרייסט זיינע? — ס'מיידל האָט זיך צעבליט, זיך אָנגעהויבן פֿרייען מיטן לעבן, ביז דער פֿאָ־טער האָט דערזען „זיין קינד ביי דעם יונג אויף דער קני״. ער איז געוואָרן אויפֿגעצעטערט; זאָל שוין דערמיט האָבן געקומען זיין סוף? — „דו, אַ יידיש קינד... וואָלף בריזערוועס אייניקל... צו דיין זיידן אויפֿן קבר קומען יידן לייגן קוויטלעך... און ער?... אַ יונג פֿון דאַקאָטע... פֿון ערגעץ אַ בלאָטע...״

בימקאָ באַנעמט צאַרט די אויפֿגעקומענע לאַגע און פֿול מיט פּיעטעט צו די פֿאַרגאַנגענע יידישע דורות שילדערט ער ווי עס רייסט זיך אָפּ דער לעצטע רונג, ווי מ'פֿאַרלירט דעם באָדן אונטער די פֿיס. אויב ביז אַהער האָט ער שמחה בינעמען געזען מער פֿון דער שאָטנדיקער זייט, זעט ער אים אַצינד — אונטער דער משא פֿון אומגליק — אַ דערהויבענעם און געליי־טערטן. שמחה בינעם זעט זיך אָן אויסגעהוילטן, ווייל די יידישע וועלט גייט פֿאַר אים אונטער. די אבות פֿאַרברענט, דער זון דערהרגעט אין דער מלחמה מיט עמלקן, די איינציקע טאָכטער איז איבערגעגאַנגען אין פֿרעמדן לאַגער. ער איז געבליבן הענגען אינדערמיטן אָן אַ צוריקבליק צום נעכטן און אָן אַן אויסבליק צום מאָרגן.

„דאָרט איז שוין מער קיינער פֿיליכט נישטאָ, און דו ביזט די איינציקע פֿון אונדזער גזע. גייסט אָפּשניידן מיט זיך דעם לעצטן זכר פֿון אונדז, אַז ס'זאָל קיינער נישט זיין? קיינער מער נישט זיין?...״

דאָס איז דער אידייאישער אַקאָרד פֿון דער קרעפֿטיקער דערציילונג, וואָס האַלט דעם לייענער אין כסדרדיקער געשפּאַנטקייט מיט דעם בילדעריש

שילדערן, לעבהאַפטיקן דיאַלאָג און אַריינדרינגלעכן דערציילערישן טאָן. און איבער אַלעם שוועבט דער ווייטיק און בענקשאַפט נאָך דער פאַרלענדטער פאַרביקער יידישער וועלט אין פוילן. אויפן גרונט פונעם טראַגישן צוזאַ־מענשפיל צווישן אויסגעלאָשענעם „דאָרטן" און גייסטיק צאַנקנדיקן „דאָ" טיילט זיך אויס דער פיינפולער עלנט פון אַ פאַרלוירענעם דור, וואָס וואָגלט גייסטיק איבער דער וועלט. אַן אבר מדולדל, וואָס קען זיך אין ערגעץ נישט איינפליישן.



מיר פֿאַרהאַלטן זיך ביי דעם אַכטן באַנד פֿון פֿ. בימקאָס „געקליבענע שריפֿטן", וואָס איז דערשינען מיט אַכט יאָר צוריק (דער ניינטער און צענטער באַנד נעמען אַרום נאָוועלן געשריבן אין פוילן נאָך בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה) און ביי דער דערציילונג, וואָס איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן מיט אַ יאָר צוריק. אָבער דאָס הייסט ווייט נישט קיין אונטערציען די לעצטע שורה פֿון פֿ. בימקאָס שאַפֿן. ער האָט אַ סך ליגן אין מאַנוסקריפּט, נאָכנישט פֿאַרעפֿנטלעכט, ממילא שעפּט אונדזער באַשיידענע אַרבעט ווייט נישט אויס זיין ביזאיצטיקן שרייבערישן „דאָראָבעק". יעדנפֿאַל קאָן מען פֿון דעם שוין פֿאַרעפֿנטלעכטן זען, אַז אונדזער אויטאָר פֿאַרנעמט אַ חשוב אָרט אין דער ידישער ליטעראַטור. חוץ דעם איז פֿ. בימקאָ איצט אין סאַמע שאַפֿערישן ברען און ס'איז נאָך פֿון אים פֿיל צו דערוואַרטן. הלוואַי זאָלן אונדזערע דערוואַרטונגען מקוים ווערן.

ניו־יאָרק, תשרי — תש"י

ווענן אַלע ענינים אין שייכות עסיי־ביבליאָטעק
שרייבט אויף דעם פֿאָלגנדיקן אַדרעס :

**GERSHON POMERANTZ**
**206 SPADINA AVE.**
**TORONTO, ONTARIO**
**CANADA**

דערשינען אין
„גרשון פּאָמעראַנץ
עסיי־ביבליאָטעק"



„יוסף אָפּאַטאָשוס גאַנג"
פון ב. ריווקין
צוויי און זיבעציק זייטן



„פדיון־השם"
פון לעאָ פֿינקלשטיין
הונדערט און אַכט זייטן



„ידיש און ידישקייט"
פון יוסף אָפּאַטאָשו
הונדערט זייטן



„דאָרטן און דאָ"
וועגן דערציילער און דראַמאַטיקער
פּ. בימקאָ
פון לעאָ פֿינקלשטיין
הונדערט און פיר און ניינציק זייטן

**LEO FINKELSTEIN**
**'THERE AND HERE'**
**(Essay)**
**The Novelist And Dramatist, F. Bimko'**

●

Published by
**GERSHON POMERANTZ**
Essay-Library
Toronto, January 1950
**ONE HUNDRED AND NINETY FOUR PAGES**

●

Printed in Canada by

Pomer
**Publishing & Printing Co.**

GERSHON POMERANTZ
Proprietor

206 Spadina Avenue
Toronto 2-B, Ont.


36